# א בריק איבערן אטלאנטיק

## דערציילונגען

פון

## פסח מארקוס

פארלאג
א. בידערמאן
ניו יארק.

# A BRIDGE OVER THE ATLANTIC

*By* PIESACH MARKUS

I. BIDERMAN, *Publisher*
176 Second Avenue
New York City






*Printed by the* Jersey Printing Co.
Bayonne, N. J.

# אינהאלט

# „ווייס בלוט"

א קליין שטעטל אין דער וועסט, כמעט גאָר קיין שטעטל ניט, גיכער א דאָרף, אָבער גלייך באם אריינפאָר שטייט בייכיג אויס־געשטעלט א גרויסער און שיין־געפּאַרבטער שילד מיט קלאָרע לייכטנדיגע אותיות:

"סיטי אוו אָוקלענד" — די שטאָט אָוקלאַנד.

די מענטשן פון די עטלעכע צוואָרפּענע הייזער האָבן ניט געוואָלט וואוינען אין א דאָרף און הייסן דאָרף־מענטשן. ארויס־קלייבן זיך פון דאָרט האָבן זיי ניט געקאָנט און ניט געהאַט קיין חשק. די רייכערע האָבן געוואָלט אויך שפּילן זיך אין טיטלען, וואָס נאָר א שטאָט קאָן האָבן און געבן.

— איך בין מעיאָר פון אָוקלאַנד!

זיינען זיי אוועקגעפאָרן אין דער גרויסער שטאָט, אין סטייט־קעפּיטאָל, געמאַכט בעלער פּאַר וועמען מען באַדאַרף, מיט א צוזאָג זיי אָפּצוגעבן אַלע „שטימען". זיי זיינען געקומען צוריק מידע פון גרויס־שטאָטישן טומל און די שפּעטע נעכט, דערפאָר מיט'ן נאָמען שטאָט.

די שטאָט אָוקלאַנד האָט אויסגעזען אזוי:

אין סאַמע מיטן שטאָט — א באַרג, אויבן א שיין צעפּאַרבטע שטוב מיט ביינק אַרום, אף וועלכע עס זיצן תמיד מענטשן, שמועסן און קייען טאַבאַק מיט הנאה און שפּייען אריין אין הילצערנע, גרין־געפּאַרבטע קעסטעלאַך. דאָס איז דער „סיטי האָל" (ראַט־הויז). רעכטס פון באַרג לויפט אַרונטער א גאַס מיט שיטער־צעשפּרייטע הייזער, אַלע פּאַררוקט אין דער טיף און האָבן שיין־צעוואַקסענע בוימער פון פּאָרנט. לינקס ציט זיך אַוועק א גאַס א לאַנגע, וואָס האָט פון ביידע זייטן א שערענגע סלופּעס מיט עלעקטרישע לאַמפּן. די גאַס רופט זיך ווי אין אַלע שטעט:

„מעין סטריט”. און דאַ ציען זיך אַלע געשעפטן: אַ לאַנגע שטוב מיט אַ גרויסן שויפֿענצטער, וואו ס'איז אויסגעשטעלט אַלץ וואָס די קראָם האָט צו פֿאַרקויפֿן און נאָך מער... ווי זי וואָלט וועלן ווייזן, אַז זי פֿאַרדינט מיט רעכט דעם נאָמען, וואָס זי טראָגט מיט באַגילדעטע אותיות: „דעפּאַרטמענט-סטאָר”. ווייטער, אַ אייזנוואַרג געשעפֿט. דאָרט איז אויך דער פּאָסט־אָפּיס — און דער פֿאַרשמירטער אייזנהענדלער איז טאַקע דער „פּאָסטמייסטער”. נאָכדעם קומט אַ רעסטאָראַן, אַ „מוּאווי”, באַהאַנגען מיט שרעק־לאַכע בילדער, ווי פֿאַרמערס יאָגן זיך נאָך מערדער און ווי אַ מיידל ווערט געטראָגן אַ פֿאַר'חלש'טע, אַף די הענט פֿון אַ שיינעם געזונטן בחור און וועלף בייזע לויפֿן נאָך, און אָט־אָט, דוכט זיך, כאַפּן זיי זי, מיט די אויסגעשטעלטע שאַרפֿע ציין. באַם סוף גאַס אַן אַפּטייק און מער גאָרניט! אַ באַן־ליניע אַ גלאַנציגע, — וואָס זעט אויס ווי מען וואָלט געהאַלטן אין איין פּוצן בלויז דעם אויבערשטן שאַרף און פֿאַרגעסן די פֿאַרראָסטעטע זייטן, — שלייכט זיך דורך האַרט און שטייף מיט הויב־שטאַנגען פֿון ביידע זייטן, ווי געזאָגט:

— געגנוג, פֿאַר דיר, שטאָט!

די באַנען, וואָס לויפֿן איבער דער באַן־ליניע, פֿליען דורך שנעל און בטול'דיק, פֿאַרגעסן אַמאָל אַפֿילו אַ פֿייף צו טאָן. דערפֿאַר די פֿראַכט־צוגן, מאַנעווורירן הין און צוריק פֿויל און שלעפּערדיק שעה'ען־לאַנג, ווי זיי וואָלטן זיך געשפּילט אין שטופּעניש און קלאַפּעניש. זיי מאַכן זיך אַפֿילו ניט הערנדיק און ניט ווויסנדיק, וואָס די מענטשן פֿון שטאָט אָוקלאַנד, שטייען מיט זייערע אויטאָ־מאָבילן פֿון ביידע זייטן און בלאָזן די האָרנס ביז הייזעריגקייט. די באַנען גייען אַוועק ערשט דעמאָלסט, ווען זיי אַליין דערעסט דאָס שפּיל און די הויב־שטאַנגען הייבן זיך ווידער אויף, אַזוי פּאַמעלאַך און פֿויל...

אַף דער אַנדער זייט באַן־ליניע זיינען דאָ נאָך הייזער און גאָר אַ סך; זיי זיינען אָבער אַלע קליין און צונויפֿגעפּאַקט. דאָרט וואוינען די אָרעמע מענטשן פֿון שטאָט. די קוילנגרעבער פֿון די

גרויסע קוילן־גרובן, און די פּאָמפּעס פון די אויל־פעלדער. און אַן אַ זייט פון זיי, אָפּגערוקט, שטייט אַ כאַפּטע נעגערשע שטיבלאַך.

די מענטשן פון די אָרעמע הייזלאַך, כאָטש זיי וואוינען זייט בא זייט מיט די שווארצע, האָבן זיי פיינט זייערע שכנים, די נעגערס, ווי עס האָבן זיי פיינט די אַלע ווייס־הויטיגע מענטשן אין דער וועסט.

— שוואַרצע טייוואַלים!

זיי גלויבן, אַז דאָס האָבן די נעגערס געבראַכט די שלעכטע צייטן אין לאַנד. ווייל זיי אַרבעטן כמעט פאַר אומזיסט. „ווארום וואָס״, טענה'ען די ווייסע, „דארפן זיי? עטלאַכע דאָלאַר צו שפּילן „קרעפּ״ און טרינקען „מון־שיין״ (סאַמאַהאָן).״

און ניט נאָר בייז זיינען זיי אַף די שוואַרצע, נאָר אויך אייפערזיכטיג. זיי טראַכטן:

— די שוואַרצע טייוואַלים פאַרנעמען די בעסטע שטעלעס. זיינען די שאָפערס בא די רייכע און פאַרטערס אין די האָטעלן, און ווען דער פולמאַן־צוג פאָרט דורך — זעט מען זיי אויסגעפּוצט אין ווייסן, אויסגעוואַשענע, שטייענדיג אַף די פּלאַטפאָרמעס און לאַכן מיט אַ קוויטשעריי...

קוקט עס די ווייסע אוים, ווי אַ צו־להכעים־שפּיל פירט מען דאָ מיט זיי. די ווייסע, האַלט מען פון פרימאָרגן ביז שפּעט אין אָוונט פאַרשפּאַרט אין די קוילן־גרובן, אין איין פאַרשוואַרצן, און די שוואַרצע האַלט מען אין איין וואַשן... און טאָמער נעמען די ווייסע און פאַר'עקשנ'ען זיך, ווילן מער אין קוילן־גרובן ניט קריכן, פּוצן זיך אוים אין די זונטאָג־בגדים און זעצן זיך אוים אַף די ביינק אַרום „סיטי האָל״, הייננען באַלד אַלע סטאָרס אַרוים שילד־לאַך: קיין קרעדיט, בלויז מזומן!

די ווייסע זעען אָבער ניט, צי זיי ווילן ניט זען, אַז ווייסע פירן אָן דעם שפּיל, און די שוואַרצע זיינען בלויז אין שפּיל. דערפאַר טוען די ווייסע, די שוואַרצע צו־להכעים און לאָזן זיי ניט צו אין די קוילן־גרובן.

ווערט אָבער פון דעם צו־להכעיס אַ צעפּוקעניש פאַר די ווייסע.

שוואַרצע זיינען דאָ אין שטעטל אַלטע, טאַקע מיט שניי־ווייסע האָר, ווי געקאַלכטע שטיינער און ווייסע בערדלאַך שאָקלען זיך אונטער שוואַרצע מאָרדעס, אָבער ווייסע, אמת׳ע ווייסע, קיין איינער מיט אַ ווייסער קאָפּ — אַלע, אַלע... שוואַרצלאַך.

די שוואַרצע זיינען שטענדיג מונטער, פריילאַך, הויבן די פיס גיך און שנעל, ווי צום טאַנץ געגאַנגען, די גאַנצע בייזקייט נאָר אין די גראָבע ליפּן. אַזוי האַלטן זיי נאָר אין לאַכן, אָן אָפּהאַלט, ווי עמיצער וואָלט געשטאַנען הינטער זייערע פּאַכוועס און געקיצלט, אָדער דאָס געלעכטער וואָלט געלאָפן אַ גרויסן באַרג אַראָפּ.

די ווייסע זיינען שטענדיג אומעטיג, בלויז אין די זונטאָגס צעשיינען זיך זייערע פּנים׳ער. עס האַלט אָבער אָן נאָר אַ קורצע צייט, ווי די זון אין אַ פראָסטיגן טאָג. מען דאַרף גיין אין קלויסטער. און אָט איז שוין אָוונט, און מען דאַרף קריכן אין די בעטן, כדי צו קאָנען פרי אויפשטיין צו דער אַרבעט. אַ גאַנצע וואָך ליגט מען אָפּ יעדן טאָג אין די קוילן־גרובן און אין די אָוונטן און אין די באַגינענס האַלט מען גאָר אין איין קריכן ווי נאַכט־ווערים מיט די קאַראַביד־לעמפּלאַך פון דער אַרבעט און צו דער אַרבעט.

דער כעס און דער אייפערזיכט צו די שוואַרצע האַלט באַ די ווייסע אין איין זידן, אָבער אַלץ אין זיך. די שוואַרצע באַמערקן עס, ווייל אין דער אמת׳ן אין דער כעס גאַנץ אויבנאויף. די ווייסע האָבן ניט קיין געלעגנהייט צו ווייזן ווי ווייט זייער כעס דער־גרייכט. די שוואַרצע מאַכן זיך ניט ווי־סנדיג, ווי זיי וואָלטן ניט פאַרשטאַנען, אָבער זיי האָבן שטענדיג אין די קעשענעס גרייט שאַרפע ראַזיר־מעסערס און זיי וואַרטן...

אַ קוילן־גרוב איז איינגעפאַלן און פאַרשאָטן אַ דרייסיג „פאַר־שוואַרצטע” ווייסע מיט זייערע קאַראַביד־לעמפּלאַך. די נעגערס, צי זיי האָבן געוואָלט נעמען נקמה פון די ווייסע, וואָס האָבן זיי ניט אַריינגעלאָזן אין די קוילן־גרובן, אָדער אפשר סתם אַזוי, ווי

אין אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר, ווען נאָר די זון שײַנט — זײַנען זיי זיך געזעסן אַף די פריזבעס און געלאַכט מיט זייער קיצלדיגן געלעכטער...

דעמאָלט איז דער כעס באַ די ווייסע ארויס פון די ברעגן... זיך פאַרגעסן אַן די דרייסיג טויטע און אַן זיך, כאָטש זיי האָבן מיט אַ ווײַלע פריער גערעדט, אַז שולדיג איז דאָ דער „אָפּיס", ווײַל די קוילן־גרובן זײַנען אָפּגעלאָזן און אַז אין „אָפּיס" האָט מען געוואוסט, אַז די גרוב וועט זיך פאַרשיטן. אַ סימן: דער „אָפּיס" האָט פאַר די לעצטע וואָכן ניט געלאָזט אַרײַנפירן אין דער גרוב די יונגע אייזלען, נאָר די אַלטע... און די ווייסע האָבן גערעדט מיט פאַרביטערטקייט וועגן נעמען נקמה פונם „אָפּיס"... און דאָ האָבן זיי אַן אַלץ פאַרגעסן און אַ געשריי געטאָן:

— נקמה פון די שוואַרצע טייוואָלים!

זיי האָבן זיך אַלע אַ לאָז געטאָן, מיט וואָס איינער האָט נאָר אין האַנט געקאָנט כאַפּן — אַף די שוואַרצע...

דער שוואַרצער גלח, וואָס גייט טאָג־איין טאָג־אויס, פויל און בעטלעריש־פּלאַפּלענדיג, איבער די הייזער מיט אַ געבלימלט פושקעלע, און די שוואַרצע קברנים האָבן אַף מאָרגן געהאַט אַרבעט: די ווייסע זײַנען ניט אָפּגעטראָטן ביז אַ צענדליג שוואַרצע זײַנען געבליבן ליגן מיט אַראָפּגעלאָזענע ליפּן, ווײַזנדיק זייערע מירמל־ווייסע ציין. — — —

* * *

דער נעגער דזשימי, וועלכן מ'האָט גערופן „ווײַס בלוט", זײַן חבר דער ווײַסער באַב און דער הונט מור — האָבן געלעבט אין דער שטאָט אָוקלאַנד.

כאָטש באַב איז געווען אַ ווייסער, אַן אמת'ער ווייסער, אָן חשד פון שוואַרצן בלוט און דזשימי, אמת, אַ געמיש פון „ווײַס" און „שוואַרץ" בלוט, אָבער נעגער דורך און דורך, דאָך זײַנען זיי געוואָרן חברים!

באַב איז געווען אַ זון פון אַ קוילן־גרעבער. ער אַליין האָט אָבער אַזוינער ניט געוואָלט בלייבן. ניט געגלוסט און איז ניט געגאַנגען

מיטן טאטן אין די קוילן־גרובן, כאטש זיין טאטע האט דוקא איםּ געוואלט האבן נעבן זיך: ער מיט'ן זון קאנען אנשיטן יעדער שעה א וועגל קוילן, צען וועגעלאך א טאג... רייך קאן ער ווערן!

זינט באב האט דעם ערשטן קוויטש געטאן אף גאט'ס וועלטל און זיין טאטע האט דערזען, אז עס איז א אינגל, האט ער גלייך געזען זיך מיטן זון, מיט שופלען גרויסע, בא א וועגעלע קוילן, וואס ווערט גיך... גיך... פול... ער האט אף אים אכצן יאר געווארט, אים גערוקט גוטע ביסנס און געמאסטן זיינע מוסקולן... און זיך דערווארט! באב איז אויסגעוואקסן א יונג מיט ביינער און מוסקולן ווי פענכארעס, אזעלכע יונגען האבן די קוילן־גרובן ליב... און צום סוף: וויל ער ניט גיין אין קוילן־גרוב.

זיין טאטע — א בייזער און אנטוישטער: אכצן יאר געווארט, געציילט די טעג, ווי געלט אין א באנק, און צום סוף האט די באנק באנקראטירט. ער האט אים ארויסגעווארפן פון שטוב.

— צום טייוול, אומזיסטער פרעסער!

באב איז אבער ניט פון די שרעקעדיגע יונגען. איינמאל באשלאסן זיך מיט ליכט און זון נישט צו שיידן, וועט ער ניט. ער איז ניט קיין אייזל... אים שטופט מען ניט קיין מרוקענדיגן אין גרוב. ער האט א פאכע געטאן מיט די מוסקולן, א שפיי געטאן און אוועק.

באם ארויסגיין פון שטוב האט באב'ן די וועלט אויסגעזען ברייט און לאנג. וועגן — אפענע און פרייע. ער האט זיך ארויפ־געכאפט אויף א פראכט־צוג, אבער גלייך אין שטאט נאך האט אים א באן־וועכטער מיט א גראבן שטיוול א שטויס געטאן אזוי שטארק, אז ער איז ארונטערגעפאלן און א האנט האט זיך אויפגעהערט צו פאכען, געבליבן היינגען ווי אן ארונטערגעשאסענער פליגל. ער האט דערזען, אז די וועלט האט טאקע וועגן... אבער ניט פאר אלעמען. ער האט זיך צוגעשלעפט צום „סיטי האל", זיך צוגע־זעצט נעבן די פארמערס אף א באנק און געקראגן בא א פארמער א שטיקל קיי־טאבאק, און אויך געשפיגן און געקוקט אף דער זון... א פארמער האט זיך מיט אים באקאנט, אים געהייסן זיך

אויפשטעלן און ווייזן די מוסקולן. באב האָט זיי אויפגעשטייפט. דער פארמער האָט אָנגעקוואָלן.

— א יונג מיט ביינער...

ער האָט באב'ן פאררופן אין סאלון, געהייסן געבן א גלאָז ביר און צוגעזאָגט אים מיטצונעמען אפן פארם...

ער האָט אָבער באלד חרטה געהאט און אין כעס געווען, וואָס באב האָט פון אים אויסגענארט א קופעלע ביר... ער האָט זיך דערוואוסט, אז באב איז א פוילער, אן אומזיסטער עסער, אזא יונג, וואָס קאָן גיין אין קוילן-גרוב, שארן גאָלד און וויל ניט — — איז ניט ווערט צו לעבן...

באב איז געוואָרן בייז... בייז אף אלע מענטשן. א שפּיי געטאָן: — איך א פוילער? אָ, ווען ער קאָן עפּעס אָפּטאָן די מענטשן וואָס זיינען אלע ווייסע... דאָ איז אים אנטקעגן געקומען די נעגער-געסל.

די נעגערס, פול מיט חשד צו יעדן ווייסן, האָבן אים ניט געגלויבט און ניט געטרויט, כאָטש ער האָט געשאָלטן די ווייסע. זיי האָט זיך געדוכט, אז דער ווייסער האָט דאָ בייזע געדאנקען... זיי האָבן קוועלנדיג געלאכט, מיטגעשאָלטן די ווייסע און געקוקט אים טיף אין די אויגן אריין, ווי אן אומבאקאנטן הונט:

— וויל ער בייסן, צי ער לאשטשעט זיך טאקע?

א שווארצע נעגערטע, ניט קיין מזל-ניצע צו מענער, האָט צוגעטוליעט צו זיך באב'ן. זי האָט געוואָלט פּרובירן, אפשר וועט זי האָבן צו א ווייסן מער מזל...

זי האָט אים געשטאָפּט מיט גרויסע פּרישטאָגן און אָוונט-ברויטן און אליין געגאנגען ארבעטן אין דער נאָענטער פּאפּיר-פאבריק, אבי באב'ן זאָל קיין זאך ניט פעלן.

זי האָט באב'ן געאיבלט, ער האָט ניט געקאָנט אָנזען איר קויל-שווארצע לייב, וואָס האָט תמיד ארויסגעלאָזן א חלב'נעם שוויים און אויך זי האָט פיינט געהאט דעם ווייסן, וואָס ליגט א רואיגער, ווי א גע'פגר'טער און כראָפּעט... אָבער זיי האָבןביידע אלץ אין זיך פארשוויגן... זיך אפילו געמאכט ניט זעענדיג, די

גיפטיגע שמייכלען פון די ווייסע און שווארצע... און יעדן זונטאג זיך ברייטלאך אויסגעזעצט אין די צוויי־רעדלדיגע ברישקע און געפארן איבערן שטאט...

— זאל מען זען און צעפוקעט ווערן, אי די ווייסע, אי די שווארצע!

* * *

א פאר הייזלאך ווייטער פון באב׳ן האט געוואוינט דער קליינטשיקער נעגערל דזשימי.

זיין טאטע איז ניט געוועזן קיין נעגער, נאר א ליטווישער פויער, וואס האט אין דער היים איבערגעלאזן א ווייב מיט קינדער. גע־גרייט זיך אין נייעם לאנד בלויז אף א ווייל, אנקלייבן געלט א סך און פארן צוריק. דאס געלט האט ער באדארפט אויסצאלן יורשים פאר דעם מאיאנטעק, כדי אליין באלעבאס ווערן. דער עלטסטער זון דאך געוועזן.

ער האט פארזייט די ווינטער תבואה, פארלייגט דעם ערשטן אקער פאר די זומער־תבואה, און געזאגט צום ווייב, אז ביז שניי וועט ארונטער, וועט ער זיין צוריק...

ווי לאנג וועט אים, מיקאס׳ן, נעמען אויפצוקלייבן א ביסל געלט? ער האט מיטגענומען, ווי אף א יאריד, א זעקל געדרוי־בערטע פלייש, ברויט און א טעפל פוטער, אנגעטאן דעם שווארץ־געוועבטן פאלטא, אוועק אין שטאט צו לייבע דעם עמיגראנטשיק:

— לייבקע, פיר מיך אף יענער זייט גרעניץ.

געקומען אהער האט ער באלד דערזען, אז ער האט זיך אפ־גענארט... קיין געלט איז דא ניט אזוי לייכט צונויפצוקלייבן. ער וועט שוין אף זומער צוריק אהיים ניט זיין... אין די גריבער שארט מען ניט קיין גאלד, נאר קוילן און זיי זיינען איינגע־עקשנ׳טע. אז מען שיט שוין אן א װעגעלע, קריגט מען אויך ווייניג געלט. און פון דער היים קריגט ער שלעכטע בריוו.

זיין ווייב שרייבט אים, אז די יורשים האבן זי פון שטוב ארויסגעטריבן און די פעלד אף חלקים צעטיילט און זיין שכן אנדרוקאס האט א שטיק גארטן פארשניטן...

מיקאם וואָלט געוואָלט לויפן צוריק אהיים, זיי ווייזן ווער מיקאם איז... קאָן ער אָבער ניט. ער איז ווי אַ פאַרנאַרטער בער אין אַ שטייג און יעדער קאָן זיך מיט אים רייצן. די אַלע אָפּגעשפּאַרטע געלטער זיינען נאָך ווייט־ווייט צו קויפן אַ שיפסקארט...

זיין קאַזין, דער האַרבאַטש, — שרייבט דאָס ווייב, — וואָס האָט געציטערט פאַר אים, מיקאָס'ן, געהאַלטן אין איין רופן פעטערל, כאָטש וואָס פאַר אַ פעטערל איז ער צו אים? גייט זיך אַרום איבער דאָס שטיק פעלד און שלעפּט זיין קו דווקא אין די פעטסטע גראָזן און שטעקט איר, מיקאָס'עס ווייב, אַרויס אַ צונג...

— איך בין באַלעבאָס!

מיקאָס האָט קיינמאָל ניט פיינט געהאַט דעם ביטערן טראָפּן. אָבער שטענדיג געוועזן איינגעהאַלטן. געטרונקען נאָר אין די יאַריד־טעג, ווייל ער האָט באַ זיך געוואוסט, אַז פון טרינקען קאָן קיין גוטס ניט אַרויסקומען, בפרט פאַר אים, וואָס דאַרף אויסצאָלן אַזאַ כאַפּטע יורשים. ער דאַרף קלייבן גראָשן צו גראָשן.

איצט אָבער, אַ פאַרביטערטער, און זעענדיג זיך אַ פאַרשפּילטן סאַי־ווי־סאַי, האָט מיקאָס זיך פריי־געלאָזן... ער וועט די צרות פאַרגעסן... און שיכור'ערהייט זיך געזען צוריק אין דאָרף. ער שטייט באַם אַקער, צוויי שוואַרצע פערד שטעלן פיס און דער אַקער וואַרפט מיט אימפּעט שוואַרצע פּלאַכטעס ערד... די יורשים מיט די ווייבער און קינדער באַפאַלן דעם אַקער, כאַפּן אָן די פערד באַ די צוימען... ער גיט אַ סווישטש און די פערד גיבן זיך אַ טרייסל און פאַרוואַרפט זיי הינטער די שוואַרצע פּלאַכטעס ערד... זיי שפּרינגען באַלד ווידער אויף און ווערן עפּעס אַזוי פול, ווי ווערים פון אַ צעטרייסלטן צעפוילטן בוים. מיקאָס גיט זיך אַ צעפּאָך מיט ביידע הענט און זיי צעפאַלן... באַהאַלטן זיך אונטער די נאַסע פּלאַכטעס ערד...

אַ צע'שיכור'טער, אַ צעבראַזגעטער, אַרויסגעוואָרפן פון קוילן־גרוב, אַ פאַרבענקטער נאָך היימישער רו און ווייב'ס בעט,

דערזעט אַלע מאָל מיקאָס, אויסניכטערנדיג זיך, אז די יורשים זיינען דאָ גאָר ניטאָ. ער איז נאָך אַלץ אין אַמעריקע און ליגט אינדרויסן נעבן שיינק אף אַן אַלטער אויטאָמאָביל־קישן...

אין פענצטערל, אין דער קליינער נעגערשער שטיבל, וואָס שטייט ניט ווייט פון סאַלון, זיצט די פעטע צעפליישטע נעגערטע און קוקט אף אים אַזוי ליב און לאַקנדיג מיט אירע גרויסע ווייסל־אויגן, ווי געזאָגט:

— קום, מענטשל, זיי נישט קיין נאַר, ווייסע הויט איז נאַר אַפּנאַר...

מיקאָס שעמט זיך איר צו קוקן אין די אויגן. קיינמאָל נאָך אין זיין לעבן האָט צו אים ניט געוואונקען קיין פרוי, אַפילו דעמאָלט, ווען ער איז נאָך ניט געווען מיקאָס דער שיכור, דער ארויסגעוואָרפענער פון קוילן־גרוב, נאָר דער געזונטער מיקאָס, דער שטאַרקסטער גוי אין דאָרף.

ער ווייס, אז דער דייטש דאַפּי, וואָס איז געווען אַ אינזשינער אין אַ קוילן־גרוב, און האָט פּלוצים איין טאָג אוועקגעוואָרפן די שטעלע און גענומען טרינקען, קריכט שטענדיג אוועק צו דער פּאַרפּוצטער נעגערטע מיטן גאָלדענעם צאָן. דאַפּי איז שוין אַן אַלטער מענטש, אריבער זעכציג געווים, און אַז ער קומט פון דאָרט, שילט ער אַ גאַנצן טאָג.

מיקאָס מיידט זי אויס, אָבער אויסגעהונגערט נאָך ווייב'ס לייב גייט ער איין אָוונט אוועק צו דער נעגערטע... עס זיינען קאַלטע ווינטער־טעג. עס איז דאָרט וואַרים אין שטיבל... אַ גאַנצן טאָג ברענט דער קאַמין. זי וואַשט אויס מיקאָס'ן די וועש און גיט אים אַ ראַזיר־מעסער. ער גאָלט זיך ארום און וואַשט זיך אויס. מיקאָס פילט זיך פריש און היימיש. איז ניט באַלעבאָס איבער פעלדער און לאַנקעס, איז כאָטש איבער דער קליינטשיקער שטיבעלע...

מיקאָס'ן איז שווער זיך ארויסצורייסן פון נעגערשן געסל. ער בלייבט שוין דאָרט. אמת, ניט בא דער פּאַרפליישטער נעגערטע, ער זעט זיך אַרום, אז זיינע אויגן האָבן זיך דאָ צעטומלט, ניט

איינגעוואוינט אין שווארצקייט, האָבן זיי ניט געוואוסט צו אונטער־שיידן צווישן אַלטע שווארץ־הויטיגע און יונגע שווארציגקייט. ער האָט דערזען, אַז די פעטע נעגערטע מיטן גאָלדענעם פאַר־יונגטן צאָן איז שוין אַן אַלטע, וואָס האָט שוין באַגראָבן איר אַלטן מאַן... עס פאַרדריסט אים, וואָס ער האָט זי אומזיסט געהיט פון דאַפּי'ן... זאָל דער אַלטער זי האָבן. מיקאָס איז אַוועק וואוינען מיט אַ יונגער נעגערטע. און דאָן איז געבוירן געוואָרן דער נעגערל דזשימי.

דזשימי איז אויסגעוואַקסן קליין און שוואַך, אַ קאַרליקל כמעט. דערפאַר מיט גרויסע, גאָר גרויסע אויגן. די נעגערם האָבן געגלויבט, אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל ער איז אַ קינד פון געמישטע בלוטן.

די נעגערם האָבן אים פיינט געהאַט, ניט געקאָנט מוחל זיין, וואָס ער האָט אין זיך ווייס בלוט... כאָטש ווייס בלוט האָט זיך קוים געלאָזט זען, און דאָס שוואַרץ בלוט האָט נצחונ'דיג געוויזן, אַז זי האָט ווייניג־וואָס מורא פאַרן שוואַכן ווייסן בלוט.

זיין טאַטן, דעם ליטווין, דעם אמת'ן ווייסן, האָבן זיי פאַרגעבן זיין ווייסקייט, פאַרגעסן כמעט, אַז ער איז ווען געווען אַ ווייסער. זיין פּנים האָט זיך צעברוינט און געקראָגן כמעט אַ ריכטיגן שוואַרצן קאָליר.

דזשימי'ן אָבער, האָבן זיי פיינט, לאָזן אים ניט אַרוים אָפּן גאַס, חברה יאָגט אים נאָך, רייסט אים באַם רעקל!

— ווייס בלוט!

און אַז העברי, דער נעגער פון דרום, דערטאַפּט אים נעבן סאַלון, גיט ער אים אַ כאַפּ אויף, ווי אַ פּילקע, און אַ הויב אין דער הויך:

— איר זעט אַ מענטשעלע?

און ווי אַ ווייכן ים־שטעקן, וואָס לאָזט פון פייכקייט נאָך הערן דעם סווישטש, נעמט ער מיט דזשימי'ן פּאַכען איבער נעגערשע קעפּ. און וואָס ווייטער אַלץ שנעלער און פעסטער, ווי אַ ווינט־מיל.

חברה נעגערס ווערן צעהיצט, די אָטעמס ווערן איינגעהאַלטן.

ווערן אָבער בײַ העגרי׳ן די הענט שוואַכער. דזשימי הויבט זיך אָן צו צאַפּלען, צעשרייען זיך די נעגערס ווילד און הילכיג, ווי אָפן „רינג", ווען זייער דזשאָן „פייט" זיך מיטן ווייסן דזשאָו:

— דריי אים הענרי!

— שטאַרקער! פעסטער!

— לאָז אַרויס זיין ווייס בלוט!

דזשימי מיידט דעריבער אַלעמען אויס. און אַז ער גייט דורכן גאַס, לויפט ער שנעל, ווי אַ צעשראָקענער האָז איבער אַ וועג. ער האָט אפילו געפּרואווט אַמאָל אַוועקגיין אין ווייסן געסל. גע־טראַכט, זיך אַהין אַריבערצוקלייבן, עפענען דאָרט דעם שוסטער־וואַרשטאַט און זאָלן גיין די נעגערס אין צעריסענע שיך. זיינען אים אויך דאָרט באַפאַלן נאָך גאָר יונגערע חברה׳ניקעס, ווי הינט־לאָך, ערשט פון קייט אַראָפּ.

— זעט דאָס קליין נעגערל?!

אַ צעדראַפּעטער, מיט צעריסענע הויזן איז ער קוים געקומען צולויפן צו זיך אין שטיבל, און וואָכן לאַנג געשפּירט אַ ווייטאָג אין די גלידער.

זיצט דזשימי אָפּ אַליין גאַנצע טעג בײַ זיך אין שטיבל און פאַרריכט נעגערשע שיך.

בײַ זיך אין שטיבל, באַם וואַרשטאַט, פאַרגעסט ער, אַז ער איז דער קליינער, שוואַכער דזשימי מיטן ווייסן בלוט, וואָס בייסט אים, ווען ער גייט אין גאַס. ער פילט זיך שטאַרק, האַלט דעם גאָר גרויסן האַמער, כאָטש ער קאָן נוצן דעם קלענערן, און קוועלט אָן ווי די האַרטע פאַדעשוועס בויגן זיך אונטער זיינע הענט.

די נעגערס, וואָס האָבן אים פיינט אין גאַס און לאָזן אים נאָענט צו זיך ניט צו, זיינען אַלע גוט צו אים, ווען זיי קומען מיט צעריסענע שיך און חנפה׳נען אים אפילו:

— דזשימי, ביסט דאָך אַ גוט־בױ, פאַרריכט מיינע שיך די ערשטע.

דזשימי קרימט זיך און קווייטשקלט זיך, זאָגט האַלב צו:

— מיר וועלן זען!

* * *

מעגלאך אז אזוי וואָלט דזשימי אָפּגעלעבט זיין לעבן. ער וואָלט געזעסן באַם וואַרשטאַט און געוואָרפן הינטער זיך די יאָרן, ווי אָפּגעריסענע אַלטע פּאַדעשוועס. ביז פּאַדעשוועס מיט יאָרן וואָלטן געוואָרן צופיל פאַר דזשימי׳ן. דעמאָלט וואָלט געקומען דער נעגערשער קברן, וואָס האָט אפילו נישט קיין טויטן וואָגן, כאָטש יאָרן לאַנג, ווי ער האלט אין איין דערציילן פון שיינעם טויטן־וואָגן, וואָס ער האָט געקויפט און באַצאָלט מער, ווי דאָס גאַנצע געסל פאַרמאָגט. ער וואָלט אים אריינגעוואָרפן אין אַלטן „פאָרד״, וואָס די גומי־רעדער פּלאַצן באַ אים תמיד ווען ער פירט א „קונד״ . . .

עס איז אָבער אַט וואָס געשעען:

אין געסל איז געווען א נעגער־מיידל. דעם הויכן ביל׳ס א טאָכטער, סאַלי האָט מען איר גערופן. זי איז געווען א הויכע, געזונטע מויד און נעגערש־שיין. אַלע נעגער־יונגען האָבן זי ליב געקראָגן און דזשימי אויך . . . זי האָט געוואוסט פון יעדן, וואָס האָט זי ליב, ווייל יעדער האָט איר געפרעגט — סאַלי, ווילסט גיין מיט מיר וואוינען?

דזשימי האָט איר עס קיינמאָל ניט געזאָגט, כאָטש ער האָט זי געליבט שטאַרקער ווי אַלע — זיך געשעמט איר עס דערציילן. זי זאָל זיך ניט אויסלאַכן און אַלע וועלן וויסן, וואָס „ווייס־בלוט״ האָט איר געזאָגט. דזשימי האָט יאָ עטלאַכע מאָל באַשלאָסן איר עס צו זאָגן, און אפילו אויסגערעכנט, ווי אַזוי ער וועט איר ווייזן דעם גרויסן פּעקל פּאַפּיר־געלט און זאָגן:

— סאַלי, ווילסט עס האָבן? קום, שטיי באַ מיר אין שטיבל...

זי פלעגט קומען אָפּט צו אים אין שטיבל. זי איז געווען א גרויסע שיך־רייסערן. דעם טאָג, ווען זי ברייננגט אים די שיך, גייט דזשימי אַרום א צעטומלטער, קאָן ניט נעמען דעם האַמער אין האַנט. פאַרמאַכט די טירן און לאָזט אַרונטער די פאָרהאַנגען, כאַפּט אירע שיך און דריקט זיי צו זיין הארצן און אים ווערט אזוי גוט . . . זיס . . .

אַז זי קומט נאָך די שיך, קלאַפּט באַ דזשימי׳ן דאָס האַרץ

שטאַרק און ער קאָן איר ניט זאָגן, דאָס וואָס ער האָט שוין אָפּגעמאַכט, און עס מעג זיין וואָס עס וועט זיין. ער האָט נאָר מורא טאָמער דערקאָנט זי אָן די שיף, וואָס ער האָט געטאָן...

אַז זי גייט אַוועק קוקט איר דזשימי נאָך דורך די טיר־שפּאַלטן פאַרגאַפּט, ווי זי גייט שטאָלץ און פעסט, דריקנדיג דעם געלן זאַמד...

אָט די מויד האָט געהאַט אַ געליבטן. דאָס איז געווען טאַקע הענרי דער דרום'דיגער נעגער, דעם וואָס דזשימי האָט אַזוי פיינט... דוקא אים, — ווי אַף צו־להכעיס דזשימי'ן — ליבט זי.

דזשימי קריכט אַמאָל אַרויס שטיל פון זיין שטיבל אין די פאַרנאַכטן. שטעלט איין זיין פּעקל ביינער און קריכט אַרונטער הינטער דזשערי דעם נעגער'ס בריקל און הערט זיך איין צו זייערע שמועסן.

דאָ הויבט מען אָן מיט יעדן און מ'פאַרפעלט קיינעם ניט. סיי ער און סיי זי, האָבן ליב יעדן אין גוטן מוט צו באַריידן...

דזשימי פאַרבאַהאַלט זיך מען זאָל אים ניט זען, און קריכט פּאַמעלאַך אַרויס, ווען דאָס בריקל ווערט פּוסט, אָדער מען רעדט וועגן דאָס זעלבע, וואָס ער האָט שוין לאַנג געהערט.

אָט, פון די אויפגעכאַפּטע שמועסן האָט דזשימי געוואוסט, אַז הענרי האָט ערגעץ אַ ווייב און שלעפּט זיך אַרום מיט אַנדערע מוידן און סאַלי'ן שלאָגט ער...

דזשימי האָט זיך ליב פאַרצושטעלן, אַז ער איז גרויס און שטאַרק, קאָן נעמען אַן אייזן און אים צעבויגן. ער גייט אַוועק צו הענרי'ן און רופט אים אַרויס אַף אַ געשלעג... ער ווייזט אים וואָס ער, דזשימי, איז... ער נעמט ניט צו סאַלי'ן כאָטש ער ליבט איר, נאָר זאָגט אָן הענרי'ן ער זאָל זיין אַ מענטש, ניט שלאָגן סאַלי'ן...

* * *

איין אָוונט, דזשימי איז שוין געלעגן אין בעט און געדרעמלט, איז סאַלי געקומען אַ וויינענדיגע:

— דזשימי, איך גיי מיט דיר וואוינען.

דזשימי איז אויפגעשפּרונגען אַף זיינע קליינע פיסעלאַך, געוומען רייבן די אויגן:

— וואָס איז דאָ? חלום? צו וואָר?

יאָ, עס איז דער אמת. אָט איז דער וואַרשטאַט, דער לאָמפּ ברענט, די קאַץ ליגט אַפן פענצטער און דער הונט, מור, באַם טיר...

ער האָט אָבער איר ניט געטרויט... טאָמער איז דאָס גאָר אַ שפּיצל... נאָר אַן אָנשטעל... חברה האָבן זיך מסתמא דערוואוסט פון זיין ליבע צו סאַלי'ן, ווילן זיי דאָ מאַכן שפּאַס... אָבער די געדאַנקען לויפן, קאָנען זיך ניט אָפּהאַלטן. ער שילט זיך אַליין, וואָס ער איז ניט קיין גלויביגער, „וויים בלוט", אפשר איז טאַקע עפּעס דאָ אין אים אַזוינס. ער טאַפּט אָן דאָס געלט... ער פילט זיך שטאַרק און מוטיג. ער שפּרינגט אַראָפּ פון בעט אַף זיינע פיסלאַך, פאַררוקט די טירן, לויפט צו צום הונט, ער ציט אים אויס די אויערן:

— מור, זיי וואַך!

ער גלייכט אויס דאָס צעקנייטשטע בעטגעוואַנט, סאַלי פאַלט אַרויף אַפן בעט און צעוויינט זיך אין די קישנס... אין געוויין כראָפּעט זי איין אַ צוואָרפענע און פאַרנעמט דאָס גאַנצע בעט, אַזוי, אַז פאַר דזשימי'ן איז שוין גאָר קיין אָרט ניטאָ. דזשימי שעמט זיך איר צו בעטן אָפּצורוקן, זעצט ער זיך אַף אַ ביינקל, לייגט אַוועק דעם קאָפּ אַפן ברעג בעט, שמעקט אירע האָר און קושט שטיל דעם ברעג פון קלייד, וואָס ליגט פאַרוואָרפן אַף דער אַנדער זייט בעט...

דזשימי איז געוואוינט פרי צו גיין שלאָפן, ווערט ער באַלד אַנטשלאָפן... ער האָט זיך עטלאַכע מאָל אויפגעכאַפּט, אַ קוק געטאָן צו סאַלי ליגט אַפן בעט און מיט צופרידנהייט ווידער איינגעשלאָפן... מיט אַמאָל, די טיר האָט געגעבן אַ בראַזג און זיך אויפגעעפנט. דזשימי איז אויפגעשפּרונגען. דער הונט איז געשטאַנען אַףביידע פיס, דעם קאָפּ אויסגעשטרעקט, ווי זיין טבע איז, ווען ער וויל זיך אַף עמיצן אַרויפוואַרפן...

אין טיר איז געשטאַנען הענרי. ער איז געווען בלאַס און

ביין... העגרי האט געקאנט גוט מור׳ן און האט געוואוסט, אז מור איז ניט דזשימי, ער קאן א מענטשן צערייסן.

סאלי האט זיך אויך אויפגעכאפט און זיך צעקוויטשעט ארויספאלנדיג אף דזשימי׳ן מיט ביידע הענט:

— דזשימי, לאז אים ניט אריין, ער וועט מיר דערשלאגן!

העגרי האט צוגעווארפן דזשימי׳ן א קאלטן בליק:

— דזשים, נעם צו דעם הונט, אז ניט שים איך!

דזשימי איז צעשראקן און צעטומלט. קיין מאל אין לעבן אזא נסיון ניט בייגעשטאנען. וואס טוט מען? ער ווייס, אז העגרי זאגט שיסן, וועט ער עס טאן... ער האט ליב סאלי׳ן, אבער ער האט אויך ליב מור׳ן. אן מור׳ן איז ער גארניט, נאר א קליין מענטשעלע, „ווייס בלוט"... וואס אלע האבן פיינט... מור פארשטייט, אז דזשימי קאן דא ניט באשליסן. ער ווארפט אים צו א ליבן בליק. דזשימי פארשעמט זיך פאר מור׳ן, לאזט ארונטער די אויגן און פאלט מור׳ן אפן האלדז. — — —

מור לאזט ארונטער דעם קאפ און פארקריכט אין ווינקל...

העגרי שפרינגט אריין אין שטוב, און פארבייליופנדיג גיט ער דזשימי׳ן שטיל א בריק, אז דזשימי פארגייט זיך פון ווייטאג. ער קריכט הינקענדיג אוועק צו מור׳ן, נעמט אריין מור׳ס קאפ אין זיינע ארעמס, און טרערן קאכעדיגע, זודיגע פאלן אפן הונט און בריען דזשימי׳ס הענט און דער הונט, מור, קוקט אים אין די אויגן אזוי רחמנות׳פול. — — —

דזשימי זעט, ווי סאלי קושט העגרי׳ן אין די הענט א וויינענדיגע:

— שלאג ניט, ליבער! די זייטן טוען מיר נאך ווי פון נעכטן...

— זאג, דו שווארצער פנים, ביסטו געשלאפן מיט „ווייס בלוט"?...

סאלי גיט א ווארף א בליק צו דזשימי׳ן און שיסט ארויס א שפיי, וואס פאלט און טרעפט דזשימי׳ן:

— וואָס רעדסטו, זיסער, מיט אים? מיט די מיאוסקייט, מיט „ווייס בלוט"?

דזשימי ווישט זיך גיך אַרום, וויל ניט, אַז הענרי זאָל זען, אַז זי האָט אים באַשפּיגן. הענרי צעלאַכט זיך, נעמט אַרום סאַלי'ן אין זיינע אָרעמס... ציט זי אויס אין בעט און פאַרדרייט דאָס פייער:

— זעסט, מענטשעלע, „ווייס בלוט", ווי אַ מאַן לעבט אויף דער וועלט!...

דזשימי ציטערט אויף. אים פאַרדריסט שוין. עס טוט אים שוין ניט וויי הענרי'ס בריק, נאָר דאָס, וואָס ער האָט אָפּגעהאַלטן מור'ן... ער שאַרט זיך גיך אַוועק צום וואַרשטאַט, דערפילט דעם גרויסן האַמער, און פאַרשטייט ניט, ווי אַזוי ער קומט אין זיינע הענט. ער כאַפּט אים אַרום און לויפט הינקענדיג צו הענרי'ן:

— אַרויס, דו שוואַרצער הונט!

הענרי שטעלט זיך אויף און וואַרפט זיך אַרויף אויף דזשימי'ן און דזשימי ליגט שוין אונטער אים... מור, אָן אַ בילעריי, גיט זיך אַ שאַר צו און בייסט זיך אַריין מיט אַלע ציין אין הענרי'ס רעכטן פוס. הענרי לאָזט אַרויס אַ קוויטש און הויבט אָן צו בריקן מור'ן מיט דער צווייטער פוס. מור האַלט אָבער פעסט די פוס און לאָזט ניט אָפּ. בייסט זיך נאָך שטאַרקער איין... און אַזוי ווי מור לאָזט ניט אָפּ הענרי'ן, אַזוי לאָזט אויך הענרי ניט אָפּ דזשימי'ן. ער דריקט-אים מיט זיין גאַנצע שווערקייט און מיט די הענט כאַפּט ער אים אַרום דעם האַלדז...

דזשימי פילט, אַז די מינוטן זיינען געציילטע... ער אָטעמט שוין קוים... הענרי'ס שטאַרקע הענט קלאַמערן זיך אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. דזשימי איז אָבער צופרידן, וואָס הענרי צעגייט זיך פון ווייטאָג. ער סטראַשעט שוין ניט: איך שיס!

— נאָר בעט זיך כמעט:

— דזשימי, הייס דיין הונט מיר אָפּלאָזן. וועל איך דיך אָפּלאָזן!

דזשימי בורטשעט קוים אַרויס, אָבער פעסט און אַנטשלאָסן!

ער וועט עס ניט טאָן, מעג עס אים, דזשימי׳ן אויך דאָס לעבן קאָסטן... ער שרייט נאָך אַרויס:

— נעם אים, מור!

דער הונט לאָזט אָפּ די ערשטע פוס און בייסט זיך אַריין גיך אין דער צווייטער פוס, וואָס האָט אים געבריקעט... העגרי גיט אַ קוויטש אַ משונה׳דיגן און ווילדן, און די הענט איבער דזשימי׳ס האַלדז ווערן לויז... . לאָזן נאָך...

סאַלי, וואָס איז געשטאַנען די גאַנצע צייט פון געראַנגל אָן אַ זייט אַ צעטומלטע, האָט זיך פון קוויטש אויפגעכאַפּט, אַ נעם געטאָן דאָס בענקל און אַ וואָרף געטאָן דעם הונט אין קאָפּ. מור האָט זיך אַ טרייסל געטאָן, אָפּגעלאָזן העגרי׳ן און זיך אַ וואָרף געטאָן צו סאַלי׳ן. ער האָט איר אַ זעץ געטאָן מיטן גאַנצן גוף אַזוי, אַז סאַלי איז אומגעפאַלן...

דער הונט האָט דאָ גוט אויסגערעכנט. ער האָט נישט גע־טראַכט צו גיין זיך ראַנגלען מיט סאַלי׳ן. ער האָט געזען, אַז זי איז צעשראָקן און זוכט נאָר אַן אָרט צו אַנטלויפן. ער האָט איר נאָר געוואָלט אַנשרעקן און זיך ווידער נעמען צו העגרי׳ן.

אָבער דזשימי האָט מור׳ס גאַנצן פּלאַן איבערגעפירט. דזשימי, וואָס איז געווען אַזוי איינגע׳עקשנ׳ט, אַז ער האָט שוין ניט געקוקט, אַף זיין לעבן, אַבי נקמה צו נעמען פון העגרי׳ן, האָט ניט געקאָנט בײַשטיין סאַלי׳ס געוויין:

— דזשימי, האָב רחמנות, נעם צו דעם הונט!

ער האָט גענומען זיך בעטן בײַ מור׳ן!

— לאָז אָפּ! גענוג!

מור האָט אַ דריי געטאָן מיט׳ן עק, און אַוועק אין אַ ווינקל.

העגרי האָט זיך קוים אויפגעהויבן, געשאָלטן אַלץ וואָס עס לעבט, זיך געשעמט צו קוקן דזשימי׳ן אין די אויגן.

גענומען סאַלי׳ן בײַם האַנט און בורטשנדיג אַוועק:

— וואַרט, „וויים בלוט“!

* * *

מור שטאַמט פון גאַר ווייט, אַזש פון דייטשלאַנד. זיין מאַמע

איז געווען איינע פון די בעסטע דייטשע פּאָליציי־הינט. נאָך דער מלחמה האָט באַם פאַראָרעמטן באַלעבאָס אים אָפּגעקויפט אַן אַמעריקאַנער סאָלדאַט. געקויפט האָט ער אים פאַר אַ קליינינג־קייט, פאַר אַ דאָלאַר. מיט דעמדאָזיגן סאָלדאַט איז דאָס מור געקומען אין אַמעריקע. דער סאָלדאַט, וואָס האָט פריער קיינמאָל נישט געאַרבעט, אַז אַ פאַך, האָט דעם הונט ליב געהאַט, אָבער ער האָט זיך נאָך אַ פאַר וואָכן אַרומדרייען, זוכנדיג און ניט געפינענ־דיג קיין אַרבעט, געמוזט פאַרקויפן דעם הונט. דעם הונט'ס יחוס פּאַפּירן האָט ער ניט געהאַט, און אויסגעקוקט האָט מור קליין־געוויקסיג און דיק, ניט ווי די דייטשע הינט — שמאָל און הויך — האָט קיינער ניט געגלויבט, אַז דאָס איז אַ דייטשער הונט...

ער האָט אים פאַרקויפט פאַר ביליג, צו אַ סוחר פון אַ קראָם, וואו מען קויפט און פאַרקויפט הינט.

דער סוחר פון די הינט האָט אין מור'ן זיין יחוס אויך ניט דערקאָנט און האָט דעריבער געגעבן דעם סאָלדאַט נאָר אַ דאָלאַר. מור, ניט געוואוינט צו ליגן פאַרשפּאַרט אין אַ שטייג, האָט געהאַלטן אין איין וואויען און איז אין די עטלאַכע טעג פאַרמאָגערט געוואָרן אַזוי, אַז ער האָט אויסגעזען ווי אַ קאַץ...

דער באַלעבאָס, וואָס האָט געהאַלטן הויך־פּרייזיגע הינט, האָט דערזען, אַז מור „פּירט" אים איבער דעם אויסזען פון קראָם.

ער האָט געפּרוּאווט עטלאַכע קונים איינריידן, אַז מור איז אַ דייטשער הונט. זיי האָבן געלאַכט:

— מאַך זיך ניט נאַריש!

ער האָט דערזען, אַז ער מוז פּטור ווערן פון הונט. ער האָט אים געקאָנט גאַנץ איינפאַך אַרויסטרייבן, איז ער אָבער געווען קאַרג.

צו זיין גליק, ווי אַלע פון זיין גלייכן, איז דזשימי איינמאָל פאַרבייגעגאַנגען דעם הונט־סטאָר, דער באַלעבאָס האָט אים אַריינגערופן:

— דזשימי, ווילסט קויפן א מציאה? זעסט א הונט א צאצקע?

דזשימי קראצט זיך אין אויער! שטעלט אוים די אויגן:

— א מציאה? וויפיל?

אין דער אמת'ן איז דזשימי'ן ניט אנגעגאנגען אזוי וואס און ווען מען פארקויפט אים. אים איז אריין אין קאפ דאסווארט „מציאה". אויף מציאות איז דער קליינער דזשימי שטענדיג א בעלן. ווען עס ווערט אין שטאט, א דאלאר אויספארקויף, אזוי פוצט זיך דזשימי אוים אין זיינע געלע שיך מיטן נייעם בלויען אנצוג און שפאצירט אוועק איבער די קראמען. ער קויפט אלץ, וואס עס קוקט אים אוים ביליג, צי ער דארף עס, צי ניט. דערפאר זיינען בא אים אין שטיבל דא אלערליי שיינע זאכן. אפילו ווייבערשע בליוזקעס...

אזוי אויך מיטן הונט.

דער סוחר האט פרובירט בא אים אויסבעטן א פינפערל, כדי עס זאל ניט קלינגען צו הויך, האט ער געזאגט:

— איז עס ווערט א „פין"?

דזשימי האט אויפגעציטערט:

— א פינפערל? וואו איז דא די מציאה?

דער קרעמער האט פארלוירן די גאנצע זיכערקייט. געזען, אז אפילו דזשימי פארשטייט שוין די ווערט פון הונט.

ער איז גלייך אראפ אף צוויי און געשלעפט דזשימי'ן צום בוך, ווייזן, וויפיל ער אליין האט באצאלט.

דזשימי'ן האט דער „דיום", ווי דער סוחר האט אפן קרעמערשן לשון אנגערופן די צוויי דאלאר, — אויך ניט איבערראשט:

— ניט פאר מיר, סער! און גענומען זיך ארויסרוקן פון קראם, און האט שוין גענומען קאלט ווערן צום גאנצן מסחר, גענומען זיך באזינען:

— צו וואס דארף ער א הונט?

און ניט נאר גענומען קאלט ווערן, נאר אויך זיך גענומען שרעקן. א הונט? ער זעט אוים צו זיין א בייזער, ער קאן אים,

דזשימי׳ן אליין, צעביים, און ווידער, חברה וועלן לאכן, וועלן זאגן:

די „וויס־הינטיש בלוט” — האט זיך געקויפט א הונט!

דאס געניטע אויג פון קרעמער האט גלייך דערזען, אז דזשימי ווערט קאלט און גענומען אים אף אנדערע וועגן.

— איך וועט זיך מיט דיר, אז דו האסט קיין געלט ניט! טא צו וואס האקסטו סתם א קאפ?

דזשימי ווערט פארשעמט. ער דערפילט אין זיך די גאנצע הייסקייט פון נעגערשן בלוט:

— געלט! איבערגענוג! אפילו צו קויפן דיין גאנצע קראם!

דזשימי האט אביסל איבערטריבן, געהאט ניט אזוי פיל געלט, ווייל עס זיינען דארט געווען אויסער הינט אויך הינער און פייגע־לאך טייערע. דזשימי איז געווען א שפארער, און געהאט אונטער׳ן וועסט איינגענייט א פעקל אסיגנאציעס און אפילו א באנק־ביכל, וואס דער קאסירער האט שוין געדארפט איבערדרייען אף דער צענטער בלעטל.

ער האט ארויסגעשלעפט א פעקל אסיגנאציעס און געפאכעט דערמיט דעם קרעמער אין די אויגן:

— זע!

דער קרעמער לאזט אים אבער ניט אפ:

— דו ווילסט אבער ניט קויפן! אט וועלן מיר זען! איך ווארף א קוואדער, צי דו גייסט מיר געבן א דאלאר צי צוויי. וואס ווילסטו, „קאפ” צי „אדלער”?

— קאפ! — שרייט דזשימי מיט אזארט.

דער קרעמער גיט דעם קוואדער א דריי אויס, וויל דערפילן מיט די פינגער, וואו איז „קאפ” און קאן עס ניט. דזשימי׳ס גרויסע ווייסע אויגן זיינען אינגאנצן פון שרעק ארויסגעווארפן. דער קוואדער פאלט מיט א סווישטש אף דר׳ערד. דער קרעמער מיט דזשימי׳ן גיבן זיך א לאז צו דר׳ערד און עס איז „קאפ”.

דזשימי האט געוואונען!

דער קרעמער בייסט די ליפן. נאך קיינמאל אין זיין לעבן אין

„פינטש" ניט פארלארן, א שלים־מזל׳דיגער הונט. ער עפנט אויף די שטייג, פארווארפט אף מור׳ס האלדז א שטריק און גיט אים שטארק א ציי, אזוי, אז ס׳הייבט מור׳ן אן צו שטיקן. — — — —

חדשים־לאנג איז מור דארט געלעגן, אן פרייער לופט, אין אן עיפּוש׳דיגער שטייג, נעבן א מיאוס׳ן סקאטלענדישן הונט, א בעל גאוה, און א שוואכער מיט קראנקע געדערים. דער באלעבאס פון סטאר האט אים געהאלטן טייער, אים געקארמעט מיט פלייש און ברויט צו זאט, אבער מור׳ן קיינמאל ניט צוגעווארפן אפילו א שטיקל, כאטש ער איז געווען הונגעריג. מור האט דעם סקאט־לענדער מיט דער לאפע עטאכע מאל א שטויס געטאן, האט ער זיך צעוואיעט אזוי, אז דער באלעבאס האט דערהערט און מור׳ן געגעבן מיט א שטעקן איבער די זייטן.

דערשמעקנדיג איצט די פרייע לופט, האט מור גענומען זיך טראגן אזוי האסטיג, אז ער האט אפילו ניט געפילט דעם שטריק וואס ציט ארום האלדז, און דזשימי האט געמוזט שטארק לויפן אים נאכצוהאלטן.

דזשימי איז געווען גערעכט. די נעגער־יונגען דערזעענדיג דזשימי׳ן מיט א הונט, האבן אים גענומען נאכלויפן מיט א הורא אוןווארפן שטיינדלאך.

עטלאכע שטיינדלאך האבן געטראפן מור׳ן. אבער מור האט זיך אפגעטרייסלט און זיך געמאכט ניט־ווויסנדיג.

אז זיי זיינען אריין צו דזשימי׳ן אין שטיבל, האט מור זיך גוט אומגעקוקט, ווי ער וואלט באטראכט, וואו איז ער דא אין דער וועלט און ווער איז איצט זיין באלעבאס.

דזשימי׳ן האט פארדראסן, וואס ער האט געקויפט דעם הונט און זיך אליין געשאלטן:

— שווארצער פנים! — זיך געלאזט ארייגרריידן פון ווייסן!

דזשימי האט אראפגענומען דאס שטריקל פון מור׳ן, געטראכט צו עפענען די טיר און אים ארויסטרייבן, אבער דאס הארץ האט ניט דערלאזן. א מציאה! און געלאזט עס אף גאט׳ס באראט:

— וויל ער, זאל ער אנטלויפן!

מור האָט געזען, אַז דאָ איז ניט קיין הונט־קראַם. ער האָט זיך דערמאָנט די היים, וואו זיין מאַמע מיט נאָך קליינינקע ברידער־לאַך האָבן אַרומגעשפּאַצירט. דאָרט איז אויך געווען נאָר איין בעט.

דאָס איז אים געפעלן. ער איז אַרויפגעקראָכן אַפן בעט, זיך געלייגט אין ווינקל. פאַרזשמורעט די אייגעלאָך און געזען: דזשימי האָט פון אייוועלע אַרויסגענומען אַ שטיק געבראָטן פלייש מיט אַ פלאַש מילך. ער זעצט זיך באַם טיש, כראָמשקעט מיט די ציין. מור פאַרגעסט, אַז עס איז ניט די אַמאָליגע היים, צעטומלט פון פליישיגן ריח, קריכט ער אויך צו צום טיש, לייגט אַוועק דעם קאָפּ, דזשימי רוקט אים צו אַ שטיק פלייש און באַלד נאָך איינע.

מור פילט אַ זאַטקייט, גייט אַוועק פון טיש און לייגט זיך צוריק אין בעט... אַזוי איז עס געגאַנגען וואָכן און וואָכן... פון גוט פרעסן קריגט מור גאָר אַן אַנדערע פעל. די האָר ווערן גלאַנציג און דער בויך קײַלעכדיג.

דזשימי איז אין דער צייט ווייניג אַרויס פון שטוב. געהאַט אַ סך שיך צו פאַרריכטן. עס איז געווען האַרבסט, און וואו צו גיין איז אויך ניט געווען. צו די שכנים נעגער איז דזשימי קיינ־מאָל ניט געגאַנגען און אַף די בריקלאַך איז צוליב'ן מיאוס'ן וועטער, קיינער ניט געזעסן. שפּעטער האָט גענומען ווערן ווייניג אַרבעט און דער וועטער שענער. עס זיינען געקומען, כאָטש אין האַרבסט, טעג שיינענדיגע, אַזעלכע, אַז מען האָט אַן זיי ניט געקאָנט דערקאָנען צי זיי זיינען זומערדיגע צי ווינטערדיגע. אויס־געקוקט ווי פאַרבלאָנדזשעטע זומערדיגע טעג. דזשימי'ן האָבן זיי ניט געלאָזט איינרוען, געשלעפּט פון שטוב. ער האָט איינגע־שטעלט זיינע ביינער און אַוועק אין שענק. אמת, מיט זייטיגע וועגן, געמוזט אפילו עטלאַכע פאַרקנס אַריבערקריכן.

ער האָט ניט באַמערקט, אַז מור לויפט אים נאָך. מור האָט ניט געוואוסט צי דער קליינער מאָדנער מענטשעלע וויל ער זאָל מיטגיין, און מור, אי אָנגעבונדן אָן אים, אי ער האָט שוין אויך געוואָלט אַ שפּאַציר כאַפּן — האָט זיך געהאַלטן פון ווייטן.

אפילו שטייענדיג באם בופעט אין שענק האט דזשימי ניט באמערקט, אז מור ליגט לעבן אים אן אויסגעצויגענער. דזשימי'ן האט שוין פארדראסן, וואס ער איז דא געקומען. דער שענק איז געווען פול מיט יונגען און אפילו העני דער דרום'דיגער איז דארט אויך געווען. ער האט געפילט הינטער זיך די בייזע און ווינקענדיגע בליקן פון די יונגען. ער האט פארשטאנען אז די חברה גייען דא מיט אים מאכן א הוידע. מ'וועט אים א כאפ טאן פאר די הענט און פיס און מ'וועט אים אזוי לאנג הוידען ביז מ'וועט אים א ווארף טאן אן דר'ערד.

זיינע אויגן האבן געטאנצט איבער'ן טיר, און געטראכט ווי אזוי זיך ארויסצודרייען. אבער אט פילט ער א האנט אף זיך און ער ליגט שוין מיט'ן פנים ארויף... דזשימי הויבט זיך אן צו צאפלען, כאטש ער ווייסט גאנץ גוט, אז ער וועט מיט דעם נאך ערגער מאכן...

נאר פלוצלונג איז מור אף אים און באלד מיט שטארקייט אף העני'ן און פון אים אף דזשארדזש'ן. זיי גיבן א קוויטש, די אויגן ווערן בא זיי גרויס. זיי לאזן אים אפ. די יונגען כאפן ביינקלאך, ברעכן אויס די פיסלאך און לאזן זיך צו מור'ן, וועלכער קייקלט זיך מיט העני'ן א צעבלוטיגטער אף דער ערד. דזשימי כאפט א קוק אף מור'ן, און מור אף אים. ער לייענט אין זיינע אויגן, ווי ער וואלט געזאגט:

— דו, טראג זיך אפ!

דזשימי לויפט, שטעלט זיך אפ, קוקט זיך אום אף צוריק און זעט ניט מור'ן... עס קלעמט אים דאס הארץ. אבער קומענדיג צום שטיבל, איז שוין מור געשטאנען... און געלעקט א צעבלוטיגטע פוס מיט א פארמאכטע אויג.

דזשימי האט געעפנט די טיר, זיי זיינען ביידע אריין. מור האט זיך אויסגעלייגט אפן בעט. דזשימי האט גענומען די וואש־שיסל, אים גוט אויסגעוואשן דעם פוס, און עס באגאסן מיט ברענענדיגן יאד. מור האט געוואיעט, אבער שטיל און איינגע־האלטן. דזשימי האט אנגעגאסן א שיסל מילך און צוגעטראגן

מור'ן. ער האָט עס אריינגעשלונגען דאָרשטיג... און געגלעט מיט די לאַפּעס דזשימי'ן...

פון דעמאָלט אָן איז דזשימי מיט מור'ן געוואָרן גוטע פריינט. מור האָט שוין לאַנג געזען, אַז קיין בעסערן באַלעבאָס פון דזשימי'ן קאָן ער ניט האָבן און דזשימי האָט איצט דערזען, אַז קיין בעסערן חבר ווי מור'ן וועט ער שוין ניט האָבן.

אַף דזשימי'ן האָט מען, זינט מ'האָט זיך דערוואוסט ווער מור איז, גענומען קוקן גאָר אַנדערש. מ'האָט אים נאָך אַלץ נאָכגעשריען „ווייס בלוט", „מענטשעלע"! אָבער אַלץ פון ווייטן, געוואָרפן אפילו אַ שטיינדל, אָבער נאָר פון אַ באַהעלטעניש, אָבער אַ „הוידע" פון אים האָט מען שוין מורא געהאַט צו מאַכן.

מור האָט זיך אפילו דורכגעשפּאַצירט יעדן טאָג דורכ'ן נעגערשן געסל און עטלאַכע מאָל געמאַכט אַ שפּאַציר אין שטאָט, פאַרבייגעגאַנגען די הינט-קראָם. דער באַלעבאָס האָט אים דערקאָנט און זיך געיאָגט נאָך אים מיט אַ פּעטליע. מור איז אָבער אַנטלאָפן מיט דער פּעטליע און זיך שטאַרק געהיט קומענדיג ווידער אין שטאָט, סיידן ער איז געגאַנגען מיט דזשימי'ן.

דער באַלעבאָס פון קראָם איז עטלאַכע מאָל געקומען צו דזשימי'ן, פּרובירט בא אים צוריק אָפּקויפן מור'ן, אָבער דזשימי האָט געלאַכט:

— האָסט ניט אַזוי פיל געלט!

די יונגען אין גאַס האָבן מור'ן עטלאַכע מאָל אונטערגעוואָרפן סם איינגעקנאָטן אין ברויט. מור האָט עס אָבער ניט אויפגעהויבן. פאַרוואָרפן עס מיט דער לאַפּע, געוויזן, אַז ער האָט גענוג צו עסן אין דערהיים.

* * *

זינט אָבער די נאַכט מיט סאַלי'ן, איז עפּעס פאָרגעקומען צווישן דזשימי'ן און מור'ן. זיי זיינען געוואָרן בייז און אָנגעשטויסן איינער אַפן צווייטן.

דזשימי איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַראומערטער, אַ בייזער אַף זיך אַליין און אַף אַלעמען. ניט געקאָנט פאַרליידן וואָס עמיצער

איז דאָ אין שטוב. ער האָט אפילו ניט געקאָנט צוזען, ווי מור דרייט זיך אַרום. איבערהויפּט, וואָס ער קריכט אַפן בעט, ווייל דזשימי האָט געלאָזט, זינט יענער נאַכט, די בעט ליידיג. אַליין זיך אָנגעשפּארט נאָר, ווי אין יענער נאַכט, ווען סאַלי איז געקומען, אַפן ברעג בעט... ער האָט מור'ן אַרויסגעוואָרפן אין פאָדער־הויז. ער האָט פארמאַכט די טירן און ניט אַריינגעלאָזט קיינעם מיט „אַרבעט". כאָטש שטענדיג, אַז ער האָט געזען אַ נעגערטע טראָגן צו אים שיך האָט אים די האַרץ געקלאַפּט שטאַרק, געוועזן אויפגערעגט און געוואָלט טרעפן צי דאַרף מען אַ פּאָר זוילן מיט אָפּצאַסן, צי נאָר אַ לאַטקע.

מור איז אויך געווען בייז, וואָס דזשימי האָט אים אַרויס־געטריבן פון שטוב. עס האָט אים פאַרדראָסן, וואָס דזשימי האָט אים ניט צוגעלאָזן צו הענרי'ן... כאָטש סאַלי האָט אים שיעור אַ ביין איבערגעבראָכן.

דזשימי איז אים געוואָרן פרעמד. ער האָט אָנגעהויבן בענקען נאָכ'ן אַלטן באַלעבאָס. יענער איז געווען הויך און שלאַנק. אַז יענער פלעגט דורכשפּאַצירן די גאַס מיט אים האָבן מענטשן זיך אָפּגערוקט מיט דרך ארץ אָן אַ זייט. און דאָ, אַז ער גייט מיט דזשימי'ן, וואַרפט יעדער אין אים שטיינער.

מור איז געווען אויך שטאַרק הונגעריג. דזשימי האָט קיין זאַך ניט געבראַכט און עס איז שוין ניט געווען וואָס צו עסן. כאָטש נעם און עס אויף די קאַץ...

מור איז אַרויס פון שטוב און איז אַוועק אין גאַס מיט'ן געדאַנק שוין מער ניט צוריק קומען צו דזשימי'ן: ער וועט געפינען אַן אַנדער באַלעבאָס.

ער האָט זיך דערמאָנט אָן באָב'ן, טאַקע דזשימי'ס אַ פריינט, וואָס האָט עטלאַכע מאָל אים געוואָלט צולאַשטשען צו זיך מיט פלייש. קאָנטיג, אַ גוטער מענטש. קיינמאָל ניט געוואָרפן קיין שטיינער אין אים... דזשימי קומט אַמאָל צו באָב'ן און זיי שפּילן ביידע אין קאָרטן...

באָב איז געזעסן אַפן שוועל און געשניצט אַ שטעקן. דער־

זעענדיג מור׳ן האָט באַב געגעבן צו אים אַ פּייף, אַריינגעלאָפן אין שטוב און באַלד אַרויסגעקומען מיט אַ שיסל געקעכץ.

מור, אַן אויסגעהונגערטער, האָט זיך צוגעכאַפּט צום טעלער, אויסגעזשליאָקעט ביז צום טרוקן און געבליבן שטיין מיט אַן אָפן, הונגעריג מויל.

באַב האָט פאַרשטאַנען, אַז מור איז שטאַרק הונגעריג, האָט ער אַרויסגעטראָגן וואָס נאָר ער האָט געפונען. באַב האָט געלאַכט איז געווען צופרידן, וואָס מור עסט און וואָס, פאַרנאַכט, אַז די נעגערטע וועט קומען, וועט זי אַ צעשראָקענע אַרויסוואַרפן די גרויסע ווייסל־אויגן דערזעענדיג אַ ליידיגן דעם גרויסן אייז־אַלמער.

מור, אַ זאַטער, שטייט — ניט אַהער און ניט אַהין — אַקוראַט ווי ער וואָלט געגומען טראַכטן פון צו גיין צוריק אַהיים, צו דזשימי׳ן. ער האָט געזען, אַז באַב איז ניט קיין שלעכטער יונג, און איז ניט אַזוי קאַרג, ווי דזשימי. באַ אים קאָן מען כאַפּן אַ בעסערן ביסן. אָבער ער האָט פיינט די נעגערטע, וועלכע קוקט אַף אים ווי אַף אַן אומזיסטן פרעסער און ווי אַף איינעם, וואָס נעמט צו באַב׳ן פון איר. זי האָט עס אים געגעבן צו פאַרשטיין דורך עטלאַכע בריקעס, ווען באַב איז ניט געווען אין שטוב. זי האָט אים אפילו פּרובירט צו וואַרפן סם.

ווידער איז אפילו צווישן דזשימי׳ן און באַב׳ן געווען אַן אונטער־שייד, באַב מיט זיין גאַנצער גוטסקייט צו מור׳ן, האָט זיך געפילט „באַלעבאָס“, און באַ דזשימי׳ן חבר׳ישקייט...

מור האָט אפילו שוין פאַרגעסן צוליב וואָס און ווען ער איז אַנטלאָפן פון דזשימי׳ן.

דאָך קאָן זיין, אַז ער וואָלט זיך נאָך געשפּילט עטלאַכע טעג מיט באַב׳ן, אפילו געגאַנגען מיט אים כאַפּן אַ פּאָר האָזן, נאָך וואָס דזשימי גייט קיינמאָל ניט, און וואָלט נאָכדעם אַוועק צו דזשימי׳ן. און ווייטער, אַזוי אויך פון צייט צו צייט געקומען באַזוכן באַב׳ן.

דזשימי, קומענדיג אַביסל צו זיך, האָט אויפגעהויבן די פאַר־האַנגען און דערזען, אַז מור איז ניטאָ, האָט ער גענומען לויפן

זוכן דעם הונט... ער איז דורכגעלאָפן אַלע נעגערשע הויפן, איינגעשטעלט זיך און אריינגעקוקט אין אַלע לעכער, געפייפט:

אפשר האָט עמיץ מור׳ן געכאַפּט און אָנגעבונדן.

געפונען האָט ער אים ערשט פאַרנאַכט צו, בא באָב׳ן...

מור קוקט דזשימי׳ן אָן, וויל אַרויפשפּרינגען צו אים אַפן פּאַלע. ער פילט זיך שולדיג, לאָזט אַרונטער די אויערן, קריכט אַוועק אַן אַ זייט, ציט זיך אויס און קוקט נאָר מיט אַ זייטיג אויגל... ער זעט, באָב קלאַפּט דזשימי׳ן איבערן פּלייצע. דזשימי האַלט אַרונטערגעלאָזן די אויגן...

— וואָס איז דאָ?...

דזשימי האָט געזאָגט באָב׳ן, אַז אויב ער גיט אים ניט אָפּ דעם הונט, וועט ער ניט אָפּטרעטן...

באָב לאַכט:

— בלייב!

דזשימי טרעט טאַקע ניט אָפּ פון באָב׳ס שטוב, און האָט אפילו אַריבערגעטראָגן דעם וואַרשטאַט צו באָב׳ן אין פּאָדער־הויז... און דאָרט ליגט אויך מור אַפן שטרוי־זאַק...

מור פּרובירט אין די נעכט צוגיין צו דזשימי׳ן און אים לעקן מיטן צונג. דזשימי איז בייז און טרייבט אים אָפּ. ביסלאַכווייז בעט זיך דזשימי איבער און האַלדזט מור׳ן...

מור איז צום אָנהויב געווען צופרידן פון גאַנצן צופאַל. ער האָט טאַקע ליב דזשימי׳ן, אָבער באָב׳ן האָט ער אויך ניט פיינט און אַזוי האָט ער זיי ביידן נעבן זיך...

ער פאַרשטייט אָבער ניט מיט זיין הינטישן קאָפּ, אַז דזשימי ליגט בא באָב׳ן אין פּאָדער־הויז נאָר ווייל ער מיינט, אַז מור האָט ליב באָב׳ן און וויל פון אים ניט אַוועק...

אין די טעג גייט מור אַוועק מיט באָב׳ן אַף יאַגד, און טראָגט מיט גאוה די געשאָסענע פייגעלאַך אהיים.

דאָס זיינען אָבער געווען די האָניג־טעג... מור׳ן האָט גענומען דערעסן דער פּלאַץ. ער מוז ליגן אַף אַ שטרוי־זעקל אין פּאָדער־הויז, טאָר אַפן בעט ניט אַרויפגיין. און אַז ער איז איינ־

מאָל אַרויף, האָט אים ניט בלויז די נעגערטע, נאָר אפילו באַב אַליין אויך געשלאָגן.

ער האָט אויך גענומען פילן אַ ווייטאָג אין הארצן און גע־טראַכט, אַז די נעגערטע האָט אים ווי עס איז אַריינגענאַרט מיט סם...

איין טאָג, אַז באַב איז ניט געווען אין שטוב, האָט די נעגערטע, וואָס האָט די גאַנצע צייט ניט געקאָנט פאַרטראָגן „ווייס בלוט", געכאַפּט די אַלטע שיך מיט די געצייג און גענומען וואַרפן אינ־דרויסן...

— אַרויס, „ווייס בלוט"!

דזשימי האָט געוואָרפן אַ בייזן בליק צו מור'ן...

— אַלץ צוליב דיר!

מור איז געווען צופרידן פון דעם. געזען אַן אויסלייז. האָט געכאַפּט די שיך און עס געטראָגן צו דזשימי'ס שטיבל...

דזשימי האָט דעם הונט ניט פאַרשטאַנען, געמיינט, אַז אויך ער וויל פּטור ווערן פון אים...

ער האָט גאָרניט גערעדט, איז אַרויף בא באַב'ן אויפן בוידעם וואו דער גרויסער אינדיאַנער רימען איז געווען אָנגעבונדן... אַז מ'האָט אים געפונען, איז ער שוין געווען קאַלט...

באַב האָט אים געגעבן אַ בריק און אַרויסגעוואָרפן אין דרויסן און קליינע נעגערלאַך האָבן אים געשליידערט און נאָכגעלאָפן דעם קברנ'ס אויטאָמאָביל.

— „ווייס בלוט"!

* * *

גאַנצע טעג האָט באַב אַרומגעזוכט מור'ן, וועלכער איז פאַר־שוואונדן געוואָרן באַלד נאָך דזשימי'ס טויט. ער האָט אים ענד־לאַך געפונען מיט פאַרסקאַריטשעטע ציין אויפן בית־עולם, אויפן פרישן בערגל זאַמד, וואו עס איז געלעגן באַגראָבן „ווייס בלוט"...

# ברודער ליבע

צוויי ברידער זיינען זיי געווען. געהאט האָבן זיי איינע און דיזעלביגע פּנים׳ער אוןביידע פון איין וואוקס. אויך אין עלטער כמעט איינס — דער אונטערשייד איז געווען נאָר אין אַ קנאַפּן יאָר.

אַזוי, אַז מענטשן זייטיגע, האָבן זיך געטומלט, גערופן:

— בעני!

כאָטש דאָס איז געווען ביינוש.

— יאָ, דו ביסט דאָך דער עלטערער?

כאָטש דאָס איז דער אינגסטער געווען.

נאָר איינע האָט זיך ניט געטומלט. דאָס איז געווען אַ יונג שיין בלאָנד מיידל. באַ איר איז געווען אַ גרויסער אונטערשייד צווישן די צוויי ברידער. זי האָט זיי ניט פאַנאַנדערגעטיילט אין עלטער און אינגער, און בעני און ביינוש, נאָר אין ליבע צו איינעם און גלייכגילטיקייט צום צווייטן — וואָס גרעניצט זיך מיט האָס.

זי האָט געליבט דעם עלטערן ביינוש און פיינט געהאַט דעם אינגערן בעני.

פאַר איר זיינען זייערע פּנים׳ער ניט געווען איינע און די זעלבע. זי האָט געזען דאָס, וואָס קיינער האָט ניט געזען:

באַ ביינוש׳ן אַ פּנים אַ מילדן, אַ ליבן, און באַ בעני׳ן אַ פּנים אַ הארטן, אַ שטיק מירמל־שטיין.

און אפשר האָט זי קיין זאַך ניט געזען, נאָר געפיל האָט איר אונטערגעזאָגט, אויסגעטראַכט אַ מעשה פון מילדקייט און הארט־קייט.

זייער טאַטע, צאַליע, האָט אויך געזען אַן אונטערשייד. ער האָט פון ווי ווייט געקאָנט דערקאָנען, וועלכער איז בעני און וועלכער ביינוש. אין וואָס דער אונטערשייד איז באַשטאַנען

האָט ער אַליין ניט געוואוסט. ער האָט אָבער ניט געהאַנדלט, ווי די שיינע בלאָנדע מיידל. ער האָט זייביידן גלייך ליב געהאַט, און תמיד געזען צו היטן דאָס גלייכגעוויכט, קיינער זאָל ניט געקריווור־דעט ווערן, — ביידע קינדער!

נאָר, אָט האָט זיך אָנגערוקט אַ פּאַסירונג, וואָס ער האָט ניט געוואוסט, ווי עס פאַרבייצוגיין. איינער פון זיי מוז געקריוודעט ווערן. וואָס טוט מען?

די געשיכטע איז געווען אַזוי: זייער מאַמע איז געווען אַ קינדלדיגע. זי האָט געבוירן זיבן מיידלאַך — אַ מיידל באַ יעדער קינדפּעט. ערשט אָפן אַכטן קינדפּעט האָט זיך באַוויזן אַ אינגל — אָט דער ביינוש. צאַליע, דערזעענדיג, אַז עס איז אַ אינגל, האָט דאָ גלייך זיך געכאַפּט, אַז דאָ הויבט זיך אָ אַ סדרה אינגלאַך. עס איז טאַקע געווען ריכטיג. אין אַ קנאַפּן יאָר איז געקומען בעני. עס וואָלטן געקומען נאָך „נעמען", נאָר אָפן דריטן קינדפּעט — מיט אַ זון און צענטן קינדפּעט — קינד, האָט זי פאַרלאָרן דעם מוט און געשטאָרבן.

אין דער אמת איז צאַליע געווען צופרידן פון אינגל־איבערבייט. נאָר וואָס וואָלט געווען, ווען אַלע קינדער וואָלטן זיין געווען, וואָס וואָלט ער געטאָן, ווען פּריזיוור־צייט קומט אָן?... שיקן ניין בנים, איינעם נאָכן אַנדערן, פאַר סאָלדאַטן?... ניין יאָר, — יאָר נאָך יאָר, דרייצן יאָר ביז אַלע וועלן זיין אויסגעדינטע, און נאָך פיר מיט אַ מאָל. — צאַליע איז אַן אויסגערעכנטער איד, רעכנט וואָס מאָרגן וועט זיין. ער איז אַוועק צום פּראָשעניע־שרייבער, און זיך דורכגערעדט. עס איז געבליבן, אַז צאַליע זאָל ביינוש'ן ניט פאַרשרייבן אין די מעטריקע־ביכער, ביז נאָך איינער וועט קומען, און דעמאָלט עס מאכן פאַר אַ צווילינג, וועט נאָר איינער דאַרפן גיין. דאָס איז דער געזעץ.

ער האָט אַזוי געטאָן.

און די צייט איז טאַקע געקומען. נאָר ווער זאָל גיין? אים זיינען ביידע גלייך טייער, ביינוש, אַזוי ווי בעני, און בעני, ווי ביינוש.

ברעכט זיך צאַליע דעם קלוגן קאָפּ אין די טעג און נעכט, און געפינט ניט קיין עצה.

אויסער צאַליע'ן ברעכט זיך נאָך עמיץ דעם קאָפּ, — דאָס איז די יונגע שיינע בלאָנדע מיידל.

זי קאָן ביינוש'ן, ער איז צו גוט. ער וועט ניט לאָזן בעני'ן גיין, ער ביינוש איז דאָך דער עלטסטער.

קרעכצט דער טאַטע אין די טעג און די מיידל וויינט אין די נעכט:

— פיר יאָר!

באַ ביינוש'ן און בעני'ן איז אָבער די זאַך באַשלאָסן.

ביינוש טראַכט:

— נאָך ניט גענוג, וואָס איך האָב פון בעני'ן זיין ליבע מיידל צוגענומען, ווייל בעני האָט דאָך דער ערשטער מיט דער מיידל גענומען אַרומגיין, זאָל ער נאָך פאַר מיר אין סאָלדאַטן „גיין" ?

(די מיידל ווייסט ניט אַף געוויס צי ביינוש איז געווען דער ערשטער, מיט וועמען זי האָט זיך באַקאָנט, אָדער בעני. ווייל די ערשטע צייט האָט זי זיך אויך געטומלט, און איינעם אַף דעם צווייטן פאַרביטן).

— יאָ, ער, ביינוש, וועט „גיין" אין סאָלדאַטן און ער דאַרף גיין.

בעני האָט געטראַכט נקמה'דיג:

זאָל ביינוש גיין. ער איז עלטער, און זי, די בלאָנדע, זאָל אין גרויען צאָפּ פאַרזיצן.

ווען דער פּריזיוו־טאָג איז געקומען און בעני האָט דערזען ביינוש'עס פאַרוויינטע אויגן און די מיידל מיטן בלאַס, אויס־געצערט פּנים, האָט זיך אין אים דערוועקט די ברודער־ליבע און די פאַרשטיקטע ליבע צום מיידל און ער האָט געזאָגט:

— ברודער, דו האָסט אַ מיידל, וואָס ליבט דיך און דו ליבסט זי. בלייב אין דערהיים.

— איך האָב אויך אַ מיידל, וואָס איך ליב, נאָר זי ליבט מיך ניט. איר ליבן קאָן איך פון דערווייטן אַזוי גוט ווי פון דערנאָענט,

און אפשר נאָך בעסער. פונדערווייטנס וועל איך ניט זען, ווי זי ליבט א צווייטן, וועט זיך מיר דוכטן, אז זי ליבט מיך... שטייט א פאַרביינקטע באַ די פענצטער און וואַרט אַף מיין קומען...

— איך וועל גיין!

די ברידער האָבן זיך געקושט און געוויינט.

בעני איז אין סאָלדאַטן אוועק...

* * *

ביינוש האָט חתונה געהאַט מיט דער בלאָנדער מיידל. דעם ברודער אין די סאָלדאַטן אַ חתונה־איינלאַדונג געשיקט. געפילט, אַז ער צאָלט דעם ברודער זיין חוב.

ער וועט זי פאַרגעסן און אפשר האָט ער זי שוין פאַרגעסן.

אויסער דעם האָט ביינוש אָנגעגרייט נאָך עפּעס, מיט וואָס דעם ברודער דעם חוב צו דערצאָלן.

דאָס איז געווען זיין ווייב מערי'ס שוועסטער, אַ שיינע, ווי מערי, און אויך אַ בלאָנדע, וואָס איז פאַר דער צייט אויסגעוואַקסן פון אַ קינד אין אַ מיידל. ער איז זיכער, אַז אויב בעני האָט נאָך זיין, ביינוש'עס ווייב, די בלאָנדע מיידל ניט פאַרגעסן, וועט ער זי פאַרגעסן, ווען ער וועט דערזען די יונגע נייע, דוכט זיך, איבערגיים אויסגעוואַקסענע מערי...

איז אָבער מלחמה אַף דער וועלט געקומען.

בעני קאָן ניט קומען אַהיים. ער לאָזט הערן פון זיך נאָר אין בריוולאָך קורצע און פאַרביטערטע...

שטעכן זיי אים, ביינוש'ן, ווי מיט נאָדלען:

ער, ביינוש, איז אין אַלץ שולדיג, צוגענומען די ליבסטע פון אים, און אים געשיקט אין מלחמה, כמעט אַזאַ מעשה, ווי דוד מיט אוריה'ן. און דעם חוב צו באַצאָלן האָט ער שוין אויך ניט, זיין ווייב'ס שוועסטערל איז צו אַן אַנדער פרעמדן בחור אוועק.

און אַט איז שוין באַלד ניטאָ וועמען צו צאָלן. די לעצטע צייט לאָזט בעני פון זיך אינגאַנצן ניט הערן...

איין טאָג, קומט אָן פון שטאַט אַ בריוו מיט שטעמפּלען:

„קומט — נעמט אָפּ אייער ברודער דעם העלד, בעני גאָלד“.

א פעקל, ניט קיין ברודער, האט מען ביינוש'ן געגעבן אין דער גרויסער שטאט, וואוהין ער איז געקומען נאך'ן ברודער. א קערפער אן פיס, ביז'ן סאמע זיץ, און פארגעלט, אזוי, אז עס קוקט גאר ניט אויס ווי א מענטש, נאר ווי א פופע, וואס מען האט פון א רייכן הויז, נאכדעם, ווי די קינדער האבן פון דעם די פיס ארויס־געריסן, ארויסגעווארפן.

ביינוש נעמט ארום פארזיכטיג בעני'ן, וואס קוקט אף אים מיט גרויסע, אויסגעגלאצטע, טאקע פופע'שע אויגן. אינדערהיים וואשט ער אים און פוצט אים אויס, ווי אן אלטווארג הענדלער זיינען אויפגעקליבענע זאכן.

בא בעני'ן צעשיינט זיך דאס פנים, די אויגן צעפינקלען זיך. ביינוש איז צופרידן, גליקלאך, פארגעסט גאר, אז בעני איז אן פיס, די הענט האלב געליימט, און דער געדאנקען־גאנג אויך ניט אין בעסטן ארדנונג... אבי דער פנים לייכט.

זיצט בעני טעג און נעכט אפן בעט, און קוקט אויס, ווי א ניט־פארענדיגטע זאך, וואס וואלגערט זיך דערווייל אף בעט־ווייכענישן.

זיצט זיך אזוי, ציט פאפיראסן איינע נאך די אנדערע, און שפילט זיך קינדעריש מיט צאצקעלאך און מענטשעלאך און שמייכלט תמ'עוואטע.

ביינוש האט שוין געהאט ווי פארגעסן, אז עס איז זיין ברודער בעני, וואס איז כמעט אין איין עלטער מיט אים און האט געקאנט זיין דאס, וואס ער, ביינוש, איז איצט, און ער, ביינוש, וואס בעני איז איצט. עס האט אים אויסגעקוקט, ווי א גאנץ געוויינלאכע זאך — ער האט בא זיך אפן בעט א לעבעדיג פעקל, וואס שמייכלט און לאכט הילכיג, אט ווי עמיץ אנדערש האט א פויגל אין א שטייג. ער האט פארגעסן, אז דאס פעקל האט א הארץ, וואס האט גלוסטן, אפשר נאך מער, ווי א הארץ, וואס שטייט אף פיס.

ביינוש פילט גארניט בעני'ס אנוועזנהייט, ער פלירטירט מיט זיין ווייב, מיט דער אמאליגער בלאנדער מיידל, וואס איז נאך

היינט אין בעני׳ס אויגן דיזעלבע בלאָנדע מיידל, וואָס אַמאָל, נאָר מער אויסגעוואַקסן און שענער.

— אויך זי, די בלאָנדע מיידל, גייט אָרום אין די פרימאָרגנס — ווי קיין פרעמדער וואָלט אין שטוב ניט געווען — אין אַ דין מאָרגן־ראָק; אירע קערפּער־טיילן שניידן זיך בולט און דורכזיכ־טיג אויס... אַז זי דאַרף אַמאָל עפּעס איבערן בעט, וואו בעני זיצט, בויגט זי זיך אַריבער און אירע בריסטן רירן כמעט אָן בעני׳ס ליפּן... און זי פילט ניט, אַז זי ברענט אים, רייצט אים ביז משוגע...

ביינוש האָט זיך געכאַפּט, אַז ער האָט שוין בעני׳ס געלעכטער פאַר אַ צייט ניט געהערט. ער איז צו אים צוגעגאַנגען און דערזען אַ פּנים אַ פאַרהאַרטעוועטן, ווי אויסגעהאַמערט פון אייזן און אין די אויגן אַ פאַרביסן זשעדנעם קעציש פייערל.

ביינוש האָט אים געאַרמט און געקושט:

— בעני, וואָס איז געשען?

בעני האָט זיך ווילד צעשמייכלט.

ביינוש׳ן איז געוואָרן קלאָר: אַזאַ שמייכל האָט ער שוין באַ בעני׳ן געזען אַמאָל, ווען די בלאָנדע מיידל, זיין ווייב, האָט געזאָגט, אַז זי ליבט אים, ביינוש׳ן און ניט בעני׳ן.

נאָר וואָס איז ער, ביינוש, שולדיג? טאַקע אַ האַרטע שטראָף: ער, בעני, זאָל מוזן זיצן און קוקן ווי זי, די בלאָנדע מיידל, ליבט אַן אַנדערן, און ער זאָל ניט קאָנען אַפילו פּראָטעסטירן מיט אַזאַ קליינינקייט, ווי אַוועקגיין?...

יאָ, ער פאַרשטייט עס. עס קומט אָבער דאָך אויס, ווי ער, ביינוש, רייצט זיך נאָר מיט אים, נאָכדעם, ווי ער האָט פון אים אַלץ צוגענומען, אַפילו די מעגלאַכקייט צו ווערן געליבט פון אַן אַנדער מיידל.

ביינוש וואָלט דעמאָלט אַלץ אים, בעני׳ן, אַוועקגעגעבן, אַפילו זיין ווייב, וואָס ער ציטערט איבער איר אַזוי אינגעלש אייפער־זיכטיג. נאָר ווי אַזוי? עס זאָגן דער ווייב, וועט זי דאָך מיינען:

— משוגע!

ער האָט שוין פּרובירט דורך זייטיגע וועגן, געזאָגט צו איר:

— זיי גוט צו בעני׳ן.

פאַרשטייט זי עס ניט, שטאָפּט אים מיט עסנס, און דער שמייכל דער בייזער, וואָס שטעכט אים, ביינוש׳ן, דורך און דורך, ווערט נאָך שאַרפער, בייסיקער.

ער האָט געוואָלט אָנגיין מיטן וועג, ווי צו א קאַץ: געבן מייז, כדי פון טיש ניט גלוסטן.

ער איז אוועק און געקויפט ליבע פאַר אים פון דער גאַס. א מיידל, א שיינע געבראַכט. צוגעזאָגט דריי מאָל אזויפיל. נאָר ווי יענע האָט דעם קריפּל דערזען, האָט זי געגעבן א קוויטש און איז אנטלאָפן...

ביינוש׳ן איז איינגעפאַלן א קרבן צו ברייננגען.

ער האָט בעני׳ן אויסגעוואַשן, נייע זיידענע העמדער געקויפט. מיט פאַרפיום די בעט צעגאָסן... און זיין ווייב, די בלאָנדע מיידל, אים צוגעוואָרפן. — — — — —

* * *

דער פּעקל־ברודער האָט געקרעכצט און געשמייכלט, בייסנדיג ברודער׳ס ווייב־לייב. — — —

# דריי

פון דער גרויסער, טומלדיגער שטאָט ניו יאָרק זיינען אין איין הייסן זומער־טאָג דריי מענטשן ארויסגעפאָרן אַף אַ „דאַטשע".

אַלע דריי האָבן ניט געהאַט קיין פאָראויס־באַשטימטן פּלאַץ, וואוהין צו פאָרן, און איינער פון צווייטן האָט ניט געוואוסט. דאָך זיינען זיי אַלע דריי אָנגעקומען אַף איין און זעלביגן אָרט.

איינער פון די דריי, מיסטער נאָרגאַן, דאָס איז ניט געווען קיין אָרעמער „סיילעסמאַן", וואָס האָט זיך באַצירט מיט דעם מיליאָנערסקן יחוס׳דיגן נאָמען, כדי ער זאָל די נאַראָנים, די פאַרמער, קאָנען דערציילן אַ מעשה, אַז ער איז איינער פון דער מיליאָנערסקער משפחה — נאָרגאַן.

דער נאָרגאַן איז געווען טאַקע דער אמת׳ער מיליאָנער נאָרגאַן, וועמען יעדער אַמעריקאַנער שול־קינד שעצט אַזוי פיל, ווי וואַשינג־טאָן און לינקאָלן.

דער צווייטער, דזשעקי, איז ניט געווען קיין מיליאָנער, נאָר אַ שוסטער, אַ פּראָסטער שוסטער, וואָס קאָן אפילו ניט נייען קיין נייע שיך, נאָר פאַרריכט אַלטע.

דער דריטער, טשאַרלי, איז געווען לויטן פאַך אַ שמיד, מיט אַ יחוס פון דור־דורות שמידן. ער איז געווען אַ קלוגער מענטש, ניט קיין עקשן, ווי אַנדערע שמידן, וואָס שטייען מיט פאַר־קאַטשעטע אַרבל און ווילן דוקא זיין שמידן, כאָטש פערד גייען ארויס פון דער מאָדע. ער איז צום אָנהויב אויך געווען איינגע׳עקשנ׳ט, ווי אַלע שמידן, ווען אויטאָמאָבילן זיינען ארויס אַף דער וועלט, און געהאַלטן אין איין טענה׳ן:

— פערד וועלן צוריק באַהערשן די וועלט.

זעענדיג אָבער, אַז זיין וועלט־אַנשויאונג האַלט ניט אויס, אַז אויטאָמאָבילן ווערן מער, און פערד ווי די ערד וואָלט זיי איינגע־

שלונגען, האָט טשאַרלי אַרויסגעוואָרפן דעם בלאָז־זאַק, אָראָפּגע־נומען דעם שילד פון דעם, אַף וועלכן עס איז געווען געשריבן מיט גרויסע ווערטער: „פערד־לאַזאַרעט“, אויסגעמעקט דאָס וואָרט „פערד“ און אויפגעשריבן „אויטאָמאָביל“, און אַזוי איז טשאַרלי געוואָרן אַן אויטאָמאָביל־מעכאַניקער.

דער מיליאָנער נאַרגאַן האָט, פאַרשטייט זיך, דזשעקי׳ן מיט טשאַרלי׳ן ניט געקאָנט, און ניט געוואוסט, אַז אַזעלכע צוויי מענטשן עקזיסטירן אַף גאָט׳ס וועלט. זיי האָבן אויך נאַרגאַנ׳ען ניט געקאָנט פערזענלאַך, נאָר אַלס „גוטע“ אַמעריקאַנער, האָבן זיי געהערט פון אים און אים געשעצט.

די צוויי, דזשעקי מיט טשאַרלי׳ן, האָבן זיך אויך ניט גוט געקאָנט, ניט געוואוסט אַפילו איינער דעם צווייטנ׳ס נאָמען. זיי זיינען געווען נאָר שכנים אין אַ גרויסע טענעמענט־הויז; זיי האָבן זיך עטלאַכע מאָל געטראָפן אַף די טרעפּ, און, ווי אַמערי־קאַנער, זיך באַגריסט מיט אַ „העלאָו“.

ווייטער איז זייער באַקאַנטשאַפט ניט געגאַנגען.

דזשעקי איז געווען אַ ליבהאָבער פון ביטערן טראָפּן. ער האָט ניט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי דאָס קומט, וואָס אַזעלכע גרויסע קאָפּ־מענטשן, ווי קאָנגרעס־לייט, האָבן פאַרבאָטן אַזאַ וויכטיגע, נויטיגע זאַך, ווי אַביסל גוטן ספּירט. ער האָט זיך אָבער ווי־עס־איז אַן עצה געגעבן, געקויפט יעדן טאָג אַ פלעשל אַלקאָהאָל אין פאַרב־קראָם און געמישט העלפט מיט וואַסער, און געמאַכט דאָס, וואָס מ׳רופט „געשניטן אַלקאָהאָל“.

נאָך אַזאַ טרונק פלעגן באַ דזשעקי׳ן ברענען די געדערים און זיך ציען ווי צום איבערברייסן. אין דערבייאיגן שענקל, וואָס האָט זיך גערופן „קאַפע“, האָט ער פאַר אַ האַלבן דאָלאַר געקאָנט קריגן אַ גוטן „שאָס“ פון „לבנה־שיין“, אמת׳ע גוטע סחורה, וואָס איז צעגאַנגען אין אַלע גלידער. האָט מען דאָרט געגעבן אַזוי ווייניג, בלויז די ליפּן צו באַלעקן. דזשעקי איז ניט קיין פרויען־צימער. ער האָט פיינט זיך צו צערייצן, אַז געטרונקען שנאַפּס, זאָל זיין

געטרונקען. אז ניט, טרינקט מען וואסער און מ׳טראכט בעת מעשה פון שנאפס.

דזשעקי האט געהאט אן אנקל א פארמער. ער איז, ווי דזשעקי, געווען א ליבהאבער פון ביטערן טראפן. ער האט אויך, ווי ער, ניט געקאנט באנעמען, פארוואס ריכטער מיט גרויסע שטערנס און מיט אזוי פיל „מארך״, ווערן אין כעס און זעצן הינטער גראטעס, ווען מען טרינקט שנאפס.

ער האט זיך אויך אן עצה געגעבן, און א סך בעסער, ווי דזשעקי. ער האט זיך געמאכט אן איווועלע, געשאטן דארט קארן, און מיט דער הילף פון א „רעצעפט״ איז דאס ארויסגעקומען אמת׳דיגע גוטע סחורה.

דזשעקי׳ס אנקל האט גריילאך געוואלט ברענגען עטלאכע פלאשן זיין פלימעניק דזשעקי׳ן. מיטנעמען א שטיק געריכערט חזיר־פלייש, זיך זעצן מיט דזשעקי׳ן אף די שוסטער־ביינקלאך און זופן.

ער האט גוט געוואוסט, אז דזשעקי׳ן וועט עס אויך הנאה טאן, ער וועט זיך אזש כאפן קושן:

— פעטערל, לעבן זאלסטו.

ער איז אבער געווען א טרום און מורא געהאט פאר דער „גאווערנמענט״.* מיט איר קאן מען זיך ניט שפילן. ער האט שוין איינמאל געהאט מיט איר דערפארונג: עס האט געפעלט צו די טעקסעס** עטלאכע צענדליג דאלאר, האט די „גאווערנ־מענט״ צוגענומען אלע בהמות.

דאך שטעלט ער זיך איין און ברענגט דזשעקי׳ן א ביסל אין א קליין מעדיצין־פלעשל, טאקע מער ניט די ליפן צו באנעצן. דזשעקי פילט זיך אי גוט, אי בייז, צערייצט... קערט די פלעשל אין העלדזל און לעקט, כאטש זי איז שוין ליידיג.

דער פעטער, דער פארמער, פילט דזשעקי׳ס ליידן, טענה׳ט ער מיט אים איין:

---

* מלוכה.

** מלוכה־שטייער.

—דזשעקי, איך וועל דיר ברייננגען קאַרן. באַשטעל באַ א בלעכער אַן אויוועלע, און מאַך פאַר זיך אליין, ווענסטו האָבן צו שלוכצן, וויפיל דו ווילסט!

— דו, פעטערל, ביסט אַף א פאַרם, קאָנסטו טאָן וואָס דו ווילסט, די „גאָווערנמענט" וועט צו דיינע בלאָטעס ניט גרייכן... באַ מיר איז אָבער א טענעמענט־הויז, דו ווייסט ניט, ווער דיין שכן איז, ס'קאָן אמאָל זיין גאָר א „בלויער ראָק".

פאַר „בלויע רעק" האָט דזשעקי מורא; מיט זיי האָט ער פיינט צו פּראָווען קונצן. אַזאַ איינער, אַז ער קומט אַריין צו אים פאַררריכטן די שיך, נעמט ער קיין געלט ניט, פרייט זיך, אַז ער בייזערט זיך ניט... שוין געהאַט אמאָל פאַרריכט די שיך פאַר א „בלויען ראָק", האָט ער זיך אָנגעטשעפּעט, אַז ער האָט אים „איבערגעפירט" די שיך, אים געשלעפּט אין געריכט, און ער האָט אים געמוזט באַצאָלן פאַר די „איבערגעפירטע" שיך...

טשאַרלי דער מעכאַניקער, איז אויך געווען א פאַרערער פון ביטערן טראָפּן. נאָר באַ אים איז אויסגעקומען די גאַנצע זאַך, ווי דער ענין מיט פערד: ניטאָ קיין פערד־שמידעריי, ווערט מען אַן אויטאָמאָביל־מעכאַניקער; ניטאָ קיין ריכטיגע ספּירט צום קויפן, דאַרף מען עס אליין מאַכן. האָט ער אין קוזשניע, וואו דער בלאָז־זאַק איז געשטאַנען, איינגעשטעלט אַן אויוועלע מיט א קראַן, וואָס פון א געמיש פון צוקער מיט קאַרטאָפל קאַפּעט אַרויס שטאַרקער וואַרעמער ספּירט. פאַר „בלויע רעק" האָט ער ניט מורא. ער איז א יונג מיט געזונטע אָרעמס, און „בלויע רעק" ווייכן פון אַזעלכע, זיי האָבן ליב זיך צו איזדעקעווען איבער שוואַכע, איינגעהויקערטע דזשעקי'ס.

טשאַרלי האָט איין מאָל, באַגעגנענדיג דזשעקי'ן אַף די טרעפּ, אים א פרעג געטאָן:

— שכן, ווילסט א „שאָס" גוטע?!

באַ דזשעקי'ן האָבן די אויגעלאַך זיך צעגלאַנצט און דזשאָן האָט לאַכנדיג אים אַריינגעגאָרגלט פון דער פלעשל — שטייענדיג אַף די טרעפּ טאַקע.

דזשעקי האָט געציטערט און געטרונקען, און איז נאָכדעם געלאָפן מיט שרעק, טאָמער האָט א „בלויער ראָק" עס באמערקט.

איינמאָל, עס איז געווען א הייסער זומער־טאָג, האָט טשארלי באגעגנט דזשעקי׳ן אף די טרעפ. טשארלי האָט, ווי תמיד, א זאָג געטאָן דער ערשטער:

— העלאָו, שכן!

דזשעקי, וואָס ענטפערט תמיד מיט א שטילן העלאָו, ווייל ער פילט זיך עפּעס קליינלאך און נישטיג אנטקעגן דעם הויכן געזונטן טשארלי, האָט דאָס מאָל געענטפערט מיט א הויכן „העלאָ". דאָס איז געווען דערפאר, ווייל זיין פעטערל, דער פארמער, האָט אים דעם טאָג געבראַכט א גאַנצע פלאַש, און זי איז שוין אַן אויסגעליידיגטע — טויזנט „בלויע רעק" קאָנען עס שוין פון אים ניט צונעמען. איינגאנצן אריינגעגאַרגלט. און אויסער דעם „העלאָו" האָט ער נאָך צוגעלייגט:

— איז דיר געגוג הייס היינט, מיין שכן?

טשארלי איז שטיין געבליבן, האָט אים גוט־ברודעריש ארויפגע־לייגט די האַנט אפן אקסל.

— צו־הייס! איך פאָר היינט אף א „דאַטשע".

— וואוהין, שכן?

— קעמפּן ערגעץ!

דזשעקי איז נאָך אף זיין לעבן קיינמאָל ניט ארויסגעפאָרן אין ערגעץ. ער איז סיי ווינטער, סיי זומער געלעגן אין שטאָט. אמאָל נאָר, אין די הייסע טעג, געגאַנגען כאַפּן א שווים. ער האָט געהערט דערפון, אַז רייכע מענטשן פאָרן זומער אף „דאַט־שעס", נאָר אַז אָרעמע מענטשן, וואָס וואוינען אין טענעמענט־הייזער, פאָרן אויך, דאָס הערט ער דאָס ערשטע מאָל.

פון טשארלי׳ן איז ער דערגאַנגען, אַז עס איז גאָר ניט אזוי שווער: מ׳גיט זיך אַן עצה, מ׳ארבעט אונטער בא א פארמער עטלאָכע טעג, און דאָס איבעריגע ליגט מען אפן פעלד און מ׳טרינקט שנאַפּס.

טשארלי האָט גע׳עצה׳ט דזשעקי׳ן ארויפגיין צו דזשייק׳ן דעם

דזשאַנק־הענדלער, וועט ער פאַר אַ פינף־און־צוואַנציגער קריגן אַן אויטאַמאַביל מיט אַלע מכשירים.

טשאַרלי איז געווען אַזוי גוט, אַז ער האָט זיך אָנגעבאָטן אים צו העלפן — מיט זיינע מבינות און אויך באַקאַנטשאַפט מיט דזשייק׳ן — באַם קויפן דעם אויטאַמאַביל.

* * *

דזשייק שטייט אַפן הויף, אין מויל איינגעביסן אַ „לאַ־פּאַלינאַ״ ציגאַר. דאָס איז אַגב דער איינציגער מין ציגאַר, וואָס ער רויכערט. ערשטנס, מיינט ער, אַז דאָס איז דער בעסטער ציגאַר אין דער וועלט. ווידער איז ער אַ נאַציאָנאַלער איד. זיינער אַ לאַנדסמאַן האָט אים דערציילט, אַז די „לאַ־פּאַלינאַ״ ציגאַרס זיינען געמאַכט פון אַ אידן, און דער נאָמען מיטן בילד איז פון אַ געוועזענער אידישער אָרעמער מיידל. און אויך ער, דער איד, דער דערפינדער פון ציגאַר, איז געווען אַן אָרעמער אידישער בחור.

אי אַ איד, אי אַן אָרויפגעאַרבעטער, אַ „סעלף מעיד מען״ — אַ געוואָרענער רייכער. דאַרפמען סיי פון אידישן שטאַנדפּונקט און סיי פון אַמעריקאַנישן, פּאַטראָניזירן אַזאַ סחורה.

רויכערט דזשייק דעם „לאַ־פּאַלינאַ״ ציגאַר; די זון באַקט; אַ פּאָר שוואַרצע אויסגעשמירטע נעגערס זיצן מיט האַמערס איבער אַ גרויסן שטיק אייזן. דזשייק׳ן טראַכט זיך היינט אַזוי לייכט, שפּילעוודיג: דער באַנקיר האָט אים היינט געדריקט די האַנט און גערופן מיסטער הערמאַן!

אודאי דאַרף מען אים אַזוי רופן. ער איז דאָך פּאָרט דער מענטש, וואָס האָט פון אַ שמאַטע־קלייבער זיך אָרויפגעאַרבעט אַזוי הויך.

אַפן הויף באַווייזן זיך טשאַרלי מיט דזשעקי׳ן. טשאַרלי שפּאַנט פאָראויס, און דזשעקי בלייבט פון הינטן.

דזשייק דערזעט אים גלייך און מאַכט זיך ניט זעענדיג. דאָס איז זיין געזעץ אין געשעפט — מאַך זיך טויב און בלינד.

— העלאָו, דזשייק!

דזשייק סטארטשעט אויס די אויגן, ווי ער וואָלט אים אָקאָרשט ערשט דערזען.

— העלאָו, פריינט!

דזשייק קאָן גוט טשארלי'ן; ניט איין שלעכטן ראָד האָט ער אים אריינגערוקט. א שוטה א גוי. דערפאר קאָנען זיי, די גוים, ניט „מאכן" קיין געלט. מארך פעלט.

— וואָס קאָן איך טאָן פאר דיר, פריינט!

טשארלי ציט זיך אויס, ווארפט ארויס דעם גרויסן בויך, וואָס ווייל ער טראָגט ניט דעם רימען, צוליב דער היץ, דוכט זיך אויס, אַז דער בויך האַלט זיך באַם אויסקערן. ער פארלייגט די הענט, ווי ער וואָלט דאָ געקומען צוליב א וויכטיגער זאַך:

— הער, דזשייק, אָט דער איז מיינער א פריינט, מיינער א שכן. ער דארף האָבן אַן אויטאָמאָביל. איך וויל, דו זאָלסט אים געבן א ביליגן און א גוטן.

— ביליג און גוט? א שווערע זאַך. נאָר פאר דיר, מיין פריינט, וועל איך אַלץ טאָן.

דזשעקי קוקט מיט דאַנקבארע בליקן אַף טשארלי'ן. און טשארלי קוקט מיט גרויסקייט ארויף. שושקעט איין דזשעק'ן אַפן אויער:

— ווייס, דזשעקי, אַז דער דזשייקל איז א מיליאָנער, א נאָר־גאָן. א שמאַטע־קלייבער אַמאָל געווען, היינט ווייסט ער אַליין ניט, וויפיל ער פארמאָגט.

דזשייק האָט אַן אַלטע קאר, ער האָט זי געקויפט טאקע דעם פרימאָרגן. זי האָט געהאַט א נאַטור צו לויפן, נאָר באַלד זיך איבערהיצן און בלייבן שטיין.

דזשייק בעט אויס א גרויסן מקח, און אַז ער זעט, אַז דזשעקי וואָלט געגעבן, נאָר ער האָט מער ניט, גיט אים דזשייק דעם אויטאָמאָביל אוועק פאר ביליגער. ער פארגעסט אים בלויז צו דערמאָנען, ער זאָל וויסן זיין, אַז קיין אַנדערן וואָלט ער פאר דאָס געלט ניט אוועקגעגעבן, נאָר ווייל ער איז געקומען מיט טשארלי'ן.

טשארלי מיט דזשייק׳ן דריקן זיך די הענט, און טשארלי מיט דזשעקי׳ן לאָזן זיך מיטן אויטאָמאָביל אוועק אהיים.

טשארלי האָט אויך אַן אויטאָמאָביל, אַן אַלטן, נאָר אין אים האָט טשארלי אריינגעטאָן זיין גאנצן וויסן און מעכאַניקעריי. ער האָט אים איבערגעבויט און איבערגעפּוצט פון אויבן ביז אַרונטער.

כאָטש טשארלי איז געווען דער, וואָס האָט אויפגעמונטערט דזשעקי׳ן צו פאָרן אַף אַ דאַטשע, האָט ער חרטה געהאַט אים מיטצונעמען.

עס וואָלט אים טאָקע געווען פריילאַכער: ניט קיין שלעכטער יונג דער שוסטער, אַ גוט־ברודער, איז צוגעלאָזן, ווי אַ הונט, נאָר זיין גאווה האָט אים ניט דערלאָזן: ער, אַ מעכאַניקער מיט אַן אויטאָמאָביל, וואָס איז נאָך בעסער, ווי אַן אַנדערנס אַ נייער, וועט זיך גיין שלעפּן צוזאַמען מיט אַן אַלטן אויטאָמאָביל, אַן ארויסגענומענעם פון אַ דזשאַנק־יארד? — עס פּאַסט ניט!

דזשעקי, בלייבנדיג אַליין, האָט גענומען חרטה האָבן אַף דער גאַנצער מעשה דאַטשע. איז אָבער דאָ אַן אויטאָמאָביל און ער האָט זיך מיט אים ניט וואו אהינצוטאָן, דזשייק דער דזשאַנקער וויל אים צוריק ניט נעמען, אַפילו פאַר אַ פינפערל. ער קויפט ניט אַזעלכע מער.

ער האָט יאָ וואו צו פאָרן, דאָס איז באַם פעטערל אַפן פאַרם, איז דאָרט צו בלאָטיג, ער וועט ניט קאָנען צוקומען מיטן אויטאָ־מאָביל. די מומעשע איז אַ שלעכטע און אַ פרומע, רעדט נאָך דעם גלח׳ם רייד און אַז דער פעטער טרינקט, איז עס בסוד־סודות פון דער מומען: ער האָט פאַר איר מער מורא ווי פאַרן „גאַווערנמענט“.

טשארלי, וואָס איז געווען אמת אַ בעל־גאווה, נאָר בטבע ניט קיין שלעכטער מענטש, האָט רחמנות געקראָגן אַף דזשעקי׳ן — און זיך דערצו געפילט שולדיג, וואָס ער האָט אים אין בלאָטע אריינגעשלעפּט, האָט ער אים אַ זאָג געטאָן:

— דזשעקי! נעם זיך מיט דעם „פּרילינגס“־וועג, דאָרט אַרום די בערג וועל איך אויך זיין!

* * *

אין זעלבן טאָג, ווען טשאַרלי מיט דזשעקי'ן זיינען אַרויסגע־פאָרן מיט זייערע אויטאָמאָבילס מיט דעם „פּרילינגס"־וועג אַף דאַטשע — איז אַף דעמזעלבן וועג אויך אַרויסגעפאָרן אַף דאַטשע דער גרויסער וועלט באַנקיר און מיליאָנער נאָרגאַן.

אויך ער, ווי די צוויי, איז אַרויסגעפאָרן ניט ווייסנדיג אַליין וואו...

די צוויי האָבן געמוזט אַזוי טאָן צוליב זייער אָרעמקייט, ניט געוועזן קיין געלט צו באַשטעלן אַ דאַטשע, און ער, דער מיליאָנער האָט עס געמוזט טאָן, ווייל ער האָט געהאַט צופיל געלט... דאָס געלט האָט אים די וועגן פאַרשטעלט.

עס איז געוועזן אַזוי:

נאָרגאַן, דער מיליאָנער, איז געקומען פון וואָל סטריט. דער טאָג איז געוועזן אַ שטילער, אַ רואיגער, אַקציעס האָבן זיך געהויבן לויט זייערע פאַראויס באַשטימטע פּרייזן און אַנדערע זיינען געפאַלן, אויך ווי עס איז געוועזן פאַראויס באַצייכנט. דער מיליאָ־נער נאָרגאַן איז געוועזן אויבנאויפיג צופרידן. געזען, אַז וואָל־סטריט מענטשן ווייסן, וועד זייער באַלעבאָס איז, ער טרייבט דעם וואָגן ווי און וואו ער וויל. די אַקציעס פון דער נייער שטאָל־קאָמפּאַניע זיינען געפאַלן, ווייל ער האָט אַזוי געוואָלט, און זיינע אַגענטן האָבן שוין באַ זעכציג פּראָצענט שערס, די איבעריגע פערציג וועלן שוין אַליין קומען צולויפן.

נאָרגאַנ'ן משרתים אין באַנק און גאַס זיינען געוועזן צופרידן מיטן מיליאָנער'ס צופרידנקייט, אַזוי האָט עס אויסגעקוקט אויבנ־אויף. אין דער אמת'ן איז דער מיליאָנער נאָרגאַן ווייט געוועזן פון זיין צופרידן. זיינע משרתים אַליין האָבן ניט געקאָנט אַזוי גוט נאָרגאַנ'ען, ווי זיי האָבן געמיינט.

נאָרגאַן איז געוועזן דורך און דורך אַ שלעכטער מענטש. ער האָט ניט געקאָנט צוזען, ווי אַלץ גייט צו אַף גאַס'ס וועלטל אַזוי כשורה'דיג. ווען ער איז גאַט, האָט ער פיל מאָל געטראַכט, שפּילט ער אַ גאַנץ אַנדער שפּיל מיט דער וועלט. פאַרפּלייצונג־לאַך וואָלט געוועזן זיין קלענסטע אַמוזירונג.

נארגאן האט דא געזען, אז וואל־סטריט איז צו רואיג, מענטשן שטייען זיך מיט ציגארן אין די מיילער און שמועסן זיך צו געמיטלאך . . .

אים וואלט זיך געוואלט מאכן א קראך, עס זאל טרעשטשען. מענטשן זאלן ניט זיין ווי טויטע שאך־פיגורן נאר שפרינגען, דרייען זיך אין קראמפן. בא אים איז ניט דאס געלט די הויפט־זאך. דעם חשק צו געלט האט ער שוין לאנג פארלארן, ווי א פראסטיטוטקע אין איר פראסטיטוציע־לעבן, חשק צו „זינד"... ער האט אזוי פיל געלט, אז עס קוקט אים אויס כמעט ווי נוצלאז. אים וואלט זיך געוואלט האבן צוריק דעם אמאליגן געלט־פאר־געניגן. ער שאפט עס אמאל אף אזא מין אופן: ער שיינקט אוועק אף עפעס א וואוילטעטיגער אדער בילדונגס־אינסטיטוציע א גרויסע סומע געלט. נאכהער קריינקט עס אים, ער וויל עס צוריק פאר־פילן, קריגט ער דאס פארגעניגן פון געלט־לוסט. דויערט עס ניט לאנג, ווייל דאס געלט קומט גיך צוריק טאקע, דורך דער הילף פון דער רעקלאמע וועגן דער גרויסער נדבה, וואס ער האט געגעבן . . .

נארגאן ווייסט אבער, אז די קלענערע מיליאנערן היטן זיך שוין פאר אים; זיי קוקן נאך זיין יעדן טראט, און ער קאן ניט שאפן א פלוצלונגן קראך אפן געלט־מארק.

פאלט אים איין צו פארן אף א „דאטשע", און ניט אין זיין זומער־היים, נאר ערגעץ אין א פארווארפן ווינקל, וואו קיינער וועט אים ניט קאנען היטן. פון דארטן וועט ער קאנען שאפן דעם אמת'ן קראך . . . זיי זאלן אפגיין אין בלוט, אט ווי נירון קייסער האט אנגעצונדן די שטאט רוים פון אלע ברעגן און איז אליין געשטאנען און געקוואלן, ווי מענטשן בראטן זיך אין פייער.

ער דערמאנט זיך, אז אף דעם „פרילינגס"־וועג איז דא א שטיק לאנד, וואס ער האט צוגענומען פאר חובות פון א געפאלענעם גרויסן פארמער.

נארגאן איז א מענטש פון גיכע באשלוסן, האט ער געטראכט און געטאן.

ער האָט זיך אַריינגעזעצט אין גרויסן לימאַזין, אַ געשריי געטאָן צום שאָפער:

— אויף דעם „פרילינגס"־וועג.

דער שאָפער קאָן זיין ווייסן באַלעבאָס. אַ הונט, ווי אַלע ווייסע, וויל פליען גיך, און האָט ליב, ווען דער גרויסער אויטאָמאָביל שטופּט די קליינע אַריין אין גרובן. טוט ער אים צוליב און פליט פייל פון בויגן.

דעם ערשטן וואָס ער האָט באַלד אַריינגעוואָרפן אין אַ גראָבן, איז טאַקע געווען דעם שוסטער דזשעקי, וואָס האָט זיך געשלעפּט מיט דער אַלטער דזשאַנק־קאַר, און עטלאַכע מייל ווייטער דעם מעכאַניקער טשאַרלי, וואָס האָט בא אים פון אויטאָמאָביל מיטגעשלעפּט אַ בלאָטע־באַשיצער. טשאַרלי האָט געשריען, געמאַכט מיט די קולאַקעס, אַפילו געפּרואווט נאָכלויפן דעם אויטאָמאָביל. ניט קאָנענדיג נאָכיאָגן, האָט ער זיך צוריקגעקערט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, שפּייענדיג און שילטנדיג...

טשאַרלי'ס אויטאָמאָביל האָט פון קלאַפּ אויפגעהערט צו קלאַפּן אויף אַלע פיר „קעפּ" און איז הינטערן גרינעם באַרג געבליבן שטיין. דזשעקי'ס אויטאָמאָביל האָט זיך צופיל צעהיצט און איז אויך געבליבן ליגן פון דער זייט באַרג, און דער מיליאָנער נאַרגאָן איז פריער, ווי זיי ביידע, פאַרפאָרן אַפן גרינעם באַרג.

די אַלע דריי, כאָטש אין זעלבן טאָג אויף דער „דאַטשע" אַרויסגעפאָרן, און כמעט אין זעלבן אָרט געבליבן שטיין, האָבן איינער פון צווייטן ניט געוואוסט.

דער מיליאָנער און באַנקיר נאַרגאָן האָט זיינס אויסגעפירט. ווייט פון וואָל־סטריט, און דאָך נאָנט, האָט ווי אַ שפּין שטיל געוועבט, ביז אַלץ איז פאַרטיג געוואָרן און דער קראַך איז פּלוצים געקומען.

די צייטונגען זיינען געווען פול מיט זעלבסטמאָרדן, און באַנקראָטן ביז משוגעת. ער, דער מיליאָנער, האָט אויך עטלאַכע מיליאָנען פאַרלאָרן, נאָר ער איז געווען צופרידן, אַבי זיינס אויס־

געפירט. ווידער איז אים צוליב די פארלארענע מיליאנען צוריק־געקומען דער אפעטיט פאר געלט...

דאס פארלארענע געלט איז, ווי שטענדיג גיך צוריקגעקומען, און דער באנקיר האט פון אומעט צוריק שוין געוואלט קומען אין וואל סטריט. ניט בלויז דער באנקיר, נאר אויך זיינע אנדערע צוויי אומבאקאנטע שכנים, דזשעקי און טשארלי. דזשעקי האט פון דער „דאטשע" ניט געלעקט די פינגער. געארבעט כמעט אלע זעקס טעג פון דער וואך בא א פארמער, און ניט געהאט צו טרינקען אפילו קיין „געשניטן" אלקאהאל. טשארלי'ן איז געגאנגען שוין א סך בעסער. נאר עס איז געווען ווייט פון דאס, ווי ער האט זיך פארגעשטעלט. און דערצו איז שוין געווארן קילער, און די פארמערס האט ער פיינט געהאט.

הייזער־סוחרים, זיך דערוויסנדיג, אז דער גרויסער מיליאנער נארגאן האט געמאכט זיין זומער־היים דארט, אפן גרינעם בארג, זיינען געפאלן אף א פלאן:

— א „בום"!

זיי זיינען שטיל געקומען אין געגנט, אויסגעקויפט די פעלדער ארום און געמאכט א טומל אין די צייטונגען:

— קויפט פלעצער ארום נארגאנ'ס נייער זומער־היים!

מענטשן זיינען באפאלן די אפיסעס פון די הייזער־סוחרים און זיך געריסן פאר די פלעצער, גראד ניט קיין רייכע מענטשן. רייכע מענטשן גייען לרוב צווישן ארעמערע מענטשן, כדי זיי זאלן זיך קאנען אנזען, נאר זיי ווען אבער קיינמאל ניט גיין זיך פאר'שטנ'ען אונטער אזא ריז, ווי נארגאן.

די מענטשן זיינען געווען, וואס מען רופט, באלעבאטים: פעדלער, קליינע קרעמער, טראנספארטניקעס און ארעמערע בוטלעגערס.

זיי האבן ניט געקויפט די פלעצער פאר זומער־היימען; זיי האבן „גענארט" די הייזער־סוחרים; זיי האבן געהאט גאר אן אנדער אויסרעכענונג. בא זיי זיינען עס געווען פשוט'ע גאנץ־יאריגע היימען און פאר געשעפט. זיי האבן אלע געוואוסט ווער

נאָרגאַן איז. אַלע זיינען זיי געווען מענטשן, וואָס לייענען אַ ציַיטונג, און ווייסן: וואָס אַ צייטונג שרייבט, איז אמת. די גוטסקייט אַליין איז נאָרגאַן. בא אים איז רעכט צו נעמען אַן אָרעמען מענטשן און אים מאַכן פאַר אַ באַנקיר, און נאָך אַנדערע מעשיות. עס ווענדט זיך, ווער וואָס פאַר אַ צייטונג עס האָט געלייענט. יעדע צייטונג שרייבט דאָך אַנדערע מעשיות.

יעדער איז געווען זיכער, אַז נאָרגאַן וועט העלפן דער שטאָט, וואָס בויט זיך נעבן אים. זייער גלויבן האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט, ווען די צייטונגען האָבן געשריבן, אַז נאָרגאַן האָט אויסגעדריקט זיין צופרידנקייט, וואָס מענטשן שאַפן אַמעריקע...

צוליב דעם „בום" האָבן זיך אָפּגעשטעלט דאָרטן די אַלע דריי. דזשעקי מיט טשאַרלי'ן, ווייל די הייזער סוחרים געפינענדיג זיי די איינציגע צוויי מענטשן אויף די פעלדער, האָבן זיי זיי געגעבן צוויי פּלעצער, ניט אויס רחמנות, נאָר ווייל זיי האָבן געהאַט אַ געשעפטלאַכן חשבון. אַ הילף צום „בום". עס וועט הייסן ניט געגעבן, נאָר פאַרקויפט.

און אין די צייטונגען איז טאַקע געווען געשריבן, אַז דער באַרימטער שיך־פאַבריקאַנט, מיסטער דזשעקי בראַון, און דער גרויסער אויטאָמאָביל־אינזשינער טשאַרלי דאַן, האָבן געקויפט די ערשטע צוויי פּלעצער.

דער דריטער, דער מיליאָנער נאָרגאַן, האָט זיך אויך אָפּגע־שטעלט. ער האָט דאָ דערזען אַ שפּיל, געקאָנט זיין פּונקט ווי דער נירון קייסער.

— זאָלן זיי מיינען, איך וועל זיי העלפן! זיי וועלן אָפּגיין אין בלוט...

דעם גרויסן מיליאָנער'ס פּלאַן איז דורכגעגאַנגען אין פולן גלאַנץ.

ווי נאָר די מענטשן האָבן זיך איינגעאָרדענט, אַזוי האָט דער מיליאָנער זיין הויף פאַרצאַמט מיט אַ הויכן פּאַרקאַן, און אויס. ער איז אַפילו ניט געפאָרן דורכן שטאָט. די קנעכט אין הויף

האָבן געקראָגן אַ באַפעל ניט אַרויסצוגיין אין דער נייער שטאָט, נאָר לעבן אין דעם הויפּישן לעבן.

די שטאָט איז געווען ווייט פון וועג, און אפילו אַ טראַמוויי האָט די שטאָט ניט פאַרבונדן מיט אַנדערע שטעט. און די שטאָט, וואָס האָט זיך צעבויט אַרום הויף, איז געבליבן צעטיילט אף צוויי העלפטן, צוליב דעם גרויסן פּאַרקאַן. די שטאָט האָט גענומען צעפאַלן. די אָרעמע מענטשן, וואָס האָבן דאָס גאַנצע געלט אריינ־געלייגט אין די פּלעצער און אין די הייזער, האָבן צוליבן דורכפאַל זיך גענומען הייגען און „רויכערן" געזידערן.

און דער מיליאָנער נאַרגאַן איז געזעסן אין דער הויף און געקוואָלן פון תענוג. — — — — —

# מאַטיע׳ס ליבעם

## 1. זיין הונט

מאַטיע האָט געהאַט אַ הונט, אַ שוואַרצן און בייזן, ווי ער, מאַטיע אַליין. ווי איין מאַמע וואָלט זייביידן געבוירן.

דער הונט איז געווען פאַר מאַטיען אַלץ אין דער וועלט: זיין טאַטע, חבר, פריינט. און „חברה" האָט לאַכנדיג געזאָגט — זיין ווייב אויך...

באַ מאַטיען, אָדער ריכטיגער געזאָגט — מיט מאַטיען, איז דער הונט געווען פאַר לאַנגע יאָרן. מאַטיע נאָך זייענדיג אַ חדר אינגל, האָט אים הינטער זיין טאַטנ׳ס שטאַל געכאַפּט, ערגעץ גע׳גנב׳עט אַ קייט און אים צוגעבונדן.

די ערשטע צייט האָט דער הונט געבילט, זיך געריסן פון קייט ביז בלוט. זעענדיג, אַז עס העלפט ניט, האָט ער ענדלאָך שלום געמאַכט מיט דער קייט און זיך שוין אפילו געשפּילט מיט איר.

געלעגן אָפּן שטרוי און געוואַרט — אפילו ניט געבילט, ווי אַנדערע הינט טוען — ביז מאַטיע וועט אים ברייגנען פון שטוב אַנגע׳גנב׳עטע ביינער, פלייש, אַ שכנ׳ישע פליגל פון אַן „עוף", און פון צייט צו צייט — די אַלטע צווייג מיטן אויסגעקראַכענעם עק, וואָס מאַטיע האַלט זי צו שטאַרק, הגם זי קרעכצט, פאַרדרייט דאָס עקל...

אין שכנות מיט מאַטיען באַם שטאַל, האָט געוואוינט אַ יונגע שיינע גויע, אַן אַלמנה, וועמענ׳ס מאַן, אַ סטראַזשניק, „חברה" האָט „קאַלט" געמאַכט.

באַ אָט דער שיינער אַלמנה האָבן זיך אין די שפּעטע אָוונטן אָדער פאַרכמורעטע פריערדיגע אָוונטן — זיך אַרומגעדרייט לייטישע בחורים און באַלעבעסלאַך. אַ חוץ דעם האָט זיך באַ איר, געקעסטיגט און געשלאָפן דער „גמינע" שרייבער, הגם מער ווי איין בעט איז אין שטיבל ניט געווען.

מאַטיע האָט ליב געהאַט זיך אונטערצו'גנב'ענען באַ דער אַלמנה אונטערן פענצטער. קוקן שעה'ען לאַנג און זיך צעשרייען דוקא, ווען עס האָט געדאַרפט זיין שטיל.

די אַלמנה האָט מאַטיען דעריבער פיינט געהאַט; דער טאַטע זיינער האָט אים געשלאָגן מיטן בייטש דערפאַר (כאָטש ווער האָט עס אים דערציילט?) נאָר וואָס גייט עס מאַטיען אָן? קלעפּ טרייסלט מאַטיע גלייך אָפּ.

איינמאָל נאָך אַ קריג צווישן דער אַלמנה און דעם גמינע־שרייבער האָט זי פאַררופן דעם פערצן יאָריגן מאַטיען און אים, מאַטיען, אָפּגעגעבן דעם גמינע־שרייבערס פלאַץ.

דאָס האָט געמאַכט מאַטיען צו פילן, אַז ער איז שוין אַ מענטש מיט אַלעמען צוגלייך, ניט מער קיין חדר אינגל און — אויס טאַטנ'ס בייטש!

זיין טאַטע, „משה דער גראָבער קאָפּ", זיך דערוויסנדיג פון דער ווייב, אַז זיין זון איז באַ דער אַלמנה, און נאָך באַ וועלכער, האָט געכאַפּט דעם בייטש, אים אויסגעווייקט אין וואַסער און היידאַ צו מאַטיען.

ער איז אָבער באַלד געלאָפן צוריק — קאָפּ און בייטש אַראָפּ־געלאָזן. וואָס איז? — מאַטיע האָט זיך געשטעלט אַנטקעגן און געזאָגט אָט וואָס:

— טאַטע, אויב דו ווילסט ניט מאַכן קיין לייטיש געלעכטער, גיי אַהיים!

משה, כאָטש אַ גראָבער קאָפּ, האָט גלייך געכאַפּט, אַז מאַטיע מיינט, וואָס ער זאָגט. און צום ערשטן מאָל דערזען, אַז עס שטייט פאַר אים אַ גרויסער, געזונטער, ברייט־פּלייציגער בחור. אָט, ווי ער, משה אַליין געדיינקט זיך, בעת ער האָט געפירט פערד די פּיס געבונדן מיט טיכער, פאַר הירשלען, אַ ליכטיגן גן עדן זאָל ער האָבן.

משה האָט זיך באַנוגנט מיטן אַרויסלאָזן אַ פּאָר קללות און זיך אָוועקגערוקט כלומר'שט אין שטאָל און פון דאָרט אַהיים.

אַז זיין ווייב האָט אים אַ פרעג געטאָן:

— נו, משה?
האָט ער אַ מאַך געטאָן מיטן האַנט:
— ברעך דעם קאָפּ מיט דיין ממזר!
זי איז אים אויך ניט געבליבן שולדיג אָן ענטפער:
— וואָס קאָן ער זיין בעסער — פון דעם טאַטן!

מאָטיע, פון פרייד, וואָס ער איז פּטור געוואָרן פון חדר, און אויך צוליב דעם, וואָס ער האָט דערפילט אַז עס פּאַסט שוין ניט פאַר אים, אַן אריינגייער בא דער סטראַזשניכע, ווי אַלע גרויסע בחורים — צו האָבן צו טאָן מיט אַ הונט, איז ער אַוועק אין שטאַל און אָפּגעבונדן דעם הונט.

ער האָט אים צוגעפירט צו די דערבייאיגע יאַטקעס און אַזוי געזאָגט:

— זעסט, אָט זיינען הינט אַ סך, כאַפּ ביינער ווי זיי. אויב דו קאָנסט, שעם זיך ניט, כאַפּ אַ שטיק ווייכע פלייש אויך. קאָנסט דאָ אויך קריגן אַ צויג, שענער, ווי די אַלטע נבלה מיטן אָפּגעקראַכענעם עק, אפילו ווי די סטראַזשניכע.

צי עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געשלעג מיט די הינט, ווייל זיי האָבן דעם נייעם אורח ניט געוואָלט צונעמען אין חברה, אָדער ער האָט צוגענומען זייערן אַ ביין, צי אַ געדרעקסלטע צויג, אָדער ער האָט צוליב די לאַנגע „צוגעבונדענע" יאָרן, פאַרלאָרן די הינ־טישע פלינקייט. זיין הינטיש קאָפּ האָט אודאי אויך פאַרגעסן, אַז מען מוז זיין פאַרזיכטיג פאַר די בייזע קצבים. און איז זיך ווי אַ בכבוד'יגע באַלעבאָסטע ערב שבת, אריין אין יאַטקע, צוגעגאַנגען צו אַ שטיק פלייש און גענומען שמעקן, וואָס ער זאָל נעמען, און דער קצב האָט אים, צוליב אַזאַ פרעכקייט, צעבראָכן די ביינער מיט אַ פיסל אַ צוגאָב.

ווי די מעשה זאָל ניט האָבן געווען — דער הונט איז אין אַ קורצער צייט אַרום געקומען צולויפן צו מאָטיען אַ צעבלוטיגטער מיט אַ הינקענדיגע פיסל.

ער איז אַרויפגעקראָכן צו מאָטיען מיט אַ וואַיעריי.

בא מאָטיען האָט דאָס האַרץ אַ צאַפּל געטאָן. ער האָט דער־פילט עפּעס אַזאַ ווייטאָג, ווי עמיצער וואָלט אים, מאָטיען, גע־

שלאגן און ניט דעם הונט. און עפעס איז עס ניט הונט, נאר א שטיק מאטיע אליין. ער האט אים צוגעפירט צום טייכל, אפגע־וואשן די וואונדן, און זיי פארבונדן מיט א שטיק העמד. דער הונט האט אים געלעקט דאס פנים מיט דער גאנצער ווארעמקייט פון זיין צונג און געקוקט אין די אויגן מיט אזעלכע ווארעמע דאנקבארע בליקן, אזש מאטיען האט זיך א ליבע ווארעמקייט צעגאסן איבערן גאנצן קערפער. אזא ווארעמקייט האט נאך מאטיע ניט געפילט פון קיינעם, ניט פון דער מאמען און אפילו ניט פון דער פארצוייגענער סטראזשניכע. טרערן האבן זיך גענומען קייק־לען איבער מאטיעס פנים.

פון דעמאלסט אן איז ניט מאטיע אפגעטראטן פון הונט און ניט דער הונט פון מאטיען. וואו מאטיע — דארטן דער הונט.

שונאים האט דער הונט געהאט א סך. אנהויבנדיג פון קצבים און ענדיגנדיג מיט שכנ׳ישע באלעבאסטעס. האט בא עמיצן א הינדל אדער פלייש געפעלט, גלייך צו מאטיע׳ס הונט. איז א אינגל געקומען פון חדר מיט אפגעריסענע הויזלאך — גלייך צו מאטיע׳ס הונט.

נאר מאטיע האט מיט זיינע שטארקע הענט געוויזן, וועמען מיט א פארבלוטיגט פנים, אדער אויסגעהאקטע ציין, אז זיין הונט איז ניט קיין ארומשלעפער, נאר ער איז זיינער, מאטיע׳ס.

— האב איך א טייוול, היט אייער פלייש.

האט מען בסוף, אז מאטיע זאל ניט וויסן, געווארפן פארן הונט ברויט, צונויפגעקנעט מיט שטיקלאך גלאז און מייזישע סם. זיינען טאקע הינער און אויך הינט, אומשולדיגע, פון דער וועלט אוועק, נאר ניט מאטיע׳ס הונט.

דער ערגסטער און פארביטערטסטער שונא פון מאטיע׳ס הונט איז געווען דער „לאנגער נאטע״, א הויכער, איבערגעוואקסענער איד, וואס איז געווען מאטיע׳ס שותף. מיט אים פלעגט מאטיע ארומרייטן אין די נעכט איבער די דערפער און הויפישע פעלדער. זען, וואו מען קאן ארויפפירן א פאר פערד פון א לאנקע, זיי אריבערפירן אף „יענער זייט״ גרעניץ און אויס...

אַט דער נאָטע האָט פיינט געהאַט דעם הונט, הלמאי ער לויפט נאָך — נאָך מאָטיע׳ן — אַ דריטער שותף! ווען מאָטיע האָט זיך נאָר אָפּגעדרייט אָן אַ זייט, אַזוי האָט נאָטע ניט דורכגעלאָזן די געלעגנהייט און געגעבן דעם הונט אַ זעץ מיטן שפּיץ שטיוול, אָדער מיט דער בייטש, אַזוי שטאַרק, אַז דער הונט פלעגט זיך צוזאַמענדרייען קוויטשענדיג.

אַז נאָטע האָט פיינט דעם הונט, האָט מאָטיע גוט געוואוסט. טרעפנדיג דעם הונט אַ צוזאַמענגעדרייטן, האָט מאָטיע גלייך געוואוסט, אַז עס איז נאָטע׳ס אַרבעט. מאָטיע וואַרפט זיך מיט די קולאַקעס צו נאָטע׳ן. נאָר דער ממזר־קלוגער נאטע קאָן מאָטיע׳ן דורך און דורך, דרייט זיך גנב׳יש אַרוים:

— ברעך דעם קאָפּ מיט דיין הונט, ווער טשעפּעט אים? פרעג אים אדרבא, דו קאָנסט זיך דאָך מיט אים צוזאַמענריידן.

דער הונט, ווי ער וואָלט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר, און ווי ניט ווילנדיג, אַז צוליב אים זאָל פאָרקומען אַ קריג, ווערט „לעבעדיג", לאַשטשעט זיך צו מאָטיע׳ן, לעקט אים דאָס פנים.

מאָטיע באַרואיגט זיך, גלעט דעם הונט:

— דער הונט האָט מער כאַראַקטער ווי דו, נאָר געדיינק, נאָטע, זאָלסט אים מער ניט אָנרירן, אויב דיינע פאַרפוילטע ציין זיינען דיר ניט מיאוס געוואָרן...

נאָטע מאַכט זיך תמ׳עוואַטע:

— האַלט אים בעסער אין דער היים, וועסטו זיך ניט דאַרפן „בינדן" צו מיר. איך זע שוין, דער הונט וועט אונז אַריינברענגען אין אַ צרה.

מאָטיע ענטפערט:

— ביים זיך בעסער אָפּ דעם צונג!

— הלואי.

* * *

אַ שטאַרק פינצטערע סוף־חודש נאַכט. מאָטיע מיט נאָטע׳ן פירן דעם קראַסנער פריץ׳ס פאָר שענסטע פערד. זיי האָבן שוין די פערד געטאַיעט אַ פאָר וואָכן לאַנג. זיי פירן די פערד שטיל,

מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם און פערד'ס פארבונדענע מיילער. בראַדזשען איבער ווייכע צעוואַקסענע לאַנקעס. דער הויף גרעניצט זיך מיט „יענער זייט". דער גרעניץ־פייערל ווערט נאָענטער און גרעסער. אָט באַלד... באַלד...

דער הונט לויפט פאַראויס, שפּרינגט לייכט איבער די בערגלאַך גראָז, קוקט זיך אַלע ווײַלע אום אַף הינטן, גיט אַ שיין מיט די הינטיש פינקלענדיגע אויגן און שפּרינגט ווייטער.

מיטאַמאָל האָט ער זיך צעבילן אַזוי שטאַרק און ווייטאָגדיג. הינט וואָכעדיגע האָבן זיין בילן אויפגעכאַפּט און דער גאַנצער אַרום האָט זיך צעבולן. מאָטיע איז צו אים צוגעלאָפן, געגומען גלעטן איבערן בייכל, האַלדז, נאָר דער הונט איז אַלץ ווילדער געוואָרן — פון בילן אין אַ משונה'דיגע קוויטשעריי אַריבער, כאַטש נעם און לאָז אַוועק די פערד און אַנטלויף.

מאָטיע וואָלט עס געטאָן. ער קאָן זיין הונט, — עפּעס וואָס האָט מיט אים געטראָפן. צום טייוול מיט די פערד. ער וועט די צוויי גרינע הונדערטער, וואָס ער וועט כאַפּן פאַר די פערד, ניט פאַרבייטן אַף זיין הונט.

נאָר נעבן אים שטייט נאָטע און קוקט לאַכנדיג, שפּאָטיש, חזר'נדיג אַן אויפהער:

— נו, מאָטיע?!

אָט די צוויי ווערטער זיינען פול מיט אַזוי פיל טייטלונגען: ווער איז גערעכט? שטענדיג געזאָגט, דער הונט וועט אַריינ־ברייננגען אין אַ צרה... נו, לוינט צוליב אַ הונט זיך אַוועקזעצן צוויי יאָר הינטער גראַטעס? אַ מענטש זאָל זיך איינכליאָבען אין אַ כלב?

מאָטיע קוקט הילפלאָז צו נאָטע'ן. ער וויל, אַז ער זאָל אים פאַרשטיין:

— זעסט ניט, נאָטע, אַז דעם הונט איז „פאַרגאַנגען"? די אַלע בריקעס, גלאָזן, סמ'ען האָבן זיך מסתמא איצט צונויפגע־קליבן און דריקן ביזן טויט.

נאָטע ענטפערט ניט. ווייזט מאָטיע'ן אַפּן הויף, וואָס האָט זיך אויפגעכאַפּט פון דער בילעריי און זיך באַלויכטן:

— צוליב א הונט?

מאַטיע גלעט נאָך אַמאָל דעם הונט. ער פילט, אַז דאָס בלוט זעצט אים אין קאָפּ, וואָס טוט מען? ווי פּלוצים האָט מען אים א הארבע רעטעניש געפרעגט און מ׳בעט גיך אַן ענטפער. ער דריקט מיט זיין גאַנצן כח עפּעס וואָס ווייכעס, און ווייס ניט, אַז עס איז זיין הונט׳ס האַלדז.

...א הייזעריגער קרעכץ גיט א קראַץ אין דער נאַכט אריין און ווערט אין מיטן גאַנג שטיל, ווי ער וואָלט זיך אַן עפּעס דערמאַנט. — — — —

* * *

מער זיינען מאַטיע מיט נאַטע׳ן ניט ארויסגעריטן. מאַטיע אליין איז געלעגן און גע׳שיכור׳ט אין שענק. ער האָט געוואָלט און ניט געקאָנט פארגעסן דעם הונט, וואָס איז געווען זיין אַלץ... און צוליב נאַטע׳ן מיט א פּאָר גרינגע הונדערטער האָט ער, מאַטיע, אליין אים — דערשטיקט.

## 2. זיין טאַטע

פיינט האָט געהאַט מאַטיע זיין טאַטן משה „דער גראַבער קאָפּ". ער האָט אים, דעם טאַטן, ניט געקאָנט מוחל זיין, וואָס ער האָט מיט אַזא קאַלטער גזלנ׳ישקייט, סתם אַזוי אין דער וועלט אריין, אים געשניטן מיטן בייטש, וואָס איז תמיד געהאַנגען אונטערן באַליק.

ער האָט אַזוי לאַנג געיאָגט מיטן בייטש, ביז מ׳האָט זי געמוזט קושן...

— וואָס, פערד זייט איר? ווייסט איר ניט, וואָס א בייטש איז? אָן א בייטש וואָלט די וועלט ניט געהאַט קיין קיום.

מאַטיע, אַז ער איז געוואָרן גרויס, א גלייכער שותף צום לאַנגן נאַטע׳ן, וואָס זיין ווייב גייט אַפילו אינדערוואָכן אין רינגען — האָט ער אינגאַנצן פאַרוואָרפן דעם טאַטנ׳ס שטוב.

* * *

אויף דעם גרויסן יאַריד האָט משה „גראַבע קאָפּ" ארויסגעצויגן א טיכל מיט פאַרקניפּטע געלט פון א גוי׳ע.

דאָס געלט האָט די גוי'ע געקראָגן פאַר אַ פאַרקויפטן חזיר, וואָס זי האָט געהאָדעוועט אַ גאַנצן יאָר, זיך געטיילט מיט אים די קאַרטאָפל, וואָס זי האָט אָראָפּגענומען פון איר גאָרטן: די גרויסע פאַר איר, די קליינע פאַר אים.

פאַרן געלט, האָט זי אויסגע'חשבונ'ט, וועט זי קאָנען איינקויפן אַ גוטן באַזילבערטן געבעט־ביכל, אַ וואָלענע טוך, אַ קענדל גאָזע און אַ צען פונט זאַלץ.

צו ווייל די גוי'ע האָט אַזוי געציטערט איבערן געלט, ניט אָפּגעלאָזן דעם געדאַנק דערפון, אָדער משה „גראָבע קאָפּ" האָט געמאַכט דאָס מאָל — זייענדיג אַביסל בגילופינ'דיג — אַ פאַר־טאָטשנע אַרבעט — די גוי'ע האָט דערפילט, אַז עמיץ ציט דאָס טיכל.

דערזעענדיג, אַז אַ פרעמדער איד שטייט זיך, ווי ניט אים מיינט מען דאָס און ציט דאָס טיכל, און דאָס טיכל איז שוין באַלד אין זיינע הענט — האָט זי אַרויסגעלאָזן אַ מסוכנ'דיגן קוויטש. משה „גראָבע קאָפּ", כאָטש געוואוינט צו אַזעלכע קליי־ניגקייטן, האָט זיך דערשראָקן, אָפּגעלאָזן דאָס טיכל און גענומען לויפן.

כאָטש די גוי'ע איז שוין געווען זיכער מיטן געלט — האָט פון שרעק, אָדער ווייל זי האָט סתם געפונען אַ געלעגנהייט אויסצו־שרייען אַלע דערנידערונגען און ווייטאָגן — האָט אַלץ געהאַלטן אין איין שרייען:

— ברידער, ראַטעוועט!

די גוים אַפן יאַריד, ניט וויסנדיג ווען און וואָס, נאָר זעענדיג דעם אַנטלויפנדיגן אידן און שרייענדיגער גוי'ע, האָבן גענומען פאַרשטיין, אַז עפּעס איז ניט גוט, אַז עפּעס שלעכטס האָט דער איד געטאָן צו זייער בלוט־און־פלייש־שוועסטער.

זיי האָבן געריסן די שטענגלאַך פון די וועגענער און היידאַ נאָכן אידן מיט אַ געשריי:

— שלאָגט דעם אידן!

טאַקע מיט דעם זעלבן ניגון ווי דער גלח, פסח־צייט אין

קלויסטער, ווען מען „געפינט" יעזוס'ן א פארמוטשעטן. נאר אזוי ווי דא איז ניט געווען דער גלח, וואס זאל א געשריי טאן:

— אף צוריק!

האבן זיי זיך אלע א לאז געטאן מיטן גאנצן אימפעט און כעס אפן אידן און גנב משה „גראבע קאפ".

קרעמער, אידן יחסנים, חברה ש"ס'ניקעס, משניות אידן, די קלענסטע קרעמערלאך זיינען אויך אידן ניט קיין פראסטע, חיי־אדמ'ניקעס כאטש. נו, קאנען זיי זיך הרג'ענען מיט גוים־עשו'ס? — האבן זיי פארמאכט די קראמען און געווארט ביז יענע פראסטע אידן, די קצבים, פערד הענדלער, וועלן קומען.

אז אט די אידן, צווישן וועלכע עס איז געווען אויך מאטיע, זיינען געקומען, איז שוין געווען נאך אלעמען. גוים זיינען שוין געווען רואיג. אף דר'ערד איז געלעגן א צעשלאגענע, פאר־בלוטיגטע, צעריסענע שמאטע פאק.

מאטיע האט גלייך דערקאנט דעם פאק, וואס האט אויסגעקוקט ווי א גרויסע לונג, איינגעוויקלט אין שמאטעס פון אן אקארשט געשאכטענעם אקס — זיין טאטן.

ער האט פרובירט פאנאנדערנעמען זיינע הענט, דערלאנגט עטלאכע גוים אזוי, אז בלוט האט גענומען שפריצן.

דערזעענדיג בלוט, זיינען גוים צעשראקן געווארן, האבן גענומען לויפן איינער איבערן אנדערן מיט א געשריי:

— יעזוס מאריא!

וואלטן זיי ניט געלאפן, וואלט מאטיע ניט אפגעלאזן. נאר אז יענער לויפט און דו שלאגסט אים — דאס איז ניט מאטיע'ס נאטור. האט ער גענומען דאס פעקל ביינער און עס ארויפגעלייגט אף א מיט שטרוי געדעקטן פור און זיך מיט דעם אוועקגעלאזן פאמעלאך אהיים.

מאטיע, צי ס'האט זיך אין אים אויפגעוועקט די ליבע צום פאטער, וואס ער האט זיין גאנץ לעבן געזוכט צו פארדעקן מיט כעס, אדער ס'האט אים דערמאנט אן זיין הונט, האט דערזען א שייכות צווישן זיי ביידן.

מאַטיע האָט אים אין דערהיים אָרומגעוואַשן, געטראָגן פון שענק ווייַנען און זיסן בראָנפן, עס געגעסן אין דעם קוים רירנדן פעקל ביינער.

און ווי די זון איז נאָר אָרויס, אַזוי האָט מאַטיע מיט גרויס פאַרזיכטיגקייט גענומען דאָס פעקל און עס אָפן זונשיין אַרויס־געטראָגן.

נישקשה, ער וועט צוריק צו זיך קומען: מאַטיע האָט געהאַט אַמאָל אַזאַ פּאַסירונג מיט אַ פערד. ער איז פּלוצים איינגעדאַרט געוואָרן און „געפאַלן" פון די פיס: „גיב אים אַוועק אַף די פעל, מאַטיע", — האָבן חברה געלאַכט, נאָר מאַטיע'ן האָט רחמנות באַנומען, האָט ער אים אַף שלייעס געהויבן, געגעבן טרינקען אַלערליי גראָזן געמאַכטע, ביז אַ נייע הויט איז אַרויף.

אַזוי וועט אויך זיין מיטן „אַלטן".

איין פרימאָרגן, אַז מאַטיע איז צוגעגאַנגען צום פעקל ביינער, און עס געוואָלט אַרויסטראָגן אָפן זון, האָט ער אים געפונען אַ שטילן, ניט רירנדיגן, ווי פאַרגליווערט.

מאַטיע האָט אים גענומען דרייען הין און צוריק. דערזעענדיג, אַז עס רירט זיך ניט, האָט ער זיך צעשריען:

— טאַטע, טאַטע!

מענטשן זיינען זיך צוזאַמענגעלאָפן. און גלייך זיינען געקו־מען חברה קברנים, ווי אויסגעהונגערטע: „אַ משה „גראָבע קאָפּ" — מיט אַ צדיק ווייניגער. זיי האָבן אָפּגעריסן מאַטיע'ן פון אים, שנעל עס געכאַפּט און אויסגעצויגן אַף דער ערד.

אַז זיי האָבן שפּעטער גענומען זוכן מאַטיע'ן, ריידן מיט אים וועגן דער לויה, קדיש, איז שוין מאַטיע ניט געווען, ווי אין וואַסער אַריין.

* * *

פאַרנאַכטלאַך, ווען אידן זיינען געגאַנגען צוריק פון דער לויה, האָבן זיי דערזען דעם הימל צעגאָסן אין רויט... דאָס האָט מאַטיע אונטערגעצונדן פון אַלע עקן דעם גודריער דאָרף, וואָס האָט זיין טאַטן אָפּן יאַריד „אַוועקגעלייגט". — — — —

# נעגער־בלוט

אין א נעגער־געסל האָט זיך אויפגעהאָדעוועט א נעגער מיטן נאָמען ראַלף קלאַרק.

ער איז געווען א הויכער, א ברייט־בייניגער, ווי אַלע נעגערס, נאָר א פּנים האָט ער געהאַט א ברוינעם, א נאָז א קליינע, אַפילו בולבעדיג באַם ברעג, נאָר ניט אויסגעבלאָזן, און ליפּן ניט קיין דינע, נאָר אויך ניט קיין צו גראָבע — אראָפּגעהאַנגענע.

אַזוי, אַז פונוווייטן, האָבן מענטשן אים אָנגענומען פאַר א ווייסן. נאָר א שטים האָט ער געהאַט א זינגענדיגע, ווי דאָס רוב נעגערס. און זי, די שטים, האָט אים תמיד פאַרראַטן.

— קאָנט איר מיר, מיסטער, אפשר זאָגן, ווי מ׳גייט צו דער גאַס?

ראַלף טראַכט א מינוט:

— צו דער גאַס? גאַנץ איינפאַך...

ווייטער באַדאַרף ער שוין ניט דערקלערן. דער ווייסער מאַן, צי די פרוי, איז שוין ניטאָ: צעשראָקן זיך אָוועקגערוקט:

— א נעגער גאָר!

ראַלף בייסט די ליפּן. נאָר ער איז ניט אין כעס אַף די ווייסע. ער איז אין כעס נאָר אַף זיך אַליין, וואָס ער איז א נעגער. ער אַליין, כאָטש א נעגער, האָט פיינט די נעגערס:

— א נעגער איז גאָר קיין מענטש ניט... — טענה׳ט ער מיטן נעגער־גלח, דעם הויכן, דיקן בייטמאַן, וואָס דרייט זיך אַרום אין די נעגערשע געסלאַך, שטעלט זיך אָוועק נעבן די ווינקל־גאַסן און רייסט די לופט מיט זיין גראָבער, הייזעריגער שטים:

— מיר, נעגערס, זיינען אַזוי באַליבט בא גאָט, ווי די ווייסע, און אפשר נאָך מער...

אָט דעם גלח וויל ראַלף איבערצייגן, אַז ער איז ניט גע־

רעכט, די נעגערס זיינען די ערגסטע מענטשן, ווילדע, ארומ־לויפער...

— אָט, איך בין אַ פול־בלוטיגער נעגער. ניטאָ אין מיינע אָדערן קיין ווייס בלוט. מיין מאַמע האָט זיך צו קיין ווייסן ניט פאַרקויפט. דאָך זאָג איך, אַז מיר זיינען „ניט גוט"...

דער גלח, בייטמאַן, פּרואווט אים איבערצייגן. מישט אים קאַפּיטלען פון „באַיבל". און אַז עס העלפט ניט די „באַיבל", מישט ער אים צייטונגס־כראָניק'ן.

— וואָלט דאָס אַ נעגער געטאָן? זאָג, ראַלף, ביסט דאָך ניט קיין נאַר... וואָס ביסטו אַזוי פאַרליבט אין די ווייסע טייוואָלים? האָסט, מסתמא, אַ ווייסע טייוולעכע, — לאַכט רואיג־ווייך דער גלח...

ראַלף ווערט רויטלאַך, וויל אים, דעם גלח, אָפּענטפערן... ער האָט אַ טעות. ער ליבט טאַקע איינע, נאָר יענע איז אַ שוואַרצע. אָבער דער גלח בייטמאַן לאָזט אים ניט אָפּ:

— נעם, ראַלף, זיך אַליין. צו וואָס זוכן וויַיט. ווייסט דאָך ראַלף, אַז איך האָב דיין פאָטער גוט געקאָנט, אַז אונזעריגער געווען, געגלויבט, אַז גאָט געפינט זיך מער אָפן גאַס, ווי אין די שיינע, פאַרפּוצטע קלויסטערס. דיין טאַטע האָט פיינט געהאַט די ווייסע. און מיט רעכט. אָט, וואָס ער האָט מיר דערציילט, אַז ווען זיין טאַטע, דאָס הייסט דיין זיידע, איז נאָך אַ קנעכט געווען, האָט ער זיך פאַרליבט אין אַ מיידל, וואָס איז אויך אַ קנעכט געווען. נאָר זיי האָבן ביידע געהערט צו באַזונדערע באַלעבאַטים. אַזוי, אַז ער האָט צו זיין ווייב ניט געקאָנט קומען, סיידן אין שפּעטער נאַכט, און אויך גאַנץ זעלטן. איינמאָל, קומענדיג צו זען זיין ווייב, האָט אים איר באַלעבאָס דערקלערט, אַז זיין ווייב איז שוין מער ניטאָ. ער האָט איר מיט אַ טאָג פריער פאַרקויפט צו אַ וויַיטן פאַרמער פון דרום.

יאָ, אמת, האָט דער ווייסער געזאָגט, זי איז אַ גוטע אַרבע־טאָרן געווען, און כאָטש אין די הויכע חדשים, דאָך האָט זי איר אַרבעט געטאָן. ער וואָלט איר ניט פאַרקויפט, בפרט נאָך פאַר

אזא ביליגן פרייז, נאָר ער האָט אַ שלעכטן יאָר. אַלע בהמות האָבן „אָפּגעוואָרפן", האָט ער מורא געהאַט, טאָמער וואָרפט זי אויך אָפּ. טאָ וואָס וואָלט זי ווערט געווען? האָט זיך געמאַכט אַ סוחר, געזען אַ טראָגעדיגע, שוין אין די הויכע חדשים... האָט ער באַצאָלט... נאָר זאָל אים, דעם דרומ'דיגן חזיר די מציאה ניט איינגיין! אָפּוואָרפן זאָל זי, און זי וועט! פאַרן ארויסגיין האָט ער איר געגעבן אַ בריק אין בויך. — — —

דיין זיידע האָט גענומען ציטערן...

דער ווייסער האָט אָבער געשעפּטסמעסיג ארויפגעלייגט די האַנט אַף דיין זיידנ'ס פּלייצע:

— דאגה ניט, קלאַרק... איך וועל נאָך אַף שבת האָבן אַ בעסערע, אַ דיקע, אַ פעטע. איך וועל דיר צו איר צולאָזן. איך האָב ליב אַזעלכע יונגען ווי דו... פּונקט אַפן דריטן חודש באַשוואַנגערט...

באַ דיין זיידן האָבן די אויגן זיך צעברענט... נאָר ער, דער ווייסער, האָט ניט געקוקט, און ממילא ניט באַמערקט דאָס פייערל אין די אויגן, וואָס פלאַמט ארויס פון נעגער'ס בלוט... און ער האָט ווייטער גערעדט:

— עס וועט אים, דעם דרומ'דיגן, די מציאה ניט איינגיין. כ'האָב איר געגעבן דעם אמת'ן בריק אין בויך...

מער האָט זיך דיין זיידע שוין ניט געקאָנט באַהערשן, ארייג־גערוקט ביידע הענט אין ווייסנס האַלדז און אים געבריקעט מיט די פיס אין בויך. ווען מענטשן קומען ניט אָן, וואָלט פון ווייסן, זיין כשר'ע נשמה ארויסגעפלויגן.

דיין זיידע האָט מער קיין פרויען ניט געקאָנט... געטראַכט נאָר פון זיין ווייב, וואָס איז, ווער ווייסט וואו. און אַז מ'האָט קנעכט פריי געלאָזן, האָט דיין זיידע ניט גערוט, ביז ער האָט זי געפונען, נאָר שוין אַן אַלטע, אויסגעמאַטערטע. דער גאַנצער טרייסט איז געווען באַ אים דיין טאַטע, איר זון. ער האָט אָבער זיך ניט געטרויט, אַליין זיך ניט געגלויבט, אַז עס איז זיין זון... ער, דער ווייסער, האָט דאָך איר אין בויך אַ בריקע געטאָן. איז

ער גאנצע נעכט אפגעשטאנען בא דיין טאטנ׳ס בעט און געקוקט אים אין פנים:

— יא, עס איז מיין זון!

— ניין! עס איז ניט מיין זון.

ביז דער שפיל האט אים פון זינען גערירט און מ׳האט אים אין א משוגעים־הויז פארשפארט...

— זעסטו, ראלף, — בורטשעט שוין כעס׳דיג דער גלח בייטמאן, — וואלט אונזערער א שווארצער אזא מערדעריי געקאנט אפטאן?

— א בריק אין שוואנגערן בויך!...

ראלף בלייבט שטיל, פארבייסט די ליפן. דער גלח איז צופרידן, ניט אזוי, וואס דזשאנסאן איז געבליבן צוגעשלאגן צו דער וואנט, נאר וואס ער, בייטמאן, האט אזא שטארקע רעדע־קראפט. ער צעלאכט זיך אף זיין צען־גאריגן געלעכטער... דזשאנסאנ׳ען רעגט עס אויף: א נעגערשער געלעכטער. נאר בייטמאן באמערקט עס ניט.

— הער, ראלף, — רעדט דער גלח בייטמאן, — קום מארגן אפן ווינקל ניינטע גאס, דארטן וועל איך מארגן ריידן אף דער טעמע: „פארוואס האבן אונז ווייסע פיינט". עס וועט זיין אן אינטערעסאנטע רעדע, איך וועל דארט אויפווייזן, אז מיר, שווארצע, זיינען שטארקער פון די ווייסע... אונז קאנען זיי ניט אסימילירן, און מיר לאזן ניט אמעריקע ווערן אוים אמעריקע... אז מ׳קוקט אף אונז, דערזעט מען, אז עס איז אמעריקע... א לאנד פון פארשיידענע פעלקער...

ראלף בורטשעט מיט כעס:

— ניין! איך וועל ניט קומען!

דער גלח בייטמאן לאכט:

— אן עקשן. אדרבא, האסטו מיט וואס מיר אפצושלאגן, זאג! נו, קום ארוים...

ראלף ברויזט מיט כעס, מאכט מיט דער האנט און גייט א בייזער אוועק.

אים פאַרדריסט, וואָס דער גלח בייטמאַן וועט מיינען, אַז ער האָט אים מנצח געווען. ער קאָן אים אויפווייזן, אַז ער איז ניט גערעכט, און טאַקע נעמען אים, ראַלפ׳ן אַליין פאַר אַ ביישפּיל, נאָר ער שעמט זיך וועגן דעם צו ריידן. עס רירט אים צופיל אָן. און ווידער קאָן זיין, אַז דער גלח בייטמאַן, אַ נעגער, וועט עס ניט פאַרשטיין אפילו, וועט נאָך לאַכן פון אים, ראַלפ׳ן, אָט ווי אַלע נעגערס יענעם אָוונט... ער ווייסט זיכער, אַז עס וועט בא אים די גאַנצע טענה ניט ארויסקומען שאַרף גענוג... אַ ווייסער וואָלט אים פאַרשטאַנען, נאָך פאַר אַ העלד געהאַלטן.

ער, ראַלף, האָט חתונה געהאַט מיט אַ נעגער־מיידל. ער האָט זי שטאַרק געליבט. מיט קיין אַנדערע מיידלאַך קיינע געשעפטן ניט געהאַט, כאָטש אַלע מיידלאַך האָבן צו אים געוואונקען. ער פלעגט פון זיי אַנטלויפן, ווי מורא געהאַט, טאָמער כאַפּן זיי אים, און זיי, די מיידלאַך, פלעגן לאַכן:

— ראַלף! ראַלף!

איין אָוונט, קומענדיג אַהיים, האָט ער געטראָפן זיין פּעגי׳ן מיט אַן אַנדערן נעגער, און אַ וועלכן? אַן אַלטן, אַ ברודיגן. ער האָט גענומען זיין מעסער און אים דורכגעשניטן די ריפּן. האָט ער זיך צעגוואַלדעוועט. זיינען געקומען צולויפן נעגערישע שכנים, און אים, ראַלפ׳ן, מיט אַ מעסער אויך צעשניטן די ריפּן.

— דו הונט, צוליב אַ פרוי צעשניידסטו אַ מענטשן אַ ריפּ?!

ער קאָן אָפּדעקן איצט זיין העמד און ווייזן דעם גלח בייטמאַן, דעם שניט, און פרעגן — וואָלטן עס ווייסע געטאָן? עס איז דאָך זיין ווייב! זיין פּעגי!

נאָר צו וואָס, אַז דער גלח בייטמאַן וועט עס דאָך ממילא ניט פאַרשטיין. ער, דער גלח בייטמאַן, האָט דאָך אַליין זיין ווייב געכאַפּט מיט אַן אַנדערן, און גאָרניט, ער לעבט מיט איר, ווי פריער... און טרינקט מיטן זעלבן מאַן גוט־ברודעריש שנאַפּס. —

פּעגי וואוינט אין זיין גרויסער שטוב. לעבט מיט אַנדערע נעגערס, און אַז מ׳כאַפּט איר און מ׳שלעפּט איר אין געריכט,

גייט ראַלף יעדן מאָל פאַר איר עדות זאָגן, אַז זי איז זיין ווייב, כאָטש ער באַשווערט זיך יעדן מאָל מער עס ניט צו טאָן. און ער אַליין וואוינט אין א קליין שטיבל אַף א גרויסן פּוסטן הויף. דאָרט האָט ער אַ קליינע, ריינע בעטל, וואו קיין מיידל איז נאָך אַף איר ניט געלעגן, און אין זעלביגן הויף — אַ „גאַראַדזש", אין וועלכן ער פאַררוכט אויטאָמאָבילן.

די נעגערס האָבן אים פיינט, ווייל ער איז אַ שווייגער, טרינקט ניט פון פלאַש מיט זיי, האַלט אין איין קייען טאַבאַק און שפּייען...

ברייננט מען צו אים אַן אויטאָמאָביל, באַטראַכט ער עס און בורטשעט שטיל אין זיך. די נעגערס ווילן מיט אים זיך דורכ־ריידן, וויסן פאַרוואָס דער אויטאָמאָביל האָט אויפגעהערט צו לויפן, איז דאָס ניט אין אָרדענונג? אָדער עפּעס אַנדערש? און ער:

— מיר'ן זען!

די נעגערס וואָלט צו אים זייערע אויטאָמאָבילן ניט געפירט. נאָר אַז ראַלף פאַרריכט אַן אויטאָמאָביל, גייט עס פּינקטלאַך ווי אַ זייגער. און ווידער זעען זיי, אַז אים אַרט ניט. יאָ און ניט, צו וואָס דאַרף ער געלט? קיין בראַנפן טרינקט ער ניט און פון ווייבער ווייכט ער...

גאַנצע טעג ליגט ער אונטער אַ קליינעם אויטאָמאָביל און פּאַרקעט זיך אין זיינע געדערים. ער בויט אַ „רייסער". אים צו געבן אַ נאָמען נאָך זיין ווייב: „פּעגי".

לאַכן די נעגערס:

— ראַלף, ווען וועט שוין פאַרטיג ווערן דיין „פּעגי"?

ער ווערט בייז, די אויגן צינדן זיך אים אָן:

— רעדט, טייוואָלים, וועגן וואָס איר ווילט, נאָר ניט וועגן מיין „פּעגי'ן". די פּעגי קאָנט איר, טייוואָלים, באַ מיר ניט צונעמען.

דער גלח בייטמאַן האָט עטלאַכע מאָל באַזוכט ראַלפ'ן און באַטראַכט דעם אויטאָמאָביל, און נאָכדעם אין שיינק דער־ציילט, אַז ראַלפ'ס „פּעגי" וועט זיכער קריגן דעם פּרייז אַף

די „רייסעם". צוליב דעם, האָבן די נעגערס שוין גענומען קוקן מיט דרך־ארץ אַף ראַלפ'ס „רייסער", און שוין ניט געזען סתם אַן אויטאָמאָביל, נאָר אַ זאַך אַ הויכע, וואָס וועט ווייזן די ווייסע, וואָס זייערער אַ נעגער קאָן...

ראַלף רוט אָבער ניט. די האַרץ שרעקט אים שטאַרק, אַלץ גייט גלאַט. דער אויטאָמאָביל קלאַפּט אַף אַלע צילינדערס. דער ווייזער ווייזט אַף דאַרפישן וועג ניינציג מייל. נאָר טאָמער וועט מען אים דערקאָנען אַלס נעגער'ס זון... און מ'וועט אים צו די „רייסעם" ניט צולאָזן... און דאַן וועט ער האָבן דיזעלבע מפּלה מיט דער „פּעגי'ן", ווי מיט יענער...

ער גלעט דאָס פּנים מיט זאַלבן, נאָר די שטים... זי איז אַזוי זינגענדיג נעגעריש... זי וועט אים אַרויסגעבן...

אַרומגעוויקלט איבער די אויערן מיטן יעגער־היטל און מיט די ווינט־גלעזער, שטייט ער פאַרן „רייס"־פּאַרוואַלטער. דער פּאַרוואַלטער, אַ הויכער, אויסגעדאַרטער מענטש פון דער וועסט, באַטראַכט דעם „רייסער": — אַליין צוזאַמענגעשטעלט! קונץ־אַרבעט!...

ראַלף שווייגט, האָט מורא אַ וואָרט אַרויסצורייך... די שטים די נעגערישע קאָן אים נאָך אַרויסגעבן!...

— אַזוי טאַקע, אַ קונץ־אַרבעט! דער מאָטאָר געהערט צו אַן אַנדער מין מאַשין, און די רעדער צו אַן אַנדער, דער הינטערשטער טייל צו אַן אַנדער — האַלט אין איין באַוואונדערן דער „רייס"־פּאַרוואַלטער.

— נאָר דאָך, וויפיל מייל מאַכט זי אַ שעה?

ראַלפ'ן ווערן די אויגן גרויס אין קאָפּ. שלעכט, דאָ קאָן ער זיך שוין מיטן שווייגן ניט אַרויסדרייען... ער מוז ענטפערן, און אָט ווערן אַלע חלומות צערונען:

— ניינציג! — אַף שלעכטע וועגן!

— ניינציג? — חזר'ט איבער דער פּאַרוואַלטער מיט דער־זעלבער באַוואונדערונג, קוקנדיג אַף דעם קליינעם קונציגן „רייסער".

ראלף ווערט מוטיגער, די אויגן בליצן אים אויף. אומזיסט זיך געשראָקן. ווייסע מענטשן זיינען פּאָרט שיינע מענטשן. ער פאַרגעסט די גאַנצע שרעק, ווערט היימיש מיטן פאַרוואַלטער און צערעדט זיך, נאָר שוין גאָר א סך, ווי די גאַנצע שוויַיגעניש וואָלט זיך אין אים צערעדט. ער האָט אים דערציילט ווען און ווי אַזוי ער האָט דעם אויטאָמאָביל געמאַכט, און בא יעדן קלוגן איינפאַל זיך צעשטשירעט... אים שוין אפילו געוואָלט אָנהויבן דערציילן דעם סקאַנדאַל מיט זיין פּעגי'ן, טאַקע וועגן דער, נאָך וועמען ער האָט א נאָמען געגעבן דעם „רייסער", נאָר דער פאַרוואַלטער האָט אף אים אויסגעשטעלט א פּאָר צעשראָקענע אויגן:

— לײַדער קאָנען מיר קיין „פאַרביגע" צו די „רייסעם" ניט צולאָזן.

ראלף וויל אים בעטן, דערקלערן, אַז ער איז אַן אַנדער מין נעגער... ער האָט ליב ווייסע, האָט פיינט שוואַרצע, ווייל זיי זיינען הינט. אדרבה, וואָס וואָלט ער, דער פאַרוואַלטער, געזאָגט, ווען ער דערציילט אים די מעשה וועגן זיך און פּעגי'ן...

דער פאַרוואַלטער איז בייז, לאָזט אים ניט ריידן, לויפט, ווי ער וואָלט אים שלעכטס געטאָן.

* * *

ראלף נעמט דעם „רייסער", שלעפּט זיך מיט אים אוועק אין שטאָט, בלייבט שטיין נעבן א שיינק, גייט אריין און הייסט זיך געבן א גרויסע פלאַש. טרינקט און האַלט אין איין שרייען:

— צו שוואַך! וואו איז די שטאַרקע?

נאָכדעם ווי דער שיינקער האָט געזען, אַז דער שוואַרצער טומלט און האָט שוין ניט קיין געלט — האָט מען ראלפ'ן ארויס־געוואָרפן פון שיינק...

ראלף זעצט זיך אריין אין „רייסער", גיט א דריק די גאַז; דער „רייסער" שפּרינגט אויף און צעלויפט זיך, ניט לאָזנדיג זיך אפילו איינהאַלטן. וואָס מער ער וויל אים איינהאַלטן, אַלץ שנעלער לויפט ער... ער זעט שוין מער ניט קיין גאַס און וועג,

נאָר אַ גרויסן רייסינג־פעלד, וואו ער, ראַלף, מיט זיין „פּעגי׳ן״, דאַרפן זיין די זיגער... בוימער פליען, שלאָגן זיך אַזש אָן איינער אָן צווייטן... נאָר וואָס גייט עס אים אָן, אַבי ער וועט זיין דער זיגער; אויטאָמאָבילן לויפן אים נאָך, ווילן אים איבעריאָגן, נאָר וואו? — זיי בלייבן פון הינטן... מענטשן ווייסע שרייען... פּאָכען מיט די הענט... ראַלף שמייכלט מיט די גרויסע ווייסע ציין... ער דריקט נאָך שטאַרקער די געז... דערמאָנט זיך, אַז זיגער נייגן זיך צום עולם... נויגט ער זיך און פּאָכעט מיט דעם הוט... דער „רייסער״ גייט מיט זיין גאַנצער שנעל־קייט, דער ווייזער ווייזט שוין פינף און ניינציג, רוקט זיך שוין ביז הונדערט... און מיטאָמאָל באַסטאַ... עמיצער האָט אויס־געשאָסן אין ראָד און זי האָט געפּלאַצט...

ראַלף קריכט שווער אַראָפּ פון זיין „רייסער״, מענטשן פאַרסאָפּעטע רינגלען אים אַרום... ראַלף שמייכלט צופרידן: הוילע ווייסע, אָ, ווען פּעגי זעט עס...

— אַ נעגער! כ׳קאָן וועטן — שרייט אויס עמיצער פון עולם.

ראַלף ווערט בייז, נאָר פילנדיג, אַז ער איז דער זיגער, לאַכט ער סאַרקאַסטיש:

— און אַז אַ נעגער טאָ איז וואָס?

ערשט פויסטן צעשיטן זיך איבער זיין קאָפּ. הענט דריקן אים דעם האַלדז:

— נעגערשער הונט! וואָס איז דאָ? אַ רייסינג־פעלד? האָסט דאָך איבערגעפאָרן אַ פרוי!

ראַלפ׳ן ווערט קלאָר אין קאָפּ... דערמאָנט זיך אָן אַלץ... שיכור געווען... אַן אָפּדוכט... ער מאַכט מיט די הענט, ער וויל דערציילן די גאַנצע געשיכטע... ער איז ניט שולדיג... זיין פּעגי... איר... נאָר אין האַלדז איז אים אַזוי אייננג און אין די אויערן הוזשען געשרייען:

— לינטשן! — — — — — —

# אַרום אַפּטייקער׳ס הויז

פאַר מוניע׳ן איז שוין צייט געווען צו פאַרגעסן די גאַנצע פּאַסירונג: יאָרן אַ סך זיינען, ווי פערד צעווילדעוועטע פון דעמאָלסט אָן איבערגעלאָפן און עס ווי פאַרטראָטן. מוניע איז דעמאָלט נאָך געווען אַ יונגער אינגל.

איצט איז שוין מוניע אַ גרויסער בחור מיט צוויי רונדע פּליי־צעס און געדיכטע פּעך־שוואַרצע וואָנצעס. אָט אַזעלכע וואָנצעס, ווי בײַ זיין געשטאָרבענעם טאַטן. און ניט נאָר זיינע וואָנצעס, נאָר אויך זיין געזיכט איז אַזאַ ווי דעם טאַטנ׳ס, אפילו מיטן זעלבן שטרייטנדיקן פאַלדיגן קנייטש אויף די באַקן, אַזוי, אַז ער קוקט אַמאָל אויף זיין געשטאָרבענעם טאַטנ׳ס בילד, דוכט זיך אים אויס, אַז ער זעט זיך אַליין, נאָר אין מאָדנע קליין־שטעטלדיגע קליידער. פאַרדעקט ער דאָס בילד אַזוי, אַז בלויז דער קאָפּ זאָל זיך אַרויס־זען, איז עס דענסמאָל אינגאַנצן ער, מוניע, און ניט זיין טאַטע, שלמה ראַבין דער וואַלד סוחר, וואָס איז געשטאָרבן אַנדערש ווי אַנדערע אידן אין וואַראַנקע שטאַרבן:

פּלוצים געשטאָרבן! מען האָט גאָרניט געוואוסט, אַז שלמה ראַבין זאָל האָבן געווען זיין קראַנק. מען האָט בלויז געוואוסט, אַז שלמה ראַבין פילט זיך עפּעס ניט מיט אַלעמען. זיך פאַרקילט אין וואַלד, ליגט ער אויף דער גרויסער סאָפע און טרינקט טיי מיט ציטרין. און פּלוצים אַ געלאָף צום רויט־געפאַרבטן מויער:

שלמה ראַבין איז געשטאָרבן!

— ווי אַזוי?

איבער אָט דעם „ווי אַזוי“, האָבן זיך די אידן אין וואַראַנקע געבראָכן די קעפּ.

— ווי אַזוי טאַקע?...

און געוואָלט האָבן זיי עס פאַרשטיין באַלד, גלייך אויף אַן אָרט, ווייל ניט נאָר נייגעריגקייט האָט דאָ די ראָלע געשפּילט, נאָר אויך די אידישקייט: מען דאַרף דאָך וויסן וואו אים מקבר צו זיין.

אויב טאקע פאר׳סמ׳ט, זאָגט דאָך דער דין, אַז עס דאַרף זיין אַנדערש די קבורה...

מיט אויסגעשפּיצטן גמרא־קאָפּ האָט עס וואָראָנקע געכאַפּט און אין ווערטער, וואָס וואָראָנקער אידן האָבן ניט געוואוסט, ווי זיי אויסצורייִדן, אַט אַזוי דאָס ארויסגעבראַכט:

דער אַלטער אַפּטייקער!

באַ שלמה ראַבין אין דער גרויסער, נייער שטוב, האָט גע־וואוינט אַן אַלטער פּוילישער אַפּטייקער, וואָס איז געקומען פון דער גרויסער שטאָט און אין וואָראָנקע פאַרלייגט אַן אַפּטייק. כאָטש וואָראָנקער אידן האָבן ניט געקאָנט באַנעמען, ווי אַזוי קאָן מען ציען חיונה פון אַן אַפּטייק אין וואָראָנקע.

אָט דער אַפּטייקער האָט מיט זיך געבראַכט אַ יונג, שיין, בלאָנד ווייבל, וואָס האָט אויסגעקוקט ווי דעם אַפּטייקער׳ס אַ טאָכטערל.

די שיקסל האָט געהאַלטן אין איין אַנטלויפן אין דער גרויסער גובערניע שטאָט, און דער אַלטער אַפּטייקער האָט געהאַלטן אין איין פאָרן נאָך איר, זי צוריק ברענגען.

וואָראָנקער אידן האָט עס הנאה געטאָן, זיי האָבן געהאַט איבער וואָס צו ריידן און וואָס אויסצולאַכן:

גויעש לעבן!

ביז דאָס שיקסל האָט זיך, ווי ס׳איז צוגעוואוינט צום קליין־שטעטלדיגן לעבן, געבליבן זיצן אין דער היים און זיך באַרואיגט, אָט טאַקע זינט שלמה ראַבין האָט אָנגעהויבן אַרייִנצוקומען צום אַפּטייקער אין הויז און יעדן אָוונט שפּילן מיט זיי אין קאָרטן.

אָט דאָס איז דאָס — דער אַלטער אַפּטייקער האָט אַנשטאָט פּראָשקעס צום הוסט, שלמה ראַבינ׳ען געגעבן גאָר עפּעס אַנדערש...

אַרום דעם אויסגעגאַנגענעם ראַבינ׳ען האָט דער אַלטער אַפּטייקער אַרומגעטאַנצט מיטן רעמאַטיזנעם פוס, געטשאַמקעט מיט די ליפּן און זי, די יונגע, בלאָנדע ווייבל, האָט זיך געכאַפּט צו אים מיט די פויסטן, געשריען:

— ברייננגען א דאקטאר!

זי האָט אָנגעכאַפּט שלמה'ס קאָפּ, עם געטרייסלט און אריינגע־קוקט אין די האַלב־אָפענע אויגן. זי האָט אָפּגעלאָזן דעם קאָפּ, און אַז ער איז צוריק צום קישן געפאַלן, האָט זי דעם קאָפּ צוריק ארומגעכאַפּט און גענומען אים קושן:

— שליאָמע... שליאָמע...

דער אַלטער האָט בייזלאַך איר גענומען אָפּרייסן און חברה־קדישה אידן האָבן באַקומען מער העזה און איר גענומען אָפּשטופּן. און זי, אָנגעשפּאַרט אַף איר אַלטן מאַן, האָט זי זיך פויל ארויסגערוקט פון שטוב און באַלד, ווי אַמאָל, צוריק אַנטלאָפן אין שטאָט...

וואַראַנקע האָט אָבער דעם סוד איינגעהאַלטן, ניט געלאָזט עם ארויסגיין ווייטער, נאָר צווישן זיך פּלעגט דאָס ארומגיין, ווי א געפּענטעטע הון, און מען האָט אים אויך געפּיטערט ווי א הון, געהאַלטן אין איין צואוואַרפן עפּעס צום סוד. געמאַכט אים ברייטער, גרעסער:

— זי, די אַפּטייקערשע, איז געקומען צוריק. זי האַלט אין איין וויינען.

— געזעען איר אַפן אידישן בית־עולם.

— זי האָט אַף שלמה'ס קבר בלומען אוועקגעלייגט.

— ער, דער אַפּטייקער, קוקט אויס, ווי דער טייוול. ליגט גאַנצע טעג אין בעט. שלמה'ס בלוט שווייגט ניט.

און אויך ווי מיט א הון, אַז מ'האָט מורא זי זאָל ניט ווערן צו פעט און דערשטיקט ווערן, אַזוי אויך ווערט וואַראַנקע דערשראָקן, אַז דער סוד זאָל ניט ווערן צו פעט און לויפן ווייטער. פאַר־קוועטשט זי עם און מען הערט אויף פון דעם צו ריידן...

— שאַ!

וואַראַנקע האָט מורא. דער אַפּטייקער איז אויסגעמישט מיט נאַטשאַלסטווא. זיינע ברידער זיינען גענעראַלן. איינער וואוינט אין פּעטערבורג. אַז נאַטשאַלסטווא פון שטאָט קומט ארונטער אין שטעטל, פאַרפאַרט זי שוין ניט צום גלח, נאָר צו אים, און פאַר־זאַמט זיך בא אים טעג מיט נעכט...

וואַראַנקע ווייסט שוין, אַז ער דאַרף ניט וואוינען אין שטעטל. ער האָט אַן אַפּטייק אין דער גרויסער שטאָט אַף גובערנאַטאָר גאַס. ער וואוינט דאָ בלויז, ווייל ער וויל זיך לעבן אַפּגעזונדערט, ווייט פון גרויסשטאָטישן הו־הא, אַליין מיט זיין יונג ווייבעלע, וואָס קאָן זיין — זיין טאָכטער. און וואַראַנקע האָט דעם סוד פאַרשטיקט און פאַרגעסן. — — —

* * *

ער, מוניע, שלמה ראַבינ'ס זון, כאָטש ער איז נאָך דעמאָלסט אַ קליין אינגל געווען, האָט אויך דעם סוד אויפגעכאַפּט. אָבער ער האָט ניט געוואוסט, וואָס מיט אים צו טאָן. ניט געהאַט מיט וועמען עס אויסצופּלאַנטערן. די שטיפמוטער זיינע האָט ביינאַכט גלייך נאָך דער לויה אַלץ איינגעפּאַקט, אַוועקגעפאָרן און איבער־גלאָזן אים, מוניען, אַליין אין שטוב, זיך ראַנגלען מיטן סוד אין דער גרויסער, אָנגעפּאַקטער בעט.

זי, די שטיפמוטער, איז טאַקע געווען די, וואָס האָט אים אָט דעם בייסיגן סוד צוגעוואָרפן. האָט עס אים דאָס אָפּגעדרוכט, ווי זי וואָלט עס געטאָן אַף צו להכעים, ער זאָל האָבן אין פּוסטן שטוב מיט וואָס זיך צו ראַנגלען.

און מוניע האָט געפילט, אַז ער מוז דעם סוד אימיצן צוריק־שליידערן. ער באַדאַרף אים ניט, צו שווער פאַר אים.

אַ שטיין אַ שאַרפן, אַ שפּיציגן, האָט זיין האַנט דערטאַפּט, אַזאַ גלאַנציגן. די שטיפמוטער האָט אַמאָל אונגערקעס מיט אים געפּרעסט. ער האָט עס אין בוזים פאַררוקט, אַפן נאַקעטן לייב, און עס האָט אַזוי געקילט...

אין אַן אָוונט, אַ פינסטערן, אַ כמאַרנעם, האָט זיך מוניע שטיל פאַרשאַרט באַם אַפּטייק אין גערטנדל. אין אַפּטייקער'ס שטוב זיינען די פאָרהאַנגען געווען אַרויפגעצויגן, און מוניע האָט זייביידן דערזען. דער אַלטער און זיין ווייבל זיצן באַם טיש, אַ סאַמאָוואַר זידט, ער איז אַריבערגעבויגן איבער אַ גלאָז טיי, וואָס ער זופּט פויל, מוניע נעמט אַרויס דעם שטיין, פּרובירט אים צילן און קאָן ניט. די הענט דינען ניט, ער האָט פאַרלאָרן די זיכערקייט

פון צו טרעפן און שרעקט זיך, טאָמער וועט ער גאָר איר טרעפן. ער בייסט די ליפּן, מאַכט זיך האַרץ, אָבער דער שטיין ווערט עפּעס אַזוי שווער. די הענט קאָנען זיך ניט פאַרשטייפן... און אים ווילט זיך עפּעס אַזוי זיצן און קוקן אַף איר... זי ווערט אים עפּעס מאַמע׳דיג ליב... ער פאַרגעסט בּיסלאַכווייז צוליב וואָס ער איז דאָ פאַרקראָכן, נורעט זיך איין אין רעקל און קוקט אַף איר... זעט טרערן אין אירע אויגן... אָ, ווען ער, מוניע, קאָן אַזוי אַריינקריכן אין שטוב שטיל, אַז קיינער זאָל אים ניט זען, וואָלט ער זיך אַזוי געלאַשטשעט צו איר, ווי איר פּודל הינטל, און וואָלט איר געפרעגט דעם סוד:

איז עס אמת?...

עס הויבט אים אָן צו שלעפערן. נורעט ער זיך טיפער איין אין רעקל, ציט אויס די פיס אַפן ווייכן גראָז, פאַררוקט דעם שטיין צוריק אונטערן רעקל, קוקט אין אַפּטייק אַריין... דער סאַמאָוואַר ווערט עפּעס אַזוי קליין...

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט צווישן וואַרעמע, פּוכקע הענט און אַזעלכע הייסע, בּריענדיגע קושן:

— אי, שליאָמעס זון!

און ער, דער אַלטער, שטייט אַ בייזער און בייסט אַ פינגער. מוניע רייסט זיך פון איר אַרויס, גיט אַ כאַפּ דעם שטיין און גיט אים אַ וואָרף אין אַלטן, און אַנטלויפט...

* * *

איצט איז מוניע שוין אַ גרויסער בחור, אַ הויכער יונג מיט שוואַרצע, געדיכטע וואָנצעס. אַליין אַ שליאָמע... מיטן אונטער־שייד, וואָס ער האָט ניט קיין ווייב און דערצו נאָך אַ צווייטע ווייב, ווי זיין טאַטע דער וואָראָנקער איד, וואָס האָט חתונה געהאַט אַ צווייטן מאָל מיט אַן אַלטער מויד, ווייל ער איז געבליבן מיט קינדער פון ערשטן ווייב, און זי, די מויד, האָט נאָר חתונה געהאַט מיט אים, ווייל ער איז געווען שלמה ראַבין, אַ וואָלד סוחר, וואָס האָט אַ שטוב, וואו עס וואוינט דער אַפּטייקער.

זי, די אַלטע מויד און „יונגע" מיאוסע ווייבל האָט ניט גע־

וואוסט צי האָט זי זיך אָפּגענאַרט צי ניט. איז זי תמיד געווען פאַר־טראַכט און פאַרביטערט. איצט איז מוניע צוריק אין וואָראָנקע אָבער ניט מער אַלס שלמה ראַבינ׳ס זון, נאָר מוניע, חבר קאָמיסאַר, קאָמאַנדיר איבערן צווייטן רויטן פּאָלק, וואָס האָט געמוזט דורכ־גיין דורך וואָראָנקע, ניט ווייל דאָרט האָט אַמאָל געלעבט אַ שלמה ראַבין, וואָס איז געשטאָרבן אַנדערש, ווי אַנדערע אידן פון שטעטל, נאָר ווייל אַזוי האָט געפירט די לאַנד־קאַרטע, און ער איז געבליבן שטיין אין וואָראָנקע, און אויך, ווייל אַזוי האָט זיך געלייענט דער באַפעל. און מאָדנע, ער איז אויך איינגעקוואַרטירט געוואָרן אין דער אַפּטייק־שטוב, ניט ווייל ער, מוניע, האָט אַזוי געוואָלט, דער־פאַר וואָס דאָרט האָט געוואוינט און וואוינט נאָך איצט אויך זי, די יונגע שיקסל מיטן אַלטן מאַן, נאָר ווייל דער קוואַרטיר־מייסטער האָט אים אַהין „איינגעקוואַרטירט״:

— אָט דאָ, חבר קאָמיסאַר, איז אַ שיינע לופטיגע הויז.

מוניע האָט ווייניג וועגן דעם געטראַכט, כאָטש עס האָט אים אַ ברי געטאָן דער מאָרך:

— וואָראָנקע!

אין די עטלאַכע שטאַרקע אָנגריף־טעג, האָט אים דער פּוס, וואָס האָט געהאַט עטלאַכע מאָל שוין קוילן, שטאַרק ווייַ געטאָן, אַזוי ווי דענסמאָל, אַפן פעלד, ווען דער שראַפּנעל האָט געביסן אין פּוס...

מוניע האָט זיך שוין אין אַפּטייק־שטוב אויסגעצויגן אַפן סאָפע... חברים סאָלדאַטן האָבן אָנגעשטעלט דעם סאַמאָוואַר...

מוניע האָט דעם ווייטאָג אויפגעהערט צו פילן. אוים מיד־קייט...

אַ רויט־אַרמייער האָט דעם סאַמאָוואַר אוועקגעשטעלט אַפן טישל. מוניע האָט זיך צוגעזעצט צום טישל און ער איז אויסגע־קומען. מיטן פּנים צום דרויסן. און אָט זעט ער גאַנץ וואָראָנקע... אָט איז די גאַס, וואָס לויפט אַזוי קרום אוועק, דאָרט באַם סאַמע עק איז דער בית־עולם, וואו עס ליגט זיין טאַטע, שלמה ראַבין, וואָס איז געשטאָרבן אַנדערש, ווי אַלע אידן אין וואָראָנקע זיינען

געשטארבן און אים, מוניען, איבערגעלאזן אזוי אף דער וועלט מיט א סוד, וואס האט אים אזוי געמאטערט.

צי איז עס טאקע אמת? האט אים, דעם טאטן זיינעם, טאקע דער אפטייקער פאר׳סמ׳ט?

און אז ער איז געווארן עלטער, איז בא אים אויסגעוואקסן נאך א פראגע:

— האט די שיין, בלאנדע שיקסל טאקע געליבט זיין טאטן, דעם פרומלאכן ווארענקער אידן, און צי האט ער, דער טאטע, וואס האט געשארן דאס בערדל, און דאך געווען פרום, טאקע ליב געהאט א קריסטלאך ווייבל?

וועגן דעם האט ער פיל מאל געטראכט, אפילו אין די טראנ־שייען, געפרובירט זיך דערמאנען קליינינקייטן, זאכן פון דער קינדהייט, ארויסברייינגען זיין טאטנ׳ס בילד און פון אים אראפ־לייענען דעם סוד, און ניט געקאנט... עפעס אלץ איז אזוי צעשוואומען געווען...

און אט איז ער ווידער אין ווארענקע און אין אפטייקערשן שטוב, אבער ווער וויים, אפשר איז שוין ניטא יענער אפטייקער.

מוניע פרובירט זוכן, אפשר וועט ער עפעס געפינען א שפור. ער באטראכט דעם סאמאוואר, יא, ער קוקט אוים ווי יענער...

אבער עס איז דאך ניט קיין באוויז — סאמאווארן זיינען אלע ענלעך איינער צום צווייטן.

ער קוקט און ער דערזעט, ווי פון וואנט קוקט אף אים ארונטער א קענטלאך בילד.

מוניע נעמט עס ארונטער, טרינקט זיך איין אין איר מיט די בליקן, זוכט אין איר דעם סוד ארויסצוגעפינען...

— יא, דאס איז ער, דער אפטייקער...

מוניע׳ן שטייפן זיך די פויסטן:

— אך, דו מערדער!

ער שטעלט אוועק דאס בילד אפן טיש, נעמט דאס שווערד און צילט זיך אין אים. דער שווערד רייסט דורך דעם קאפ. מוניע צילט זיך ווידער אין הארצן און דאס בילד פאלט ארוים פון ראם, מוניע צעטרעט עס מיט די פיס...

ענדלאַך בלייבט ער שטיין פאַרשעמט.

— נאַריש געמאַכט זיך, ווי אַ קינד... זיך אָפּגערעכנט מיט אַ בילד אפשר פון אַ טויטן מענטשן...

מוניע דערפילט אַ מידקייט און אַ ווייטאָג אין צעוואָונדעטן פוס. ער פאַלט צו דער סאָפע און צעוויינט זיך שטיל... און ער דערפילט זיך אַזוי לייכט... און עס חלומ'ט זיך אים, אַז ער זיצט אין אַפּטייקער־שטוב און די יונגע בלאָנדע ווייבל האַלט זיין פוס אַף איר שויס און גלעט עס מיט קילע הענט:

— שליאָמע'ס זון!

קלעפּ אין טיר וועקן אים אויף:

— שטיי אויף! אָנגריף!

מוניע גיט זיך אַ הויב, די זון קוקט אריין אין שטוב — אַ קלאָרע, אַ לויכטנדיגע.

— איין מינוט!

ער לויפט פון צימער צו צימער, ער זוכט. אין אַ ווינקל דערזעט ער זיצט אַ צעשראָקענע פרוי, דער פּנים צעקנייטשט, גרויע־לאָכע האָר קוקן ארויס פון אַ בלאָנדן קאָפּ.

יאָ, דאָס איז זי!...

ער וועט באַלד וויסן!

— זאָג, געדיינקסט, אָבער דעם אמת!

די פרוי קוקט אים אָן צעשראָקן:

— וואָס?

— חבר, גיכער, אָנגריף! — שרייט אריין אַן אַנדער חבר־קאָמיסאַר. מוניע גיט אַ שפּיי, לויפט שנעל ארויס:

— צום טייוול!

ער זעצט זיך אַפן פערד, קלאַפּט אים שטאַרק מיט די שפּאָרן און די פוס טוט אַזוי וויי, און אין האַרצן דריקט:

— איז עס אַ חלום, אָדער אַף דער וואָר.

און ער טרייבט שטאַרקער דעם פערד מיט אַ געשריי, וואָס ער וויל זיך אַליין פאַרשרייען:

— חברים פאָראויס!...

# מיסטער סאַקאַל

באַ בעזן ראַדזשערן אַפֿן פֿאַרם שטייט מיסטער סאָקאָל׳ס „וואָריג״ מיטן שטאַרק הויכן באַשפּיצטן לייטער און גראָבט זיך מיט עקשנות אין דער טיפֿקייט.

הגם די ערד איז שווער און לייִמיִג אַזוי, אַז באַ יעדן גראָב, טרייסלט זיך אַזש די „וואָריג״ אויף, דאָך פֿאַרלירט ער ניט דעם אימפּעט, גלייך ווי נאָר אים, דעם „וואָריג״, און ניט דעם קליינעם מיסטער סאָקאָל, וואָלט געגאַנגען אין לעבן צו דערגיין — צי איז באַ בעזן ראַדזשערן אַפֿן פֿאַרם, טיף אונטערן ליים דאָ — אויל, אָדער גאָר — ברודנע וואַסער.

באַם „וואָריג״ איז שוין אַפֿילו אויסגערעכנט, וואָס עס וועט זיין נאָכדעם. אָט וואָס: וועט ער דערפֿילן וואַסער, וועט ער בלייבן שטיל, ווי גאָרניט, ווי קיין זאַך וואָלט קיינמאָל ניט פּאַסירט. ער האָט זיך געגרונטעוועט, הייסט עס, ניט צוליב אויל, נאָר סתם אַזוי. וועט ער אָבער „דערטאַפּן״ אויל, דעמאָלסט וועט ער עס געבן אַ כאַפּ־אויף און אַ שאָס אויס מיט זיין גאַנצן כּח. מעג אים אַפֿילו אויסקומען „אַלע״ צו באַגיסן און נאַס מאַכן פֿון קאָפּ ביז די פֿיס. אָט, אַדרבא, זאָל עמיץ זיך פּרוּוון בייזערן? ער איז שוין אַלט גענוג, אָט דער אייזערנער „וואָריג״, ניט איינמאָל אין זיין לעבן אויל דערטאַפּט, „געזען״, ווי מענטשן לעקן עס אַפֿילו, אָט דעם פֿעטן אויל...

אָט זיינען די „אַלע״:

דער פּאָמפּער, אַ שטום פֿאַרביסענער אירלענדער, וואָס זשאַ־לעוועט אַפֿילו אַרויסצולאָזן אַ שמייכל, קייט פֿון פֿרי ביז נאַכט „פּייוו בראָדערס טאַבאַק״, און שפּייט יעדע רגע מיט אַזאַ כּוונה, ווי אַ פֿרומער איד צו „עלינו״.

דער צווייטער, איז דער שוואַרצער צעגלאַנצטער נעגער,

וועמענס פּנים זאָגט עדות, אַז זיינע עלטערן, צי זיי האָבן יאָ צי ניט געזינדיגט, אַלנפאַלס ניט מיט קיין ווייסע. ער, דער נעגער, פּאַרקעט זיך אויף אַרום „ווריג". ער העלפט דעם פּאַמפּער שמירן די רעדלאַך אין דער מאַשין. ער טוט עס פאַרזיכטיג און צעשראָקן:

— דער טייוול ווייסט דעם לאַנגן קראַצער! — קאָנסט אים ניט געטרויען.

דער דריטער — דער קליין־וואוקסיגער — איז טאַקע מיסטער סאָקאָל, וואָס קומט יעדן טאָג אַפּן פאַרם, לויפט פון „ווריג" צום פּאַמפּער, און פון פּאַמפּער צום נעגער:

— אָ, עס וועט זיין אויל?

קיינער גיט אים ניט קיין קלאָרן ענטפער. דער „ווריג" טוט אַ קרעכץ, דער פּאַמפּער — אַ שפּיי אויס, כעס'דיג שוין — אַ פולע מויל שפּייעכץ מיט טאַבאַק — און שלינגט גיך פרישן טאַבאַק און דער נעגער שיסט אויס אַ ווילדן געלעכטער, וואָס צעשיט זיך ווי אַרבעסלאַך איבערן גאַנצן אַרום.

דער פערטער איז דער אַלטער בעל ראַדזשער. ער קוקט מיט אַ בייז אויג אַפּן „ווריג". ער האָט אים פיינט, דעם לאַנגן סטור־קאַטש, וואָס מאַכט אַ תל פון אַ שטיק גוט קאַרטאָפל־פעלד. הגם, וואָס איז ער, דער „ווריג", שולדיג, אַז ער, דער אַלטער נאַר, האָט זיך געלאָזט איינריידן פון כיטרען סאָקאָלן, אַרויפצולאָזן אַ „ווריג" אַפּן פעלד. און דוקא אַף דער קאַרטאָפל שטיק:

— אָט, דאָ אונטערן ליים איז דאָ אויל. אַזוי זאָג איך, מיסטער סאָקאָל, וואָס האָט געגראָבן „קוואַלן" אַזוי פיל, ווי אַ קברן קברים — איר זעט, מיסטער ראַדזשער, אַז אויב איך, מיסטער סאָקאָל זאָג, אַז דאָ אַפּן האַנט אונטערן הויט, איז דאָ אויל! — איז דאָ!

האָט ער, ראַדזשער, אָנגעהויבן צו גלויבן און ענדלאַך צו־געשטימט.

שטאַרק אָנגיין, צי יאָ אויל, אָדער ניט אויל, גייט זיי אַלעמען, אויסער דעם קליינעם מיסטער סאָקאָל, ניט אָן.

וועט ניט זיין קיין אויל, וועט מען דעם „ווריג" איבערפירן

אף א צווייטן פעלד, און ער וועט דאָרט ווייטער קרעכצן און זיך גראָבן אונטערן ליים. אָדער ער וועט זיך גאָר רוען עטלאכע וואָכן און מ'וועט יעדן טאָג שמירן זיינע געדערים מיט אַלטן פעטן אויל.

דער אירלענדער וועט אויך ערגעץ אַנדערשוואו זיך פּאַרקען באַ א „ווריג", איז ניט אין טעקסעס, איז אין קענזעס. אומעטום דיזעלבע אומעטיגע פעלדער.

און אויב ניט, וועט ער זיצן אין א „פּול־רום" קייען „פּייוו בראָדערס" און שפּייען דוקא אין א שפּיי קעסטל (דאָס געפעלט אים ניט אַזוי, ער האָט ליב צום שפּייען אַזוי, אַז ער זאָל דאָס שפּייעכץ זען).

דער נעגער וועט קריגן, אפשר, גאָר „א דזשאָב" אין א האָטעל, צו רייניגן דעם דיל, אָדער מ'וועט אים אויסוואַשן און לאָזן שטיין, זיך נויגן באַ א האָטעל־טיר. און אויב ניט, וועט ער גיין אין שטאָט און שיסן „קרעפּ".

דער אַלטער ראַדזשער, אַז עס וועט אים מיאוס ווערן צו שילטן דעם „סאַנאָוואָגאַן", דעם „דזשו", וועט ער פאַרשיטן די גרוב, און ווייטער זעצן קאַרטאָפל.

אַנדערש איז אָבער מיט מיסטער סאָקאָל. פאַר אים איז עס א פראַגע פון זיין „מיסטער" סאָקאָל, אָדער א סאָקאָל סתם אַזוי. אַזאַ זאַך, וואָס קיינער דאַרף ניט און באַמערקט ניט, וואָס דרייט זיך אַרום א ניט געבעטענער אַף גאָט'ס וועלט.

ער מוז דאָ געפינען אויל. און ער וועט עס געפינען (פון ניט געפינען טראַכט ער ניט) אַלע סמנים ווייזן, אַז יאָ.

אָט זיינען זיי:

דיזעלבע שווערינקייט איינצורײדן דעם אַלטן ראַדזשערן האָט ער געהאַט אַמאָל, ווען ער האָט „געפונען" דעם גרויסן „וועל" — באַ דזשאָנען.

עס איז אויך געווען אין חודש דעצעמבער. ער, סאָקאָל, איז אויך דעמאָלסט, ווי היינט, געווען א „געבראָכענער", אַריינגע־ לייגט די לעצטע עטלאכע הונדערט דאָלאַר, ריזיקירט און גע־ וואונען . . .

דאָס איז געווען דער אמת׳ער „וועל״. די „סטענדארד אויל קאָמפּאַניע״ פּאָמפּעט נאָך היינט פופציג פעסלאָך אויל אַ טאָג. איז ער דעמאָלסט געווען אַ „גרינהאָרן״, געגומען און עס פאַרקויפט פאַר נאַרישע פופציג טויזנט דאָלאַר.

היינט וועט ער עס שוין ניט פאַרנאַרן: פינף הונדערט טויזנט דאָלאַר — אַ סענט ניט ווייניגער! אי טאָמער, וועלן זיך ראַקע־פעלערס משולחים איינ׳עקשנ׳ען און זאָגן: ניין! דעמאָלסט וועט ער, סאָקאָל, דינגען אַן אָפיס אין גרויסן, פופצן עטאַזשיגן „דיילי פּייפּער בילדינג״ און אַרויסשטעלן אַ גרויסן עלעקטרישן שילד:

סאָקאָל אויל קאָמפּאַני.

אַמעריקע איז אַ מדינה, וואו יעדער מענטש האָט רעכט צו ווערן אַ ראַקעפעלער.

ער, סאָקאָל, איז טאַקע אַ גוט־ברודער מיט דעם רעדאַקטאָר פון דער אויל אָפּטיילונג אין דעם „דיילי פּייפּער״. יענער איז אַ קלוגער יונג. ער וועט אים געבן אַ גרינעם פּאַפּירל, וועט ער געבן אין „פּייפּער״ אַ גאַנצע געשיכטע, ווי אזוי ער, מיסטער סאָקאָל, אַן אָרעמער אינגל, איז געקומען פון דער אַלטער „קאַנטרי״ און זיך מיט זיין פייאיגקייט אַרויפגעאַרבעט. די צייטונג וועט אַריינשטעלן זיין, מיסטער סאָקאָל׳ס בילד.

— נאַט, זעט! אַ מוסטער!

די „פּראָדאַקשאָן״ וועט זיך הויבן. די סטאָק וועט מען כאַפּן ווי חרסת.

באַ אים, מיסטער סאָקאָלן, איז ניט דאָס געלט דער עיקר. ער איז ניט פון די מענטשן, וואָס באַ זיי איז געלט אַלץ. טאַקע אמת, ער האָט אין ראַדזשער׳ס „וועל״ אַריינגעבראַכט די לעצטע עטלאַכע הונדערט דאָלאַר, וואָס ער האָט געקראָגן אין לאָמבאַרד פאַר דעם דימענט־רינג, וואָס איז אים נאָך געבליבן פון דער גוטער צייט. ער איז אויך שולדיג געלט דעם האָטעל פאַרן צימער און האָט זיך קוים איינגעבעטן צו קריגן דעם שליסל ביז דער „וועל״ וועט קומען. די בגדים „בעטן״ זיך שוין אויך, מ׳זאָל זיי פאַר־

בייטן אַף נייע. אַ חוץ אַלעמען האָט ער געקראָגן אַ בריוול פון דער אַלטער היים. אַ איד, וואָס ער געדיינקט קוים שרייבט אים אָט וואָס:

„להגביר הידוע מ"ר שלום סאָקאָל: איך, דיין טאַטע, ביז שוין אַלט און שטאַרב פּשוט פון הונגער. קאָן שוין איבער די „הייזער" ניט גיין. אַזוי ווי דער „אַמעריקאַנעץ", וואָליע שניי־דערס זון האָט — איבערלייענענדיג דיין פירמע אַף אַ קאָנווערט — געזאָגט, אַז דו ביסט עפּעס אין אַזעלכע געשעפטן, וואָס באַטרעפן אין די מיליאָנען, טו דערמאָן זיך אָן דיין אַלטן בלינדן טאַטן און שיק עטלאַכע דאָלאַר".

נו, וואָלט טאַקע אים צונויץ געקומען אַ גוטער „וועל". ער דאַרף די געלט. נאָר אַז ניט, איז אויך די וועלט אַף אַן אָרט. ער וואָלט געוואַרט ביז עס וועט זיך מאַכן אַ נייער „וועל". דער־ווייל וואָלט ער זיך דורכגעדרייט, געכאַפּט אַ הלואה באַ דער אַלטער מויד, וואָס שטייט באַם ציגאַר־טישל און חתונה געהאַט מיט איר דערפאַר. אָדער געפּאַקט אַ שוטה, וואָס וויל רייך ווערן און אים פאַרקויפט „סטאַק" פון אַ טרוקענעם אָדער „לא היה ולא נברא" „וועל". נאָר איצט איז עפּעס אַנדערש. ער מוז ווערן „מיסטער" סאָקאָל. אַלע זאָלן עס זען, און ניט אַזוי אַלע, צום טייוול מיט זיי, נאָר זי, די הויכע שיינע העלענע, וואָס איז אַמאָל זיינע, סאָקאָלס, ווייב געווען און אים גערופן:

— מיסטער סאָקאָל.

אָט די ווייבל, וואָס ווי נאָר ער, סאָקאָל, האָט פאַרלאָרן זיין געלט, איין „וועל" נאָכן צווייטן געפונען אַ טרוקענעם, האָט זי זיך אין איין פרימאָרגן אַרויסגעקליבן פון זיין שטוב און איז אַוועק וואוינען מיטן הויכן אָקלאַהאָמער שקאָץ, וואָס איז אַ מענעדזשער אין דער „פּריירי ריפייינינג קאָמפּאַני".

ער, סאָקאָל, האָט זי ליב, הגם זי האָט אים אויסגעלאַכט. אַוועקגעוואָרפן אים, דעם אידישן יונגנמאַן, ווייל ער האָט שוין ניט קיין געלט און אַוועק צום אָקלאַהאָמער שקאָץ. אָט איר, וויל ער ווייזן, אַז ער איז צוריק „מיסטער" סאָקאָל, באַ וועמען אַ טויזנטער

איז גאָרנישט, אַז ער וויל, נעמט ער אַזאַ פּאַפּירל און פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס דערמיט.

אַט ווי אַמאָל, ווען אין רעפאָרם טעמפּל, וואו ער איז געווען אַ מיטגליד — (איצט האָט מען אים אויסגעשלאָסן, כאָטש דיוס האָט ער געצאָלט) — איז געקומען עפּעס אַ רעדנער. ער האָט די רעדע, צוליבן „הויכן" ענגליש און מאָדנע פראַזן, ניט פאַר־שטאַנען. ער האָט אָבער דערטאַפּט ,אַז ער בעט געלט פאַר עפּעס. דעמאָלסט האָט ער, מיסטער סאָקאָל, אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש :

— גענוג צו ריידן. אַט איז צוויי טויזנט דאָלאַר!

אַלע האָבן צו אים, סאָקאָלן, געשטערקט די הענט, אפילו דער אַלטער מענדלזאָן, דער גאוה'דיגער דייטשישער יאַהודי, וואָס איז אַ מייסאָן פון דער דריי און דרייסיגסטער מדרגה.

זאָל זי זעען, אַז ער איז מיסטער סאָקאָל געווען און וועט עס בלייבן, ניט ווי איר שקאָץ, וואָס איז אַ שטיקל מענעדזשער, וואָס נעמט נאָר טויזנט דאָלאַר אַ חודש, און נאָר אַזוי פיל קאָן ער האָבן און ניט מער אַ סענט.

ער וועט קויפן אַ פאַרמאַכטן אויטאָמאָביל, דעם בעסטן „ראָלס־ראָיס". זיין „קעדילאַק" איז שוין אַ שטיק „דזשאַנק". ניט לאַנג צוריק, פאָרנדיג פון בען ראַדזשער'ס פאַרם, האָט זיך דער „קעדי־לאַק" איינגע'עקשנ'ט און ניט פון אָרט. ער האָט אים געדרייט, געשמירט, געפּאָרקעט זיך אין זיינע געדערים, וואו נאָר ער האָט גערעכנט עס קאָן העלפן און גאָר ניט, ניט פון אָרט. אים וואָלט עס ניט געאַרט, זיין „קעדילאַק" פראַוועט אָפּט אַזעלכע שטיק. ער איז אַלט, וויל שוין מער ניט לויפן, איז אָבער פונקט צום טייוול אָנגעפאָרן זי, העלענא, מיט איר שקאָץ. און זי האָט געזען, ווי ער שטייט אַ פאַרשמירטער, צעשוויצטער, לעבן אַלטן „קעדי־לאַק"...

און דזשאָן, דער הולטאַי, נאָך ניט גענוג, וואָס ער האָט צוגע־נומען בא אים, סאָקאָל'ן, די ווייב, וואָס ער סאָקאָל האָט אַראָפּ־געבראַכט אַזש פון ניו יאָרק. מאַכט זיך פון דעם גאָרניט וויסנ־דיג, גאָט די נשמה שולדיג. קומט אים אַלע מאָל אַנטקעגן מיט

א „העלאו" און מיט פרעטענזיעס הלמאי ער, סאקאל, קומט ניט צו זיי צו די „פויקער" שפּילן?

דאס מאל, ווען ער האט אים אנגעטראפן באם „קעדילאק", האט ער זיך אויך אפגעשטעלט:

— העלאו מיסטער סאקאל, וואס איז דער מער מיט אייער „קעדי"?

און זי האט זיך נאך גערייצט, געלאכט פארביסן און גע־האלטן אין איין רופן איר דזשאנ'ען:

— קום דזשאן, קום מיין טייערער!

וואלט ער איר טאקע געוויזן, אז ער האט א „ראלס־ראיס", וואס איז ווערט צען מאל אזוי פיל, ווי איר „נעש".

בא אים, סאקאל'ן, איז קלאר, ווי איינס מיט איינס איז צוויי, אז זי וועט קומען צו לויפן צו אים, א וויינענדיגע און בעטנ־דיגע, קושן די הענט:

— „עקסקיוז מי", מיסטער סאקאל! — אנטשולדיגט!

ער וועט זיך מאכן א גזלניש הארץ, זיך אפילו ניט אומקוקן אף איר, צוגיין צום טעלעפאן, הייסן די טעלעפאן־מיידל פארבינדן אים מיט דער פריוואט־הויז פון ה' גאלדשטיין, פון דעם רייכן, דייטשישן אידן, וואס האט די גרויסע באנק־הויז און א טאכטער, וואס האט געוואונען דעם שיינהייט־קאנקורס. ער קאן זי, איר בילד אין די צייטונגען געזען און ווייס אפילו איר נאמען (פון צייטונגען); „לאלא" — הייסט זי; ער וועט בעטן צו רופן מיס לאלא'ן צום טעלעפאן און זאגן:

— לאלא, ווילסט כאפן מיט מיר א „פאר" אין אונזער נייעם „ראלס־ראיס"? זי, די מיידל, וועט געווים אויסשטעלן הינטערן טעלעפאן א פאר צעשראקענע אויגן: ווער קאן דאס זיין?

נאר וואס גייט עס אים אן, אבי זי, העלענא, וועט עס אננעמען פאר אן אמת און זיך צעבליפען:

— מיסטער סאקאל! זיי מיר מוחל!

ער וועט דאמאלסט ווערן ווייכער. א, ער איז איר מוחל, כאטש זי איז עס ניט ווערט, נאר ער טוט עס, ווייל ער איז

מיסטער סאָקאָל, ניט עפּעס אַ דזשאָן, אַ שטיקל מענערדזשער, נאָר מיסטער סאָקאָל, אַ מענטש מיט אַ ברייט האַרץ, אַ דזשענטל־מען, דער פּרעזידענט פון „סאָקאָל אויל קאָמפּאַני".

* * *

דער „וואָריג" האָט גענומען גיין ווייכער, אויפגעהערט צו קרעכצן. דעם שטום־פאַרביסענעם אירלענדער האָט דער געדאַנק, אַז אפשר וועט ער שוין מוזן באַלד פאַרלאָזן דעם פּלאַץ און זוכן אַן אַנדער אָרט, וואו צו שפּייען די אַנגעקייטע טאַבאַק, ניט געלאָזט איינהאַלטן די שווייגעניש. ער האָט מפסיק געווען, זיך אַרויס־געכאַפּט מיט אַ וואָרט:

— עס איז ניט ווייט פון צו וויסן!

סאָקאָל'ן האָט דיזעלביקע ווערטער שוין געהאַט געזאָגט דער „וואָריג" מיט זיין ווייכקייט, ער, סאָקאָל, איז נאָך ניט געווען זיכער, אפשר האָט דער נעגער אים גוט אויסגעשמירט. דערפאַר זיינען פאַר אים געווען דעם אירלענדער'ס רייד אַ הסכמה, אַז דער „וואָריג" זאָגט אמת.

נאָר ער, סאָקאָל, האָט שוין ניט די פריערדיגע זיכערקייט. עפּעס באַאומרואיגט אים איצט דער „וועל", ער האָט פאַרלאָרן דעם גלויבן אין אים. די לעצטע ערד איז ווייט פון צו זיין פעט. ער קאָן שוין ניט איינזיצן אין האָטעל. עפּעס מאָדנע געדאַנקען גנב'ענען זיך צו אים אריין. געדאַנקען, וואָס לאַכן אָפּ פון אים, סאָקאָל'ן, אַליין.

אויף דער האָטעל־וואַנט הייננגט אַ גרויס בילד פון פאַרשטאָר־בענעם דעמינג. ער האָט אים געקאָנט דעם דעמינג'ען, אַ מאָדנער מענטש געווען. געווען דער ערשטער, וואָס האָט געפונען אויל אין דעם געגנט. ער איז געוואָרן ווילד פון גליק. האָט גענומען און אויסגעבויט אַ גרויס־שטאָטישן האָטעל אויפן פוסטן פעלד און געגעבן אים זיין נאָמען — האָטעל דעמינג... זיך פאַראייביגן געוואָלט! — דאָ וועט זיין אַמאָל די גרעסטע שטאָט, — אַזוי זאָגט איך, דעמינג. נאָכדעם האָט אים גענומען גיין אַלץ אויף צוריק, האָט דאָס געלט פאַרלאָרן, איז ער איין נאַכט אַרויף אויף אַ „וואָריג" און זיך אויפגעהאַנגען...

אַט דאָס בילד האָט ער ניט איינמאָל געזען, נאָר ער איז אים קיינמאָל ניט אָנגעגאַנגען. איצט אָבער לאָזט אים דאָס בילד ניט אָפּ, שמייכלט צו אים חבר׳יש, צווינגט סאַקאָל׳ן אַף אים קוקן. עפּעס ווי עס וויל ווייזן, אַ משל אַף אים סאַקאָל׳ן: אַ קליינער דעמינג? און אפשר וויל ער ווייזן אויך דעם אויסוועג? . . .

סאַקאָל אַנטלויפט פון האָטעל, כאָטש דער אַלטער מויד, וואָס שטייט באַם ציגאַר־טיש, האָט ער צוגעזאָגט אָפּפירן אַהיים, זי איז באַ אים אויך אַ קליינער אויל קוואַל . . . זי האָט געלט. זי איז אַן אויסוועג.

ער טרייבט דעם „קעדילאַק", יאָגט אים איבער די בערג, קוועטשט מיט אַלע כחות דעם געזאַלין פּילער. מענטשן אַפן וועג ווילן אים אָפּהאַלטן, שרייען צו אים:

— וואָס איז, מיסטער סאַקאָל? געפונען אויל? אָדער טרוקן? . . .

ער הערט ניט, טרייבט נאָך שטאַרקער . . . אַט איז ער שוין אַפן פאַרם, דער „ווריג" הויבט זיך נאָך . . . סאַקאָל לעקט די ערד.

— זי איז פעט! עס וועט זיין אויל!

מער אין האָטעל גייט ער ניט. ער זיצט אַפן פאַרם, עסט די הייסע קאַרטאָפּליעס, וואָס דער אַלטער ראַדזשער רוקט אים כעס׳דיג צו:

— אַט אַ שוטה אַ גוי, גייסט אים רייך מאַכן, און ער איז נאָך אין כעס.

* * *

איין פאַרנאַכט איז דער „ווריג" שטיל געוואָרן, סאַקאָל איז אַרויסגעלאָפן מיט אַ וואַרעמען קאַרטאָפל אין מויל:

— וואָס?

דער שווייגנדיגער אירלענדער האָט צוזאַמענגעלייגט די געצייג, געשווינד גיך, ווי אַ דאָקטאָר, בעת ער גייט אַוועק פון אַ אָקאָרשט געשטאָרבענעם חולה. סאַקאָל רייסט אים באַם אָרבל:

— וואָס איז? . . .

— זעסט ניט? צום טייוול!

סאָקאָל גיט אַ קוק אַפן „וואריג״ — ער זעט! דער „וואריג״ איז הויך, שטאַרק הויך, שפאַרט אין הימל אַזש אַן און קוקט אַראָפּ אַף אים, סאָקאָל׳ן, לאַכנדיג, שפּאָטיש:

אַ ברודנע וואַסער? פינף הונדערט טויזנט דאָלאַר? ניט אַנדערש, אַ סענט ניט ווייניגער? סאָקאָל אויל קאָמפּאַני... אַ „ראָלס־ראָיס״... העלענא... כאַ... כאַ... כאַ...

בען ראַדזשער לויפט און שרייט:

— וואו איז דער שווינדלער?!

סאָקאָל איז צוגעלאָפן צום „קעדילאַק״, אים גענומען אַנדרייען. דער „קעדילאַק״ האָט געגעבן אַ שפּרונג און גלייך חרטה געהאַט, איז צוריק שטיל געבליבן.

— אַלע קענען מיר...

סאָקאָל וואַרפט דעם דריי־הענטל פון „קעדילאַק״ אין די פענצטער. זיי צעבראַזגען זיך מיט אַ גערויש, וואָס דערשרעקט מער סאָקאָל׳ן, ווי ראַדזשער׳ס געוואַלדן מיט דער האַק. ער האָט זיך געלאָזט מיט אַ געשריי לויפן איבער די פעלדער.

דער גאַנצער נאַכטיגער אַרום האָט זיך צעטרייסלט פון די קלעפּ און קרעכצן, וואָס דער „וואריג״ האָט אַרויסגעלאָזן אונטער בען ראַדזשער׳ס ווילדער האַק... און פאַרשריען דעם קליינעם קרעכץ, וואָס עפּעס אַ קליינס האָט אַרויסגעלאָזן אַף אַ הויכן שפּיציגן „וואריג״... דערנאָך האָט זיך עס שטיל געהוידעט אין דער נאַכט אַריין. — — — —

# שווארץ און ווייס

ניט דער נעגער דזשאָן און ניט דער איד דזשאָו — דער רייכער הייזער־קויפער און פאַרקויפער און אַמאָליגער פּעדלער — קאָנען פאַרגעסן יענעם יאָר, פון יענער „משוגענער” צייט, וואָס איז אויסגעפאַלן, ווי דזשאָן רעכנט, מיט אַכצן יאָר צוריק און לויט דזשאָו'ס חשבון איז שוין באַ אַ צוואַנציג...

אין יענעם יאָר האָבן זיי זיך ביידע באַקאַנט און פון יענער צייט אָן ווילן זיי איינער פון צווייטן אַנטלויפן און קאָנען ניט. זיי צעשיידן זיך און באַגעגענען זיך דאָך ווידער...

באַקאַנט האָבן זיי זיך, ווען נעגערס זיינען געלאָפן פון די דרום־שטעט. געלאָפן און געבליבן שטעקן, ווי אין אַ באַנגע אין די מזרח־שטעט. ווייטער ניטאָ וואוהין צו לויפן, דער שטורעמדיגער אַטלאַנטישער ים לאָזט ניט... אַזוי איז אויך אַנטלאָפן דער נעגער דזשאָן מיט זיין ווייב ראָוז און, ווי אַלע, געלאָפן און געבליבן שטעקן אין אַ גרויסער מזרח־שטאָט, אין אַ שפּעטן מיטן נאַכט, אין אַ גאַס אַ פרעמדע, אַ פינצטערע און נאַגנדיגע, ווי זיין ווייב ראָוז, וואָס האַלט אים, דזשאָנען, אין איין נאָגן:

— דזשאָן, פאַרוואָס ברענען די ווייסע אונזערע היימען?

— וואוהין לויפן מיר?

— דזשאָן, אויך דאָ זיינען דאָך דאָ ווייסע!

דזשאָן וויל איינשלינגען די אַלע פראַגן און קאָן ניט, זיי בלייבן אים שטעקן טיף אין האַלדז און זיי שטעכן אים, ווי ער וואָלט געקייט פאַרלעגענע ביטערע קיי־טאַבאַק. ער בייסט איין די ליפּן און זיי ווערן באַ די ברעגן ווייס, ווי מען וואָלט זיי מיט מעל באַשאָטן... און אַנשטאָט אַן ענטפער צו געבן, פרעגט ער גאָר שוין זיך אַליין:

— פאַר וואָס טאַקע?...

א פינצטערער קארידאר פון א הויז אין גאס איז געווען אפן. דזשאן איז געווען מיד, ער מיטן ווייב זיינען אהין אריינגעקראכן, אויסגעצויגן זיך אף דער קאלטער פאדלאגע און גלייך איינגעשלאפן.

עפעס האט גענומען קריכן אונטער דזשאנס פאכווע... דאס איז געווען דעם אידן דזשאו׳ס פוס. דזשאו איז געשטאנען איבער דזשאנען און געשארט מיטן פוס, און די אויגן איינגעגעסן אין דער יונגער נעגערטע, וואס איז געלעגן מיט נאקעטע פיס און די לייב ווייט אויפגעדעקט...

דזשאו איז נאך דענסמאל ניט געווען דער רייכער הייזער־סוחר, נאר בלויז א קרעמער פון געניצטע מעבל. ער האט נאך ניט געוואוסט, אז מען קאן זיין א שיינער, בכבוד׳יגער איד, א פרעזי־דענט פון א שול און ניט מוזן לעבן נאר מיט דער צע׳דאגה׳טער, מיאוסע ווייב... מען קאן קויפן ליבע אין דער שטיל, בא יונגע, שיינע מיידלאך...

און אין די היים־בלוטיגע מינוטן האט ער זיך געבראכן דעם קאפ און ניט געקאנט פארשטיין, פארוואס טאר א איד ניט האבן עטלאכע ווייבער.

איז ער זיך אזוי געשטאנען פאר׳חלומ׳ט און געשארט מיטן פוס אונטער דזשאנ׳ס פאכווע און ניט געפילט, אז ער טוט עס גאר, ער קאן נאך אזוי ארום אויפוועקן דעם נעגער, וואס דאס האט ער ניט געצילט... ער האט נאר געוואלט שטיין און קוקן אף דער נאקעט־אפגעדעקטער נעגערטע, וואס אטעמט מיט אזוי פיל געזונטקייט און שטארקייט... ניט ווי זיין ווייב, וואס קוים עס זשיפעט און בא יעדן שארף קרעכצט עס:

— יאסל! יאסל!

דזשאו האט אפילו פארגעסן, אז ער איז אויפגעשטאנען פרי. ווייל ער מוז „לויפן" אין די „אפלייג־שפייכלערס" און אויפקויפן פארלעגנע, צופוילטע מעבל, פאר די אנגעלאפענע נעגערס, וואס קוקן זיך אפילו ניט אום און צאלן גוט געלט...

דזשאן אויפכאפנדיק זיך, און דערזעענדיג דזשאוען איז אויפ־געשפרונגען צעשראקן.

— ראָוז, שטיי אויף!

דזשאָו האָט אַ שמייכל געטאָן אין די וואָנצעס. אַ געדאַנק האָט אויפגעבליצט אין זיין סוחריש־קלוגן קאָפּ, און סוחריש־פריינטלאַך אַ פרעג געטאָן:

— פון דער סאַוט (דרום)?

דזשאָן האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— יעס סער!

דזשאָו׳ס איינפאַל איז געווען אַזאַ:

עס איז איצט פונקט דיזעלבע געשיכטע ווי מיט דעם נעגער קוירלי׳ס פערד.

דער נעגער קוירלי האָט געהאַט אַ פערד, מיט וועלכן ער האָט געפירט ווינטער־צייט קוילן און אייז אום זומער. עס איז געווען אַ מאָגער פערד. דזשאָו האָט אָבער מיט זיינע פאַרזשמורעטע און דאָך שאַרפע אויגן, גלייך באַם ערשטן בליק דערזען, אַז דעם פערד זאָל צוקומען בלויז אַ ביסל לייב, וועט עס זיין אַ פערד, וואָס וועט קאָנען שלעפּן אַ באַן־וואַגאָן.

און דזשאָו האָט דאַן געטראַכט אַ שמועס צו טאָן מיטן נעגער קוירלי. מאַכן צו גאַרנישט דעם פערד און אָנבאָטן אַזוי, אַגב־אורחא, אַן אויסבייט, פון רחמנות וועגן און טאַקע פון פריינט־שאַפט . . . עס איז אָבער אַ צו ריזיקאַלישער וועג. קוירלי איז צו קלוג און דזשאָו נעמט בעסער אַ זיכערן, אַלטן, אויסגעפּרובירטן וועג.

— זיכער ווי אַפּן אייזערנעם בריק! — לאַכט דזשאָו אין האַרצן.

ער איז אַזוי זיכער מיט דעם נייעם וועג, אַז איידער ער גייט אַרויף אַף דעם נייעם וועג — און דאָס איז אַריינצוגיין מיט קוירלין צו רובינען אין סאַלון און הייסן געבן גלעזלאַך נאָך גלעז־לאַך, — אַז ער, דזשאָו, נעמט צו די טאַרבע קאָרן פון זיין, דזשאָו׳ס פערד, און גיט עס אַוועק צו קוירלי׳ס פערד. טאַקע אמת, ער איז נאָך געשפּאַנט אין קוירלי׳ס וואָגן, אָבער דער פערד איז שוין זיינער, דזשאָו׳ס, און ניט קוירלי׳ס . . .

און ער איז געווען געדעכט. אהיים איז שוין קוירלי געפאָרן שיכור, וויגנדיג זיך אפן וואָגן מיט דזשאָו׳ס פערד, וואָס האָט, ווי דער נייער באַלעבאָס, זיך אויך געוויגט הין און אהער אף די קראַנקע, צעשוואָלענע פיס.

אויך דאָ האָט דזשאָו גלייך דערזען, אַז דזשאָן איז אַ יונג מיט ביינער, וועט קאָנען אַרבעטן. ער איז נאָר אויסגעמאַטערט פון וועג. מיט אים און מיט קוירלי׳ס פערד, וועט ער קאָנען איבערקערן אַ וועלט. און ניט נאָר ער אַליין איז די הויפּט זאַך: דאָס ווייבל איז יונג און הייס־בלוטיג, און זעט אויס צו זיין נאַריש...

— הוי, טשאַרלי, ווי רופט מען דיך?

— דזשאָן.

— ווילסט אַרבעטן?

דזשאָן שאָקלט מיטן קאָפּ:

— יאָ!

— טאָ נעם דיין ווייב און קום מיט מיר!

דזשאָו שפּרינגט פאָראויס, דאָס פאָרל גייט אים נאָך. דזשאָו קלינגט מיט שליסלען, עפנט אויף אַ שפּייכלער־טיר.

— זעט! טישן גענוג, בעטן גענוג, איר קאָנט שלאָפן, וואו אייער האַרץ גלוסט...

דזשאָן טרויט ניט קיין ווייסע, זיי זיינען פאַלש, נעמען דיך מיט זיסע ריידעלאַך. ער קוקט זיך איבער מיטן ווייב, זי איז פאַרשלאָפן און צעטומלט און ער קאָן פון איר פאַרשלאָפענעם בליק קיין זאַך ניט אַרויסטייטשן. ער איז זיכער, אַז עפּעס אַ מיין ליגט דאָ פאַרבאַהאַלטן, אָבער וואָס? דזשאָן שפּייט אויס, פאַרוואַרפט די ווייסלם אונטער די ברעמען און ברומט אַרויס כמעט בייזלאַך:

— נעמען אַ טשאַנס!

דער פערד באַלעקט דזשאַנען מיטן צונג. ער זעט, אַז דער מענטש איז שוואַרץ מיינט ער, אַז עס איז זיין אַלטער באַלעבאָס קוירלי, וואָס פלעגט אים געבן פאַר יעדער לעק טאָן אים אַ שטיקל צוקער.

דער וואָגן שטייט קרום. דזשאָן גיט אים לייכט א הויב און גלייכט אים אויס.

דזשאָו שמייכלט צופרידן און רימט זיך אליין:

— מיין קאָפּ! מיינע אויגן!

און ער איז געווען גערעכט. ער האָט זיך אפילו ניט גענאַרט אין דזשאָנ׳ס ווייב ... זי איז געווען, ווי ער האָט גערעכנט, א נאַרישע און א היים־בלוטיגע. — — — —

* * *

אָט אזוי האָבן זיך באַקאַנט דזשאָן דער נעגער מיט דעם אידן דזשאָו.

דזשאָו איז רייך געוואָרן. דער געלאַף פון די נעגערס האָט זיך אָפּגעשטעלט, איז ער געוואָרן א הייזער־קויפער און פאַרקויפער — האָט ער פאַרקויפט די מעבל־קראָם צו אן אַנדערן אידן און יענעם אויך איבערגעגעבן קוירלי׳ס פערד, וואָס האָט בא אים געקראָגן, פון שווער אַרבעטן, צעבראָכענע פיס און אן איינגעפאַלענעם געזעס. און מיטן פערד, וואָס ער האָט געהאַלטן אין איין רימען, האָט ער אויך איינגעגעבן אין „נדן" דעם קויפער — דזשאָנען, וואָס אויך בא אים, בא דזשאָנען, איז פון שווער אַרבעטן געוואָרן די פּלייצע אויסגעבויגן, און מיט די פאַרזשמורעטע אויגן, ממזריש אונטערגעפינטלט וועגן ראָוזן:

— א טייערע, גוטע געגערטע!

ראָוז איז שוין געוואָרן ברייט צעוואַקסן און שווייסיג. בא דזשאָוען האָט זיך שוין דער געשמאַק געביטן. ער האָט פיינט געקראָגן גראָבע ווייבער, ווייל ער האָט שוין פאַרזוכט יונגע, בויגיקע מיידעלאַך און געקראָגן, אמת פאַר מער געלט, אָבער וויפיל זיין האַרץ גלוסט ...

אזוי ווי לעבער האָט ער אמאָל ליב געהאַט, נאָר גראָב צעהאַקטע, איצט האָט ער ליב נאָר פוכקע הינערשע לעבערלאַך — געביטן זיך דער געשמאַק בא דזשאָוען ...

ער האָט זיך פאַרקליבן אפן „באַרג" און אויסגעמידן דעם נעגער דזשאָנען, ניט געוואָלט אים מער אָנזען. ער איז פאַר אים

געוועז, ווי א דערמאָנונג פון אמאָליגע אָרעמע יאָרן, ווען דזשאָו האָט זיך מיט אים געשלעפּט אַפן וועגעלע, וועלכע ער האָט אַזוי ניט געוואָלט מען זאָל זיי געדיינקען... ווייל עס וואָלט דאָך דערציילט, אַז דזשאָו איז אַמאָל געווען אַ קרעמערל פון אַלטע מעבל און געוואוינט אין אַ נעגער געסל...

אויף דזשאַן האָט אים אויסגעמיטן. ער האָט געפילט, אַז דזשאָו האָט אים אָפּגענאַרט, שטענדיג גענאַרט, שטענדיג אין איין צוזאָגן:

— דזשאַן, וועסט אַלע מאָל זיין מיט מיר!

איצט האָט ער אים איבערגעלאָזן באַם אידל, וועלכן ער האָט אָפּגענאַרט מיטן קראַם, פערד און אַפילו מיט אים, דזשאַנען, אַליין. ער קאָן שוין ניט שלעפּן, ווי אַמאָל, אַ גרויסן שראַנק.

דאַרף אַמאָל דזשאָו האָבן דזשאַנען, שלאָגט ער זיך מיט אים ווי צופעליק אָן:

דזשאַן קוועטשט מיט די פויסטן, קריצט מיט די ציין:

— צום טייוול מיט דזשאָוען!

— העלאָ, דזשאַן, וועסטו רויכערן אַ גוטן „לאַ פּאַלינאַ“ סיגאַר?

דזשאַן קאָן ניט פאַרטראָגן דזשאָו'ס ליבלאַכקייט און בורטשעט מיט כעס:

— מער לאָז איך זיך ניט נאַרן. ער דאַרף מיך מסתמא איצט ווידער האָבן, און נאָכדעם מיך ווידער הייסן „גיין“!

דזשאָו קלאַפּט אים איבער דער פּלייצע.

— וואָס איז דער מער, דזשאַן?

דזשאַן קאָן ניט מער ביישטיין, לאָזט אַרויס גיך דעם כעס, ווי וואַסער פון אַ קראַן און טוט אַ שמייכל אין ווינקל ליפּ:

— ביסט אַ טייוול, דזשאָו, זאָג וואָס ווילסטו?

— הער דזשאַן, איך גיי בויען הייזער אין מאָריסטאַון. קום באַ מיר אַרבעטן.

דזשאָו פירט אים אַף זיין אויטאָמאָביל, שטום און שווייגנדיג, איבער וועגן און וועגלאַך. באַ דזשאָוען פינטלען נאָר די אויגן

אומרואיג. זיי בלייבן שטיין אף א פוסטן פּלאַץ. עס שטייען דאָרט נעגערס א סך און גראָבן.

דזשאָו נעמט ארויס א פּאָר נייע אָוועראָלס און א לאַנגע מאָס, דערלאַנגט עס דזשאָנען:

— הערט חברה, דאָס איז דער קאָנטראַקטאָר מיסטער דזשאָן בראַקינגטאָן.

דזשאָן קוקט אים אָן.

— הער, דזשאָן — רעדט ער שוין ווייטער שטיל און גיך צו דזשאָנען — יאָ, דו ביסט דער קאָנטראַקטאָר, דאָס איז דער פּלאַן! דו גייסט פאַר מיר בויען צען „איין־פאַמיליע־הייזער” פאַר בלויז פינף טויזנט דאָלאַר.

דזשאָן ווישט זיך צעטומלט דעם שטערן:

איז עס א חלום?

— איך גיי בויען? — שטאַמלט דזשאָן און וואַרפט ארויס פון אונטער די ברעמען די ווייסלען צעשראָקן.

— יאָ, דו! פאַרגעס ניט, דו ביסט א גרויסער קאָנטראַקטאָר.

א אויטאָמאָביל מיט פרעמדע אויסגעפּוצטע מענטשן לויפט אָן. דזשאָו שטאָפּט דזשאָנען גיך א געלט־פּאַפּירל אין האַנט אריין.

— וואָס?

— דזשאָן! לאָז עס צו מיר!

די מענטשן הויבן זיך שווער פון אויטאָמאָביל:

— איר גייט טאַקע בויען, מיסטער גרין? — ווענדן זיי זיך צו דזשאָוען.

— וואָס דען? דאָס איז מיין קאָנטראַקטאָר, מיסטער דזשאָן בראַקינגטאָן. איך זע ניט קיין אונטערשייד פון הויט און פאַרב. איך זע נאָר דעם אונטערשייד אין געלט. מיסטער דזשאָן בראַקינג־טאָן, אדרבה דערציייל זיי, פאַר וויפיל דו גייסט בויען די הייזער. מיסטער בראַקינגטאָן איז דער גרעסטער און בעסטער בויער פון דער סאַוט.

דזשאָו זעצט זיך אַריין מיט די מענטשן אין אויטאָמאָביל, און צו דזשאָנען גיט ער א בורטשע אין דער שטיל און גיך:

— נעם און טראָג זיך אַפּ אַהיים!

דזשאָן וויל אים נאָכלויפן און שרייען, אָבער די ווערטער קריכן איינער אַפן אַנדערן און קאָן אַפילו ניט אַרויסוואַרפן דעם איין וואָרט, וואָס וואָלט אַלע ווערטער נאָכדעם לויז געמאַכט. און דאָס איז:

— ליגנער!

ער בלייבט שטיין אין פאַרווירונג און קוקט נאָך דעם לויפנ־דיגן אויטאָמאָביל, וואָס יאָגט זיך אַזוי שנעל און לאָזט איבער נאָך זיך בלויז אַ רויך, וואָס דרייט זיך אַזוי אַרום, איבערן פוסטן פעלד...

און ניט נאָר צו דזשאָנען, נאָר אַפילו צו ראָוזען פאַרבלאָנדזשעט דזשאָן אויך אַמאָל. דאָס טרעפט דענסמאָל, ווען עס פאַרשמעקט זיך אים פעטע ווייב־לייב. אַט אַזוי ווי עס פאַרגלוסט זיך אים אַמאָל גראָב געהאַקטע רינדרן לעבער. און פונקט, ווי נאָך אַזאַ עסן דוכט זיך אים אַז עס דריקט אים אונטערן האַרצן און עס איבלט אים, אַזוי נאָך אַזאַ „לעב" טאָן מיט ראָוזן, שפּייט ער און פילט אַ ניטגוטקייט און ציט, ביז ווילד, דעם גראָבן ציגאַר...

* * *

איינמאָל האָט דזשאָן געקויפט אַ הויז אין רייכן, שטילן געסל, וואו עס וואוינען די אַלטע, רייכע מענטשן, וואָס רוען זיך אָפּ נאָך אַ גאַרניט אויסגעאַרבעטן לעבן.

דזשאָן האָט גערעכנט איינצוואַרפן די אַלטע, אויסגעלעבטע הויז און אויסבויען אַ גרויסן „אַפּאַרטמענט". די באַלעבאַטים פון שטילן געסל, וואָס האַלטן זיך אין איין רוען האָבן זיך דערשראָקן:

— טומל וועט קומען.

זיי זיינען אַוועק מיט אַ געוואַלד צו זייערע זין, וואָס פירן די שטאָט, אַט די, וואָס וועלן אַליין שפּעטער אַף דער עלטער קומען אין זעלבן געסל און אויסרוען די ביינער.

דזשאָן האָט זיך געטראַכט:

— וואָס טוט מען דערצו?

און ער האָט זיך געכאַפּט. ער האָט עס:

— אהא! דזשאן!

— העי דזשאן, איך האָב אַ שטוב אין רייכן געסל, ווילסט דאָרטן קומען וואוינען, אַן דירה־געלט!

דזשאַן קווײנקלט זיך. ער איז חושד און ער טראַכט, אַז עפּעס איז דאָ אַ מיין ווידער באַהאַלטן.

— ניין! ניט מער!

— דזשאַן, זיי ניט קיין נאַר, — לאַכט דזשאָו, — איך קאָן קריגן צוואַנציג אַנדערע, אָבער בעסער דיר. איך צאָל דאָך נאָך פינף דאָלאַר פאַרן היטן. נאַדיר אַ קאָנטראַקט פאַר אַ יאָר באַ־צאָלטע דירה־געלט.

דזשאַן קראַצט זיך אין פּאַטעליניצע:

— אַ ליגנער דזשאָו. אַ טייוול, וואָס ליגט דאָ?

— נאַ, לייען דזשאַן! געדרוקטע ווערטער, שוואַרץ אַף ווייס!

דזשאַן בייסט די ליפּן. האָט מורא, אפשר איז ער אומזיסט חושד, וואָס קאָן אים דאָ דזשאָו אָפּנאַרן?...

און דזשאָו האָט זיך גאָר אָפּגענאַרט. די שכנים, די רייכע גוים, האָבן די ערשטע טעג, ווי נאָר דער נעגער דזשאַן האָט זיך פאַרקליבן אין געסל, געקרימט מיט די נעזער:

— אַ נעגער!

זיי זיינען אַפילו געקומען צו דזשאָוען און אָנגעהויבן ריידן געשעפט:

— מיר גיבן דיר ריוח, און נעם אַרויס דעם נעגער.

דזשאָו שמייכלט:

— איך קאָן ניט. איך האָב פאַר אַ יאָר באַצאָלטע דירה־געלט. און איך האָב געשריבן אַ קאָנטראַקט מיטן באַרימטן בוי̆ער דזשאַן בראַקינגטאָן, צו בויען אַן אַפּאַרטמענט הויז... אַלץ איז דאָך בעסער פאַר אייך אַן אַפּאַרטמענט הויז איידער אַ שכן אַ נעגער.

די שכנים האָבן זיך אָבער, ווי איינגעשטילט:

דער נעגער איז אַ שטילער מענטש, גייט זיך אַרויס מיט אָנהויב טאָג און קומט שפּעט אין אָוונט אַהיים. עס איז שטיל. רואיג...

פארקערט דזשאַן פילט זיך ניט באקוועם צווישן די ווייסע אָנגעבלאָזענע מענטשן.

דזשאָו האָט געזען, אַז דער שפּיל איז פארלאָרן. אָבער ניין, דזשאָו פארלירט ניט!

— ווייסט דזשאַן, וויפיל יאָר ביסט שוין דאָ אין שטאָט?

— אכצן יאָר!

— מאַך א פּארטי, זאָלן מענטשן וויסן, אַז דזשאַן וואוינט אין שטאָט, און וואוינט ניט אַבי וואו, נאָר אין רייכן, שטילן געסל. אַי געלט? זאָרג ניט, אַזוי לאַנג ווי דזשאָו לעבט, וועט געלט ניט פעלן.

דזשאַן קראַצט זיך אין פּאַטעלניצע:

— עפּעס איז דאָ אַ מיין פארבאַהאַלטן!

אָבער די ליפּן טריקענען. עס וואָלט זיך געוואָלט אַ הוליע טאָן... און ער קאָן ניט ביישטיין דעם נסיון...

— נעמען אַ טשאַנס...

— עפּעס צופיל פרעמדע מענטשן אַף דער „שמחה”... איך קאָן זיי גאָרניט, — טראַכט דזשאַן — אָבער די בראָנפן איז אַזוי שטאַרק, לאָזט ניט איינשטיין די געדאַנקען... דזשאָו איז אַ טייוול...

עמיץ רייסט אים, שטופּט אים:

— דזשאַן, וואו איז נאָך ליקער? דזשאָו האָט געגעבן גענוג

— גיב, דו האָסט פארבאַהאַלטן, דו שמוציגער נעגער!

דזשאָו שמייכלט, איז צו גוטמוטיג היינט... ער שטופּט אים אָפּ:

— גיי דיין וועג!

יענער, וואָס איז אויך, דוכט זיך שווארץ, ווי ער, לאָזט אים ניט אָפּ, שפּרינגט אים, ווי אַ הינטל, צווישן זיינע פיס:

— שווארצער הונט, גיב!...

דזשאָו גיט אים אַ שטופּ, ער פאַלט אום, און ווי אַ גומענע פּופּע אַזאַ, וואָס דזשאַן האָט געקויפט אַפן גאַס, איז ווי דו גיסט עס אַ וואָרף, אַזוי שטעלט זיך עס גיך אויף צוריק — אַזוי

שפרינגט עס אף אים צוריק, גלייך אין די אויגן!... און עס ווערט אים, דזשאנען, עפעס אזוי פינצטער ארום...

דזשאן גיט א פאך מיט די הענט, א הויב א טיש און עס פליט דורך די פענצטער... מען שרייט, מען קרעכצט, עס הילט זיך אלץ עפעס אין איין קופע און דזשאן פאכעט מיט די הענט, וויל זיך ארויסדראפען... אבער שווערע שטארקע הענט האלטן אים פעסט ארומגענומען...

— פאליציי! — גיט אים א שיין אין מוח...

און א זעץ אין די שלייפן ניכטערט אים אויס!

— שמוציגער נעגער, אין אזא גאס מאכסטו שיכורע הוליאנ־קעס? און אט זעט ער אויך דזשאוען א שמייכלענדיגן, א שיינענ־דיגן. — צוואנציג יאר איז ער אין שטאט האט זיך אים פארוואלט מאכן א הוליאנקע, מען זאל וויסן, אז דזשאן בראקינגטאן איז דא אין שטאט — חנפה'ט זיך דזשאו צו די פאליציי:

— א העזה פון א נעגער!

בא דזשאנען ווערן די אויגן גרויס, צעברענען זיך העליש. עס ווערט אים אלץ קלאר: זיך ווייטער געלאזט אפנארן. ער גיט זיך א ריס פון די פאליציי, און גיך א שפרונג, ווי א קאץ, אף דזשאו'ען... און קלאמערט זיך פעסט, פעסט איין אין דזשאו'ס האלדז...

— דו ביסט א טייוול, דזשאו!...

און דזשאו צאפלט מיט די פיס. — — — — —

# א סטאָליערס א זון

א גאַנץ לעבן האָט מען אים, אַרקען, גענאַרט. יעדער, ווער עס האָט נאָר געוואָלט. אַרקע האָט שוין גענומען גלויבן, אַז אַזוי מוז זיין. ער איז דאָך אַ סטאָליער'ס אַ זון.

באַ יעדן מאָל אָפּנאַרן אים איז ער אָפּגעקומען מיט אַ פּאָר שווערע ווערטער: „אַ ניכפּה אין אייך, אַ בייזן יאָר אַף אייך"! — און ווייטער זיך נאַרן געלאָזט.

אָנגעהויבן האָט זיך עס נאָך באַ זיין דרייצן יאָריגן עלטער.

זיין טאַטע, עליע סטאָליער, אַ הויכער, ברייט־פּלייציגער איד, נאָר אַ דושלעוואַטער, האָט געאַרבעט כל ימיו אין פּריצישע הויפן. איין נאַכט, אין די שפּעטע שעה'ען האָט מען אים געבראַכט אַ גוסס'ן אַף אַ סקריפּעדיגע הויף־פור. די ציין פאַרשטשעיעט, די מויל פאַרקרימט עפּעס אַזוי, ווי נאָר געלאַכט. און אוים הוסטן. געקוקט מיט אויסגעקערטע אויגן אָפּן באַליק, וואו שפּינען האָבן זיך געדרייט אין קאַראַהאָד.

גיטל, דעם סטאָליערס ווייב און אַרקעס מאַמע, האָט דאָס דער־זעענדיג, אַ כאַפּ געטאָן אַרקען פון בעט, אַ נאַקעטן און אַ שלאָפנדיגן:

— קדיש מיין, דער טאַטע איז פאַרביי!

אַרקע, צעטומלט פון ליאַרם, האָט געגעבן אַ געשריי: טאַטע! און געבליבן שטיל, פאַרשעמט.

צו וועמען שרייט ער? — דער טאַטע ליגט דאָך מיט אַן אָפּענעם, לאַכעדיגן מויל און קוקט אַפּן באַליק.

שכנים, פאַרשלאָפענע, עפּעס אַזוי מאָדנע אָנגעטאָן, ווער מיטן ווייב'ס טוך און ווער מיטן מאַנ'ס רעקל, זיינען צוזאַמענגעלאָפן. אפילו ר' ישראל חיים, דער שיינער באַלעבאָס, וואָס וואוינט טאַקע

דערביי; אים, האָט נאָך קיין מאָל אָרקע ניט געזען באַ זיי אין שטוב.

און אַז ער פלעגט ווען באַדאַרפן דעם טאַטן, עלי סטאָליער, פלעגט ער אָנקלאַפּן, ווי אַ סליחות־וועקער, אין פענצטער:

— עלי!

און פלעגט גלייך אוועק, — גענוג.

אַריינגעקומען איז אָט דער ר׳ ישראל חיים, אין פוטער אין גרויסן (כאָטש עס איז שוין זומער געווען) און אין קליינע אויסגע־נייטע פלושענע שלאָרקעס, וואָס האָבן, ווי דערציילט, אַז דאָס איז ר׳ ישראל חיים, דער שיינער איד, וואָס איז די צווייטע האַנט פון רב.

— וואָס איז געשען?

די ווייב און מאַמע האָט ווי אַ זעץ געטאָן מיט אַ געוויין. גאָר אַן אַנדער גיטל געוואָרן. ניט יענע שעמעוודיגע אידענע, וואָס שעמט זיך צו זאָגן „גוט מאָרגן" צו ר׳ ישראל חיים׳ען, נאָר אַ זיכערע, אַ פעסטע, ווי איינע, וואָס ווייס געוויס, אַז זי האָט וואָס צו אויפווייזן. מעג מען טראַכטן, וואָס מען וויל פון איר:

— איר זעט ניט? מיין שפייזער איז דאָך פאַרביי!

ר׳ ישראל חיים בלאָזט אין באָרד:

— מה רעש?! טפוי, געמיינט גזלנים, גנבים, עס איז דאָך באַנאַכט, מענטשן שלאָפן, מ׳וועט זען, וואָס מאָרגן וועט זיין. וועט מען שיקן נאָך אַ דאָקטאָר.

גיטל ציט אָרקען שטאַרקער צו זיך... זי שלינגט די טרערן, צופרידן פון טרייסט: —

— אַ געזונט אין אייך, ר׳ ישראל חיים, גוטע מענטשן.

אַף מאָרגן איז עלי סטאָליער אַלץ געלעגן מיט אַ פאַרקרימטע מויל, וואָס האָט שוין ניט „געלאַכט", נאָר זיך געצוקט, ווי פליגן וואָלטן געביסן. און געקוקט שוין ניט אַפן באַליק, נאָר אין צווישן אויוון־פינצטערקייט.

נאָכן דאַוונען און בלאַט גמרא, איז אַריינגעקומען ר׳ ישראל חיים מיטן טלית אונטערן אָרעם.

די סטאָליאַריכע האָט שוין ניט געוויינט, די טרערן האָבן פון צופיל לויפן זיך פארשפארט און זיינען געבליבן שטיין אין די אויגן, טריפנדיג פון צייט צו צייט, באַמבקלאָך, ווי פון א דאך נאָך א רעגן.

ר׳ ישראל חיים האָט געצויגן אונטערגעברומט, ווי א איד א פרומער נאָכן הענט וואשן און ברכה, און קיין ברויט איז נאָך ניטאָ די „המוציא״ צו פארבייסן:

— נו? ... נו? ...

גיטל האָט געשוויגן — און שטום געוויזן אפן בעט.

ר׳ ישראל חיים זעענדיג, אז ער האָט דאָ צו טאָן מיט א אידענע א שטיק בהמה, א עובר בטל, איז ארויס מיט לשון:

— גיטל, דוכט זיך רופט מען אייך. איר האָט עפּעס געלט?

— אָ, ווען עס וואָלט געווען געלט?

— וואָס, איר האָט גאָר ניט קיין געלט. אפילו קיין פופצן רובל?

די סטאָליאַריכע קוקט זיך אום און לויפט צו צעשראָקן צום בעט, שלעפּט ארויס א קניפּל.

ר׳ ישראל חיים שמייכלט אין באָרד אריין:

— מיר קאָנען זיי, די חברה, זיי האָבן מער, ווי אַז אונזעריגער, ווארים וואָס דארפן זיי, קרופּניק מיט „נישט״. — ער קוקט אריין אין קניפּל און דערזעענדיג נאָר אביסל קופּער־געלט, ווערט ער בייז:

— א בהמה א אידענע. קופּער ווייזט זי מיר!

ער כאַפּט דעם טלית און הויבט זיך אָן ארויסרוקן, קושנדיג די מזוזה:

— זאָל גאָט העלפן!

די סטאָליאַריכע שטייט און קוקט און שמייכלט פארקרימט.

זעענדיג, אז ר׳ ישראל חיים איז שוין אף דער אנדער זייט טיר, גיט זי א מאך מיט די הענט און א לויף נאָך אים. אָרקען האָט עס אוסגעקוקט, ווי זי וואָלט געלאָפן נאָך אַן אנטלאָפענע, ניט קיין

איינגעוואוינטע הון, וואָס דער טאַטע האָט געבראַכט פון דאָרף און ער, אָרקע, דאָרף לויפן, העלפן זי כאַפּן...

די סטאָליעריכע האָט זיך איינגעטשעפּעט אין ר׳ ישראל חיים׳ס מאַנטל:

זי לאָזט ניט אָפּ, זי וויל ניט קיין צדקה, אַנטלייען נאָר...

ר׳ ישראל חיים בייזערט זיך, שטופּט זי אָפּ און זעענדיג, אַז עס העלפט ניט, אַ קלעק אַ אידענע, האָט ער גענומען צו הילף זיין גמרא קאָפּ:

אדרבא, מ׳דאַרף טאַקע העלפן אַ אידן, אַפילו אַ סטאָליער, וואָס מיינט זי, איז ער? — אַ גזלן! זי דאַרף דאָך אַליין פאַרשטיין, אַז ער קאָן ניט זיין די כפרה הינדל פאַר גאַנץ שטאָט. זאָל זי גיין צו די איבעריגע באַלעבאַטים... יאָ, דאָס קאָן ער טאָן, אויב זי האָט אַ משכן, וועט ער איינשטעלן...

מען איז געגאַנגען צוריק אין שטוב, און די סטאָליעריכע האָט אין אַ טישטוך אַנגעוואָרפן די לייכטער, לעפל און אַפילו דאָס גילדן זייגערל, וואָס איר עלי האָט נאָך בחור׳ווייז איר אַ מתנה געקויפט.

ר׳ ישראל חיים האָט ווידער געקושט די מזוזה און איז אַרויס. אין שטוב איז געוואָרן שטיל. די סטאָליעריכע האָט געקוקט אין פענצטער פונוואַנען דער דאָקטאָר דאַרף קומען. דער סטאָליער האָט געקוקט אין צווישן־אויוון־פינצטערקייט פון וואַנען טויט דאַרף קומען, און די שופלאָדן האָבן פוסטע געקוקט אַפן שטוב, ווי גאָר ניט געגלויבט, אַז די זאַכן וועלן מער צוריק ניט קומען.

אָרקע איז אַוועק אין חדר. דער רבי שוין וויסנדיג, אַז דער סטאָליער גוסס׳ט, האָט זיך צעשריען אַף אים. זיין, אָרקע׳ס שולד. מסתמא ניט פרום גענוג. ער האָט אים געהייסן ווייזן די ציצית, האָט זיי איבערגעציילט און איין פאָדים פעלט. טאַקע נייע ציצית דאַרף מען. דער רבי האָט צו פאַרקויפן ציצית, אמת כשר׳ע, פון אייגן געוועבטע פלאַקס. וויל אָבער די רביצין ניט געבן:

— ווער וועט באַצאָלן?

דאָס, ווײַס שוין דער רבי ניט. גערעכט איז די ווײַב, אַ בטלן אין געלט־זאַכן. טאָמער שטאַרבט דער סטאָליער, וואו וועט מען גיין מאָנען?

דערמאָנט זיך אָרקע אָן טאַטנ׳ס פאַרקרימט מויל, און צוליב וואָס? — צוליב אַ ציצה!

— ער האָט געלט, ער וועט באַצאָלן. אין ציצית טאַשינע ליגט אַ זילבערנע צען קאָפּיקע. ער האָט עס אָפּגעשפּאָרט פון ברויטן ניט געקויפטע אַף אַ שמחת־תורה־פאָן. זאָל מען איינ־פלעכטן אָט די גרויסע, גראָבע ציצית.

מיטאָמאָל גיט זיך אָן עפן די טיר און די מאַמע רייסט זיך אַריין מיט אַ געוויין:

—יתום מיינער!!

אָרקע גיט אַ קוק אַף די לאַנגע, גראָבע ציצית מיט דער פוסטער טאַשקע.

— מען האָט אים אָפּגענאַרט! ער וויל זיי אַרויסרייסן און וואַרפן עס דעם רבי׳ן מיט דער רבי׳צן אין פּנים אַריין:

— ליגנער! וואו איז מיין זילבערנע צען קאָפּיקעס?

נאָר די מאַמע שלעפּט אים אין געאייל, ווי אין שטוב וואָלט זיך אַ טעפּל געקאָכט, וואָס קאָן „איבערלויפן". זי לאָזט די טיר ברייט אָפן. די רבי׳צן לויפט נאָך מיט אַ געשריי:

— אַ לאָך אין באָד... מיט אַ סטאָליער ווייניגער.

די סטאָליעריכע גיט אַ קוק, וויל עפּעס זאָגן און צעקרימט זיך, ווי עפּעס זויערס וואָלט זי געלעקט, ווישט אָפּ דאָס מויל און לויפט ווייטער... אָרקע בורטשעט אַרויס:

— אַ בייזן יאָר אין אייך!

אין שטוב דרייען זיך אַרום פרעמדע מענטשן, בייזע איילינגע, שלעפּן אָרקען צו צו עפּעס, וואָס ליגט אַף דער ערד באַדעקט מיט שוואַרצן טוך. מ׳דעקט עס אָפּ, און ער דערזעט זיין טאַטנ׳ס פּנים, נאָר שוין ניט מיט אַ פאַרקרימט מויל, נאָר אַן אַנדער פּנים, אַ שטילן, רואיגן, מיט אַ לאַנגן וואַקסענעם נאָז, וואָס שמייכלט

צו אים, אָרקען, ווי דענסמאָל, ווען לייבע מילנער׳ס זון האָט ארויסגענאָרט בא אים דעם שיין צאַצקעדיגן ווענגעלע:

— זיי ניט בייז אָרקע. אַזוי איז עס און אַזוי דאַרף עס מסתמא זיין. מ׳האָט דיר אָפּגענאַרט, עס איז ניט דאָס ערשטע מאָל און עס וועט ניט זיין דאָס לעצטע מאָל. ביסט דאָך אַ סטאָליער׳ס אַ זון...

* * *

אין דער שטאַרק געבויטער סוכה, וואָס עלי סטאָליער האָט אַזוי שיין אויסגעצאַצקעט, געאַרבעט אין די שפּעטע נעכט און קיינמאָל ניט געווען צופרידן: עפּעס פעלט נאָך! אַ פּאָר אָדלער, פייגע־לאָך שיינע, געשניצטע — אין אָט דער סוכה האָט זיך סוכות ברייטלאָך צעלייגט ר׳ ישראל חיים מיט זיין משפּחה.

די סטאָליעריכע האָט עס געהאַלטן פאַר אַ יחוס און זכות פאַר איר עלי׳ס נשמה: גאָט׳ס נאָמען וועט דערמאָנט ווערן. אויך וועט זי ניט דאַרפן אָנשטעלן אַן אויער בא אַ פרעמדער סוכה־טיר צו הערן קידוש און איר יתום וועט האָבן אַן אָרט.

דעם ערשטן אָוונט. ר׳ ישראל חיים וואַרט טאַקע אויף דער סטאָליעריכע צו קידוש און דעם יתום גיט ער אַן אָרט, באַם טיר אָפילו, נאָר אַן אָרט.

די סטאָליעריכע צעוויינט זיך באַם קידוש. ר׳ ישראל חיים גיט אַ קרעכץ, אמת אַ נדבה׳דיגן, אָבער אַ קרעכץ:

— אַ בעל מלאכה אָפילו, נאָר אַן ערלאַכער איד געווען.

זעענדיג אַז די סטאָליעריכע וויל זיך דאָ ערשט פאַנאַנדער־וויינען, האָט זיך ר׳ ישראל חיים צעבייזערט:

— עס איז יום־טוב... מ׳טאָר ניט פאַרשטערן.

אויף מאָרגן, צו קידוש, האָט שוין ר׳ ישראל חיים ניט געוואַרט אויף איר. זי איז געקומען שוין נאָך אַלעמען. זי האָט זיך פאַרשעמט און ארויסגעשלייכט שטיל, קיינער זאָל ניט זען, מאַכנדיג שולדיג זיך אַליין, וואָס זי, אַ סטאָליעריכע, האָט זיך אָנגעלייגט אויף אַזאַ יחסנ׳דיגן אידן.

ער, אָרקע, איז שוין אויך מער אין סוכה ניט געגאַנגען. ר׳

ישראל חיים׳ס זין האָבן אָפּגעלאָכט פון זיין קאַרטענעם רעקל און האָבן די שטולן אַזוי צערוקט, אַז עס איז ניט געבליבן פאַר אים קיין אָרט.

אַ בייזער איז ער געקומען צו לויפן אַהיים, זאָל די מאַמע וויסן, אַז ער האָט געזען, ווי זי איז פון סוכה פאַרשעמט אַרויס, און אויך אים האָט מען אַרויסגעשטופּט. ניין, ער וועט עס ניט פאַרביילאָזן. ער וועט אַ שטיין אין דער סוכה אַריינוואַרפן. זאָלן זיי וויסן.

די סטאָליעריכע פאַרווייִנט אים, גלעט אים:

— זונעלע, אונזער שולד, מ׳טאָר ניט קריכן, וואו ס׳איז צו הויך...

אָרקע פאַרשטייט עס ניט:

— וואָס הויך? ווען הויך? וואָס נידעריג? וואָס איז דאָס אַזוינס? ס׳איז דאָך אונזער סוכה! אַ בייזער יאָר אַף זיי!

* * *

זרח שניידער, איז ניט אַבי אַ שניידער. ער נייט בלויז פאַר פּריצים, גלחים און באַלעבאַטישע בחורים. איז אָט דער זרח געקומען צו דער סטאָליעריכע אין שטוב אַריין און ניט גלאַט פּראָסט אַזוי, נאָר אָנגעשפּאַרט אַפן שטעקל מיטן ביינערנעם הענטל און געזאָגט אַזוי:

— הערט, גיטל, איך האָב געזען אייער בחור׳ל, אויב מיין אויג נאַרט מיר ניט, קאָן איך מאַכן פון אים אַ „לייט”.

די סטאָליעריכע, צופרידן פון לויב, פּרובירט זיך לפּנים ווערן:

— אַ יונג איינגל נאָך, צו פרי אפשר איינשפּאַנען אין יאָך?

דאָ ווערט שוין זרח שניידער אין כעס, בלאָזט אויס די באָרד, וואָס איז אויך ניט אַבי אַ באָרד — די איינציגע אין שטעטל, פּריציש פאַרשאָרן, די זיידיק ברוינע האָר דורכגעוואָרפן מיט וויים־גראָע, און ניט סתם אַזוי, נאָר מיט אַן אויסרעכענונג: דאָ קומט אַ גראָער, ווייטער — אַביסעלע מער, און דאָ — שאַרעדיק גראָ, ווי אַ זון שטראַל אין סאַמע פרימאָרגן.

— גיי טו אַ אידן אַ טובה, איך דאַרף אים? וואָס בין איך,

הירשל לאָטוטניק? איך קאָן קריגן לערן־אינגלאַך נאָך מיט א צוצאָל. איך ווייס, א יתום, א מצוה.

די סטאָליעריכע נעמט זיך צו פאַרענטפערן. זי האָט גאַרניט געמיינט, אדרבה ואדרבה, א נאַרישע אידענע, פּלוידערט.

זרח׳ס באָרד — ווערט רואיגער:

— זאָל זיינס איבערגיין.

און אָרקע איז אַוועק צו זרח שניידער.

דעם „שניט", וואָס זרח שניידער האָט צוגעזאָגט אָרקען צו ווייזן האָט ער, זרח שניידער, אין דעם ווי פאַרגעסן. ער האָט אים נאָר אין רעקל קלאַפּקע אָנגעשטאָפּט עטלאַכע נאָדלען מיט באַוול און אים געוויזן, ווי מיטן פרעס־אייזן זיך צו באַגיין: — ער דאַרף ניט נוצן קיין סך קוילן. ווייטער אַרבעט אָרקע גאָר פאַר דער שניידעריכע אין קיך, צעקלאַפּט פאַר דער קו די בלעטער און זוימען ציגל, וואָס פריצישע פורן בריינגען א מתנה פאַר דעם „פאָן" שניידער.

אַמאָל נעמט אים זרח שניידער מיט צום גלח, ווען ער טראָגט אָפּ א שטיקל אַרבעט. אָרקע טראָגט דעם בגד פאַראווס אונטער א ריין ציכל און זרח שניידער מיטן שטעקל, וואָס האָט א ביינערנע הענטל, גייט נאָך לאַנגזאַם מיט געציילטע טריט, די באָרד פאַר־אויס. כאָטש עס איז דאָ א קורצע הינטער־וועגל, גייט זרח שניידער גאָר דורכן מארק און גאַס, ווי מיט א הייליגער פּראָצעסיע. זאָלן זיי עס זעען, אָט די יחסנ׳דיגע באַלעבאַטים.

ווי געזאָגט:

— זעט, פאַרכעס, איר מיינט באַ מיר איז א גרויסער יחוס צו נייען פאַר אייערע זינדעלאַך. אָט שלמה דעם אייזן־קרעמערס זון, אים פּאַסט נאָך ניט און איז אַוועקגעפאָרן זיך נייען אין דער גרויסער שטאָט.

— א רוח אין אייך, ווער דאַרף אייך? א כפּרה מעגט איר „גיין" פאַרן גלח. טאַקע, ממזרים, זאָגט אַליין, אים דעם גלח, שטייט יאָ אָן און אייך ניט. באַ אייך בין איך זרח שניידער כמעט א הירשל לאָטוטניק און ער, דער גלח, רופט מיר פּאַניע

זאָרוכאָס, רעדט זיך דורך מיט מיר פאַר שעה'ען לאַנג, ניט בלויז וועגן געניי, נאָר אַפּילו וועגן משה רבינו, אליהו הנביא און וועגן משיח'ן אפילו...

און ער פילט זיך שוין ווי אַ בעל־נצחון:

— ווער דאַרף אייך? טפו אַף אייך! אָט, זעט, אַ אינגל אַ גאָרנישט, קאָן אַפּילו קיין פאָדים אין נאָדל ניט אַריינציען, אַ יתום נעבאַך — האַלט איך אים. באַלד וועט איר זען, ווי ער וועט גיין צוריק מיט אַ צענדליג אייער. וואָס? ווי איר, אַז מ'טראָגט אייך אָפּ אַ שטיקל אַרבעט, וואַרפט איר אַרויס אַ גלאַטע דידקע?!

טראָגט אָרקע רעקלאַך צו קונדן, מאַכט דעם פּרעס־אייזן און צעבערם פאַר דער קו, און — ער זעט שוין, אַז ער איז אַריינגעפאַלן, זרח שניידער האָט אים אָפּגענאַרט. געדעכט איז דעם טאַטנס טויטער פּנים:

— ניט דעם ערשטן מאָל און ניט דעם לעצטן מאָל, וועט עס זיין, אַזוי מוז עס זיין... און שווייג...

איינמאָל, האָט די קו געגעבן אָרקען אַ זעץ מיט די הערנער אַזוי שטאַרק, אַז אָרקע, כאָטש איינגעוואוינט צו בריקעס — האָט געמוזט אַ צייט לאַנג ליגן אָפּן גראָז ביז ער האָט דעם ווייטאָג פאַרגעסן. דעמאָלסט איז אָרקע אַריין צו זרח שניידער און געזאָגט:

— גענוג צעבערם צו מאַכן, לערנט מיך דעם געניי, אַז ניט גיי איך אַהיים.

זרח'ס באָרד האָט אַזש געלאַכט:

— אַזוי גיך? וואַרט! אַזוי גיך ווילסטו אַ שניידער ווערן?

אָרקע גיט אַ קלאַפּ מיט דער טיר, און לאָזט אַרויס אַ פּאָר שווערע ווערטער...

— אַ בייזן יאָר!

* * *

באַ בוניע קאַראַבאַלניק איז די ווייב געשטאָרבן. זי האָט אים איבערגעלאָזן אַ כאָפּטע קינדער, איינס קלענער פאַרן אַנדערן.

בוניע, כאָטש אַ איד אַ למדן, אַ יחסן און ניט קיין אָרעמאַן, האָט אָבער צוליב דעם צו גרויסן געזינדל ניט געקאָנט קריגן קיין

אידענע פון זיינס גליכן. ער האָט ניט געהאַט קיין אַנדער אויס־וועג, ווי צו נעמען דאָס, וואָס איז אונטער זיין כבוד. זיין אויג איז געפאַלן אויף דער סטאַליעריכע. זי האָט אים געריייצט מיט איר הויכקייט און שטאַרקן געבוי. זיין אידענע איז אַ שוואַכס געווען. נאָר ער האָט מורא פאַר אָרקען, וואָס האָט הענט, שטיקער אייזן.

אַ קלוגער איד, ווי בוניע גיט זיך אַן עצה. ער האָט אָרקען איינגערעדט. ער וועט זיין — זיין טאַטע, ער וועט אים נעמען צו זיך, געבן אים אַפילו אַ קליינע שותפות:

— אוים סטאַליערם זון.

און גלייך די ערשטע וואָך האָט אים בוניע איבערגעלאָזן אַ שלאָפנדיגן אין אַ דאָרפיש שייער און איז אַנטלאָפן מיט דער פור. און ניט בלויז בוניע קאַראַבאַלניק, נאָר אַפילו חברה פורמאַנעס צו וועלכע ער איז נאָכדעם אָנגעקומען, האָבן אים גענומען נאַרן. אים ניט באַצאָלט פאַר „יאַזדעס" און עסן פאַרגעסן געבן.

אָבער אָרקע וואַקסט אין דער הויך און אין דער ברייט, שטאַרק אַזוי, אַז שאָסיי קלעצלאַך שטופּט ער אַרוים מיט די פּלייצעס און אַט איז שוין פּריזיוו צייט געקומען. אָרקע איז צופרידן, פאָניע נאַרט כאָטש ניט, זאָגט ניט צו קיין גליקן, באַ אים זיינען אַלע גלייך, אַפילו מוני ר' ישראל חיים'ס.

אווּרעמע סאָלדאַט, — אַ איד, וואָס האָט שוין באַלד צוויי צענדליג יאָר נאָך סלוזשבע הינטער זיך, און מען רופט אים סאָלדאַט ווייל ער רעדט בלויז פון סאָלדאַטן און אָפיצערן און גייט סאָל־דאַטיש אויסגעצויגן — האָט אים, אָרקען, געזאָגט, אַז ער, אָרקע וועט געווים קריגן אַ „בענדל" און מוני ר' ישראל חיים'ס וועט נאָך באַ אים מוזן פּוצן די שטיוול:

— פאָניע גנב האָט ליב יונגען מיט פּלייצעס!

אויך ער, אווּרעמע, איז אַזאַ געווען. פאַר אַזעלכע איז סלוזשבע ניט שלעכט. אָרקע פּילט זיך שטאַלץ: געגנוג אים גענאַרט, אַ בייזן יאָר צו זיי. איצט וועט ער מיט זיי לערנען „בלק".

— מוני, די שטיוול מוזן זיין ריין, אַ שפּרינקעלע טאָר ניט

זיין. אַט אַזוי, צענעם די הענט. וואָס מיינסטו, עס איז אַ בלאַט גמרא ?... דאַ, בין איך אַ מוני און דו, אַ אַרקע...

אַזוי וועט עס זיין. ער, אַרקע אַ מוני, אַ גאַנצער יחסן — און מוני, נאָר אַן אַרקע. און ניט בלויז אַוורעמע סאָלדאַט זעט עס, נאָר אַפילו ר׳ ישראל חיים דער גמרא קאָפּ אַליין.

ר׳ ישראל חיים האָט אַרקען אָפּגעשטעלט אין גאַס, אים פאַר־בעטן אין שטוב אריין און צעליינגט אַ גאַנצן כיבוד, ווי אַ חתן וואָלט צו זיין טעכטערל געקומען:

— אַן עולה פון דיר אַרקע, שכנים געווען, קומסט אַפילו ניט אריין. דו גייסט דאָך דינען צוזאַמען מיט מיין מוניען. וויל איך, איר זאָלט זיך האַלטן חבר. ביידע צוזאַמען אויסגעוואַקסן.

— אַ נכפּה איז אים, אונטערקויפן וויל ער אים, נאָר ניין, ניט אים, אַרקען, ער וועט זיי ווייזן, וואָס ער קאָן. נאָר צו וואָס עס איצט זאָגן. ער וועט זיך מאַכן תמ׳עוואַטע, עס וועט קומען דאָרט, וועט ער לערנען מיט אים „בלק״.

— אודאי, וואָס איז די רייד? ער וועט מוניען אין אַלץ העלפן.

גייט אַרקע צו ר׳ ישראל חיימ׳ען אין שטוב, אוונט נאָך אוונט, עסט דאָרט גריבינקעלאַך און טרינקט טיי מיט וואַרעניקעס, וואָס אַרט עס אים? עס וועט קומען די צייט, וועט ער זיי ווייזן, ווער אַרקע איז. כאַטש איינמאָל זיי אָפּנאַרן. אַ געלעכטער, אַ סטאָ־ליערס זון וועט זיי, די יחסנים, אָפּנאַרן.

איין אוונט, באַ אַ שיסל גריבינקעס, וואָס ר׳ ישראל חיים, האָלט זיי אין שטופּן צו אַרקען: — עס, אַרקע, פרישינקע, שעם זיך ניט! — זאָגט ר׳ ישראל חיים צו אַרקען:

— איך געטרוי דיר ניט, וועסט פאַרגעסן דעם צוזאָג.

אַרקע טראַכט: ווי דאָס האַרץ זאָגט אים — און זאָגן זאָגט ער:

— וואָס רעדט איר, ר׳ ישראל חיים?

— ווייסטו וואָס, אַרקע, איך געטרוי דיר, אָבער אַ מענטש איז דאָך מער ניט ווי אַ מענטש, עס איז דאָ שיכחה, זאָל מען שרייבן

אַן אָפּמאַך און דערצו געבן אַ „תקיעת־כף" מיט ציצית.

אָרקע טראַכט: זאָל זיין אַן אָפּמאַך, און ווען די צייט וועט קומען... זיי אַ גרעסערע מפּלה...

די צייט איז געקומען, נאָר ניט די, אויף וועלכע אָרקע האָט אַזוי געוואַרט און צוליב איר זיך געמאַכט לעמעשקע נאַר, ניין! גאָר אַן אַנדערע...

אָרקע זיצט הינטער גראַטעס, גרייט אָפּגעשיקט צו ווערן אין אַ קאַזאַרמע און ר' ישראל חיים מיטן זון גייען פאַרביי, קוקן אַרויף ווי היצלעס צו אַ געכאַפּטן בייזן הונט און לאַכן...

ווי אַזוי איז דאָס? אָרקע קאָן ניט פאַרשטיין, ער, אָרקע, איז אַ לגאַטניק און יענער איז אַ ברודער פון ברידער. ערשט, אַז די מאַמע איז געקומען איז אים געוואָרן קלאָר:

— פאַרוואָס, זונעניו, האָסטו עס געטאָן? פאַר פופציג קאַרבאָנצעס זיין מוני'ס „מלאך"?

— איך, מוני'ס „מלאך"? זיך פאַרקויפט, ווער האָט דיר עס געזאָגט?

— וואָס מיינסטו! וועלט שלאָפט דען? דו האָסט זיך דאָך אפילו אָפּגעשריבן.

אָרקע בייסט פון כעס די גראַטעס, מ'האָט אים ווידער אָפּגע־נאַרט, אַן אָפּמאַך גאָר צוכלומרשטן געשריבן, גערעכט איז דעם טאַטנס טויטער פּנים: אַ סטאָליערס אַ קינד נאַרן אַלע, כמעט אַ מצוה צו נאַרן.

אין שטעטל אַ טומל: אָרקע חזיר איז אַנטלאָפן פון די סאָל־דאַטן, באַנאַכט אין שטעטל געקומען, אַריין צו ר' ישראל חיים'ען מיט אַ מעסער און מ'האָט אים געלט געמוזט געבן, אַ גאַנצן הונדערטער און אָרקע איז אויף יענער זייט ים אוועק. פאַרדריסט עס אַלעמען.

איבערהויפּט אָוורעמע סאָלדאַט: אַ גוטער סאָלדאַט געקאָנט זיין, ר' ישראל חיים'ען אַ הונדערטער, דער מאַמען אַ קדיש. חברה פורמאַנעס: געווען מיט וועמען אַן אָרט צו פאַרשטעקן. און דאָס שטעטל: אַ העזה פון אַ יונגאַטש, האָט זיך דאָך פאַר־

קויפט, גריבינקעס געגעסן, וואָס ווילסטו, געלט און זיין פריי?!

צופרידן איז נאָר בוניע: אוים מורא. איצט וועט די סטאָ־ליעריכע מוזן די וועש אויף וואַשן, איינשפּאָרן אַ רובל אַ חודש, צוועלף רובל אַ יאָר. דאָס איז אַ קימא לן אין צען יאָר אַ גרינער הונדערטער מיט אַ צוואַנציגער אַ צוגאָב.

אָרקע איז אָבער אויף צופרידן, זיך ניט געלאָזט אינגאַנצן אָפּנאַרן... אַ שאָד נאָר, וואָס ער האָט דעם פרומען גנב די קישקעס ניט אַרויסגעקוועטשט...

אין דער נייער מדינה, וועט עס אפשר אַנדערש זיין. קיינער קאָן אים ניט, קיינער ווייסט ניט, אַז ער איז אַ סטאָליערס אַ זון. אַ שטאָט אַ גרויסע. נאָר דאָ וועט ער ניט שטיין. אַ איד האָט אים דערקאָנט:

— אַ, ניט עלי דעם סטאָליערס זון?

נאָר די מדינה איז גרויס, האַלט איינגעשפּאַנט באַנען טאָג און נאַכט, וואָס פייפן און לויפן, און זיי, די באַנען, האָבן דעכער, ברייטע, גלאַטע, וואָס לאָזן דיך אויסציען אין דיין גאַנצער לענג און ברייט.

גיט ער זיך אָפּ, דעם ערשטן בעסטן באַן: נעם מיר, וואו דו ווילסט און ביז וואַנען דו קאָנסט. איז דער באַן געלאָפן, געשניטן בערג און טאָלן, געטרונקען וואַסער און איז ווייטער געלאָפן ביז הינטער בערג פאַרלאָפן און אויס, ניטאָ מער קיין באַן ליניעס.

אָרקע איז אַראָפּ, געגלעט דעם באַן, ווי אַ היימישן פערד און זיך אין טאָל אַראָפּגעלאָזן. אַ גרוב אַ פינצטערע, אַ אימה'דיגע, האָט אַ גאַנץ פרימאָרגן אַראָפּגעצויגן מענטשן און פערד און זיי אין דער פינצטערקייט פאַרבאַהאַלטן, ביז נאַכט איז געקומען. דעמאָלסט הויבט מען זיי צוריק אַרויף שוואַרצע מיט פייערדיגע פינקלדיגע אויגן, און ווי שוואַרצע זשוקעס, ווען זיי דערפילן די אָוונט קאַלטקייט צעלויפן זיי זיך איבער שטעגן און וועגן...

אָפּן צווייטן פרימאָרגן לאָזט זיך אָרקע אויף אַראָפּ, ווערט שוואַרץ ווי אַלע און מיד, די גלידער, ווי צעבראָכן. די קוילן זיינען איינגעגעסן, לאָזן זיך ניט אַרויסקלאַפּן, טשעפּען זיך איינער

אַן אַנדערן און פֿאַלן מיט אַ גערויש און שטויב. נאָר ס'איז דאָך גוט, דאָ זיינען אַלע גלייך, דאָ זיינען אַלע מענטשן שטילע, שלאָגן זיך מיט דער שטיין ערד, ווייסן ניט פֿון עלי אַ סטאָליער, אַרקע אַ זון...

ביז איין טאָג האָט זיך די גרוב צעשאָקלט און אים אונטער זיך אַרונטערגענומען געוואָלט. אַרקע האָט אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן: וואָס איז דאָ? אויך זי אַזאַ? באַ איר אויך: אַ סטאָליערס אַ זון!

מער שטייט ער דאָ ניט. ער האָט זיך ווידער אָפּגעגעבן אַ באַן: — פֿיר! ניט דאָ האָב איך געוואָלט!

באַן האָט אים אין אַ שטעטל געבראַכט. און דאָ איז דאָס אָרט. ער האָט אַ אידן געטראָפֿן, נאָר גאָר אַנדער מין, ניט קיין ר' ישראל חיים, בוניע, זרח שניידער... ער ווייסט ניט פֿון אַ סטאָליערס אַ זון...

אַרקע האָט דעם אידן דערציילט, אַז ער האָט זיך געשלעפּט אַף באַן־דעכער, געאַרבעט אין אַ קוילן־גרוב, איז זי אָבער אַ בייזע געווען און ער זוכט איצטער אַן אַנדער גרוב.

דער איד האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס און געלאַכט:

— אַ איד אין אַ קוילן־גרוב? אַן אַרבעט פֿאַר גוים!

דער איד האָט פֿאַר אַרקען איינגעפּאַקט אַ פּאַק מיט סטענגעס, בלוזקעס, באַוול, נאָדלען, פּראַקן מיט סטאַנען.

אַרקע קוועלט, טאַפּט זיי מיט די גראָבע פֿינגער, זרח שניידער וואָלט אַזעלכע ניט געקאָנט מאַכן.

— ווייסטו, וויפֿיל דאָס אַלץ באַטרעפֿט? — זאָגט דער איד.

באַ אַרקען קלאַפּט דאָס האַרץ: זאָגן, צי ניט זאָגן? בעסער ניט, ער וועט נאָך צו ווייניג אַ שאַץ טאָן, דאַן וועט דער איד דערקאָנען, אַז עס איז אַ סטאָליערס אַ זון, וואָס מ'דאַרף און מען מוז נאַרן. אין געדאַנק — ווייסט ער וויפֿיל — ניט ווייניגער, ווי צוויי גרינע הונדערטער.

— ווייסטו ניט, הייסט עס?

אַרקע פּרובירט זיך אַרויסדרייען מיט באַמבקענען... המ...

ה... דער איד נעמט ארויס א קליין פארשפיצט בלייפעדער
ישרייבט און מעקט:

— פופצן דאלאר מיט זעקס און ניינציג סענט!

בא ארקען קריכן אזש די אויגן פון קאפ, וואס איז דא?
לאכט דער איד פון אים? אדער אפשר טאקע אן ארנטלאכער איד,
ווייל אז ער, ארקע, זאל פארדינען, ניט פארשווארצט ווערן אין
א קוילן־גרוב...

ער כאפט מיט חשק דעם פאק און א הויב אף די פלייצעס.
דער איד צעלאכט זיך:

— נו איצט, וואס טוט מען מיטן פאק?

ארקע ווערט אין כעס, ווארפט דעם פאק:

— וואס ווייס איך?

א שפיל א נייער, דער איד ווייסט מסתמא, אז ער איז א
סטאליערס זון, ווייל ער זיך איבער אים פריילאך מאכן.

דער איד זעט זיך ארום: צו ווייט אוועק, ער קאן נאך פאר־
לירן א פעדלער, זעט זיך אן א יונג מיט פלייצעס, וועט קאנען
שלעפן פעק. ניט מאכן די קונצן ווי די איבעריגע: — צו שווער,
מיסטער לעווין.

ער גלעט אים איבערן פלייצע:

— א כעסן גאר? ניט שיין, אין אמעריקע מוז מען צו יעדער
זאך צוגיין קאלטלאך... אט וואס, איר נעמט דעם פאק, קלאפט
אין אלע טירן און זאגט:

— „מעם, באי סאמטינג פראם א פור דזשו" (מאדאם, קויפט
עפעס פון אן ארעמען אידן).

טראגט ארקע דעם פאק, קלאפט אין אלע טירן און מען קויפט.

א ניגענדל א מאדנעם האט ער געכאפט. ער ווייס ניט וואו.
דוכט זיך ענלאך אף ר' ישראל חיים'ס קידוש ניגון. דער ניגון
איז אזוי הארציג, רירנדיג, בעטנדיג, אז אים אליין פארקלעמט
דאס הארץ און וואלט אליין בא זיך געקויפט.

אין אוונט האט ער דעם אידן געבראכט א פעקל געלט:

— נאט, ציילט.

ציילט דער איד און קנייטשט דעם שטערן, הויבט די פּלייצעס:

— פּופצן דאָלאר מיט פינף סענט.

אַרקע פילט זיך שולדיג, נאָך צוגעלייגט דעם אידנס געלט, טו וואָס איז מיט אים די גדולה?

דער איד קלאַפּט אַרקען אין פּלייצע:

— נישקשה, פאַרן ערשטן טאָג איז עס גוט. און נאָך ווי גוט. נאַדיר אַ דאָלאר און גיי כאַפּ אַ גוטן צוביים.

אַרקע קוקט אָן דעם אידן. איז עס טאַקע אַזוי, אָדער נאָר אַ חלום? וואָס פאַר אַ איד איז עס? משוגע? צי וואָס? צוגעלייגט זיין געלט און צופרידן נאָך. גאָר אַנדערע מענטשן אַף דער זייט ים, נו האָט ניט געמעגט פאַר'שרפה'ט ווערן „יענע זייט“.

אָט זעט ער, אידן, פּעדלער, די פּעק גרעסער ווי זיי, קומען אין אָוונט און קריגן נאָך צו צוויי דאָלאַר, און גנבים זיינען זיי. מיסטער לעווין זאָגט, זיי שטעלן אים בדלות.

אַרקע'ס פּעק ווערן גרעסער און דער ניגון איז שוין מיט אַלע „פּיטשיפּקעס”, וויינענדיגער און עס העלפט. דער איד זאָגט, עס איז שוין ניטאָ קיין היזק.

אַ טייערער איד:

אויסער, וואָס ער גיט אים שוין אַנדערע טעג צו צוויי דאָלאר אַפּילו, האָט ער נאָך אָוועקגעשיקט פאַר זיין, אַרקע'ס מאַמע עטלאַכע דאָלאר און בוניע קאַראַבעלניק האָט אַריינגעשיקט אַ בריוו מיט אַ טיטול:

— „להגביר אריה בענדער זאָל לעבן!“

לעבן זאָל דער איד מיט זיין אַמעריקע:

— איר פאַרשטייט, דאָס איז דאָך עפּעס אַ—מע—רי—ק—ע!

* * *

איין פרימאָרגן, זעט אַרקע, ווי די אידן פּעדלערס האָבן גע־בראַכט דעם הויכן, מאָגערן פּעדלער, — אַף וועלכן אַרקע האָט ליב געהאַט תמיד צו קוקן, ווייל ער האָט אויסגעקוקט ווי זיין טאַטע — אַף אַ וואָגן, ער איז געפאַלן אונטערן פּאַק.

ער איז געלעגן מיטן בערדל פארקאשערט ארויף, די מויל לאכעדיג, פארקרימט, די אויגן אויסגעגלאצט, ווי זיין טאטע עלי סטאליער.

די פעדלערס זיינען אריין צו לעווינען, אים געוויזן אפן אידן מיטן לאכעדיגן מויל. לעווין האט פרום א גלאץ געטאן מיט די אויגן, אט פונקט ווי ר׳ ישראל חיים: א רחמנות, א טאטע פון קינדער.

די אידן גיבן איידל און זייטיג אנצוהערן דעם איד לעווין, ער זאל געבן געלט פאר א דאקטאר, מיט רחמנות קאן מען דא ניט העלפן. לעווין ווערט בייז, קלאפט אין טיש, וואס וויל מען פון אים? זיין געלט זאל ער זיי אוועקגעבן. און בכלל, וואס זיינען זיי געקומען צו אים, איז דען בא אים א האספיטאל? דא איז א געשעפט־פלאץ.

די אידן גלעטן אים, קוקן אים אין די אויגן, ווי א בייזן הונט:

— נישקשה, מיסטער לעווין איז גארניט אזא שלעכטער, און ווידער זאל ער געבן זלמן׳ס (דעם קראנקנ׳ס נאמען) געלט. ער האט דאך ניט געגעסן, געשפארט זיין געלט בא אייך...

—— געלט? בא מיר זלמן׳ס געלט? פונוואנען? ער קומט מיר נאך. חדשים לאנג געטראגן פעק אף היזוק, און עסן מוז מען. דער ווייב שיפס־קארטן געשיקט. וואס מיינט איר, בא מיר איז א צדקה־אינסטיטוציע. עס זיינען דא ביכער, אלץ פארשריבן... אט איז מיסטער בענדער, א איד געארבעט אין קוילן גריבער, נו געקומען אהער אן א סענט, אים געגעבן פעק טראגן, און ער האט זיי פארקויפט אף היזוק, נו האט ער ניט באדארפט עסן? האב איך אים געלט געגעבן: — גיי עסן! דאס קאן טאן נאר לעווין. אן אנדערער זאגט: — האסט ניט? עס ניט! טאקע, אט איז מיסטער בענדער, זאל ער זאגן ווער איז גערעכט. וואס זאגט איר, מיסטער בענדער? גיי טו א אידן א טובה?

בא ארקען ווערט דאס פנים רויט, ווי מ׳וואלט אים בא א גנבה געכאפט:

דער איד לעווין איז דאך ר׳ ישראל חיים מיט די ביינער. נאר אביסל אנדערש אפגעפארבט. און ער, סטאליערס זון, האט ניט דערקאנט. דיזעלבע חניפה׳שע ריידעלאך: מיסטער בענדער רופט ער אים!... ווי אנטלויפט מען פון זיי, אז זיי יאגן דיר נאך אומעטום. דארט ר׳ ישראל חיים, בוניע גנב, זרח שניידער, א ניכפה אין זיי, און דא מיסטער לעווין. פאר א שותף וויל ער אים ארייננציען... ווי א צאצקעס־הענדלער נארט אריין די קליינע קינדער... פריער ציען זיי אויס דעם געזונט און נאכדעם שיקן זיי דיך צום טייוול...

די פעדלער, זעענדיג אז בא דעם יונג מיט די שטארקע הענט, וואס שלעפט פעק ווי א פערד, קאכט דאס בלוט אין פנים, האבן זיך גענומען אפציהען אף צוריק... לעווין שמייכלט:

— געלט, גיט זיי, גנבים! ראבושניקעס!

ארקע וויל צו זיי שרייען, זיי זאגן, געבן צו פארשטיין, אז זיי האבן דא א טעות. עס איז מיסטער לעווינס א שפיצל. ער איז ניט מיט מיסטער לעווין. ער איז זייערער, א סטאליערס א זון. נישטא וואס צו באהאלטן, ער איז אזוי ווי זיי: שניידער׳ס אדער שוסטער׳ס זין. ער קאן אבער די ווערטער ניט ארויסזאגן. זיי שטיקן זיך, שטופן זיך איינער איבערן אנדערן און קאנען ניט ארויס...

די הענט זיינען פריי, מיט זיי קאן ער זאגן, ווייזן:

— קומט צו מיר, איך בין אייערער און פאר אייך.

ער לויפט צו צו לעווינען, טרייסלט אים אויף מיט זיין גאנצן כח, אזוי, אז בא לעווינען לויפט די צונג היין און צוריק, ווי א קוילן־טאטשקע.

די פעדלער קוקן זיך איינער דעם צווייטן אן: וואס איז דאס? לעווין קוקט צעטומלט.

— משוגע צי וואס? מיסטער בענדער, איר?

ארקע קאן שוין ריידן, די ווערטער זיינען לויז. ער קאן שוין זאגן די פעדלער, אז ער איז זייערער, נאר צו וואס? זעען זיי נאך אלץ ניט? וואס ציען זיי זיך אפ? ער גיט לעווינען נאך

אַ טרייסל, אַזוי, אַז די הויט פּאַלט אַרונטער, און דאָס מאַכט אַרקען נאָך ווילדער.

ער צעטרעט עם מיט די פיס.

די פעדלער דערשרעקן זיך, לויפן צו, ווילן אים אָפּרייסן. ער בריקעט זיי אוועק מיט די פיס.

— בהמות!

עס קרעכצן טישן, ביינקלאָך פליען און לעווין צאַפּלט זיך. שרייט: פּאָליציי, און בעט זיך: מיסטער בענדער, איך גיב אוועק דאָס געלט.

אַרקע וויל ניט הערן. ניט דאָס וויל ער איצט. יאָ געלט — ניט געלט, ער האָט איצט בּאַ זיך אין די הענט ישראל חיים׳ען, בוניען, זרח׳ן, אַלעמען, אַלעמען... ער דאַרף זיי פון די הענט ניט אַרויסלאָזן, צעקוועטשן... אַ תל מאַכן. — — — —

הענט געזונטע האַלטן אים פעסט און אַזוינס, וואָס קאַפּ קאָן ניט באַנעמען, יאָגט זיך איבער אים און גיסט וואַרעמע נאַסקייט איבערן פּנים... און קנעפּ גלאַנציגע דרייען זיך פאַר די אויגן און לעווין איז אַזוי הויך און ברייט... לאַכט... און טאַנצט מיט אַן אויסגעשטרעקטער צונג. — — — —

* * *

אַרקע האָט זיך אויפגעכאַפּט אויף אַ האַרטער באַנק און זעט: דורך די גראַטעס רייסט זיך זון מיט איר גאַנצער שטאַרקייט, כאָטש די גראַטעס נעמען צו הילף געדיכטקייט און ווילן ניט לאָזן...

אין קאָפּ איז אים שווער, לאַכט, דוכט זיך, שוין אויך מיט אַ צעקרימט מויל... נאָר ער וועט ניט שטאַרבן, ווי דער טאַטע... איינעם כאָטש אָנגעלערנט.

ער זעט איצט דעם טאַטנס טויטן פּנים. נאָר מאָדנע, וואָס איז דאָס? עס לייענט זיך גאָר אַנדערש:

— זון, לאָז זיך ניט נאַרן! דו ביסט דאָך אַ סטאָליערס זון! פאַרוואָס האָט ער פריער אַזוי ניט געליינט? — — —

# אַן אַמעריקאַנער פאַמיליע

מיס טאָרן האָט ניט געוואוסט, אַז זי איז מיאוס. דער שפּיגל, וואָס אין אים האָט זי געקוקט, ער זאָל איר זאָגן, איז געווען, ווי אַלע שפּיגלען, ממזר־קלוג און זיך געמאַכט „יעקעלי נאַר״:

— דו ווילסט דאָך איך זאָל דיר זאָגן, אַז דו ביסט שיין. ווייסטו פון וואָרט: ליאַלקע? בלום? און אפשר גאָר אַזאַ הויך וואָרט ווי ווענוס? יאָ, דו ביסט עס! מיין דאגה?!

פאַרשטייט זיך, אַז נאָכדעם, ווי מיאוסע מוידן, גייען אַוועק נאָך שעה׳ען לאַנג קוקן אין שפּיגל און קוועלן פון זייער שיינקייט — „לאַכט״ דער שפּיגל אָן אַ שיעור. אַט ווי אַלע אַנדערע וואָלטן געטאָן אַף זיין אָרט. און אפשר נאָך מער. ער איז דאָך אַ שפּיגל, לאַכט ער דובלדיג...

אַט אַזאַ שפּיל האָט אויך געפירט מיס טאָרנ׳ס שפּיגל מיט איר, צוגעקאָקעטירט, געשאָטן קאָמפּלימענטן, ווי נאָר אַ שפּיגל קאָן:

— זיי מוחל, מיס טאָרן, האָסט פאַרגעסן אַ קוק טאָן אַף דיינע שיינע אויגן... דיין נאָז, גיב אַ קוק, ווי שיין.

אַז זי איז אַוועק, האָט ער געלאַכט פון איר, ווי פון אַלע מיאוסע מוידן און אפשר נאָך מער, ווייל ניט אַ סך אַזעלכע מיאוסע מוידן ווי מיס טאָרן, האָט דער שפּיגל געזען.

טאָ פונוואַנען האָט זי געקאָנט וויסן, אַז זי איז מיאוס? אָט, ווען דער שפּיגל גייט מיטן אמת, איז עפּעס אַנדערש.

* * *

יונגערהייט נאָך, אין איר זיבעצן־יאָריקער עלטער, האָט מען שוין געקאָנט זען, אַז עס איז אַ מיאוסקייט און נאָך אַזאַ מיאוס־קייט, וואָס וואַקסט מיטן עלטער. נאָר זי, מיס טאָרן אַליין, האָט עס אַפילו ניט אָנגעמערקט.

א סך שולדיג איז אין דעם געווען איר יונגשאפט, וואס זי האט פארמאגט גאר אין פולן מאס. די יונגשאפט האט ניט געלאזט ארויסקריכן אויבנאויף די מיאוסקייט.

אזוי, אז די יונגקייט האט א צייט לאנג געטאן די ארבעט, וואס שיינקייט טוט געוויינטלאך, געצויגן מאנסבילן, אזוי גוט, ווי עלטערע שיינקייט און אפשר נאך מער.

מים לאלא טארן האט געהאט א סך אינגלאך, וואס זיינען איר נאכגעלאפן, און אפילו לייטישע באלעבעסלאך, וואס האבן געהאט אפשר שיינע ווייבלאך, נאר איבערגעפרעסענע מיט ווייב'ס לייב.

ווידער האט זי געהאט נאך אזוינס, וואס האט געמאכט ציען מאנסבילן. זי איז געווען היציג ווייבלאך אן א גרעניץ און דאך געהאט א גרעניץ:

— ביז אהער און ניט ווייטער.

דאס האט געמאכט די מאנסבילן דיינקען:

— נישקשה, מיר קאנען די סחורה, זיי גלייכן אנצוציען, ווילן די פעטע מטבעה... כיט אן אנדערן מסתמא פאר א דרייערל... נישקשה, זי וועט נאך נעמען דעם „סטאנדארד"...

זיי האבן אבער געהאט א טעות. זי איז געווען ערלאך. סוחר'יש ערלאך. זי האט גוט געהאלטן אין זינען, וואס די מאמע האט איר פארזאגט:

— „נאר ניט דאס"...

אירע א שוועסטער, אן עלטערע פון איר, האט פארגעסן דער מאמע'ס ווערטער, ליגט זי טאקע ערגעץ אין א פינצטער געסל אין א ביליג איין־דאלארדיגן הייזל און האט אפילו ניט קיין פאר זיידענע זאקן. א פאר צען סענטיגע זאקן זיינען בא איר א יום־טוב...

טא פונוואנען האט זי, לאלא, געקאנט זען און ווסן, אז זי איז א מיאוסקייט?

„עמיץ אן אנדערע" האט יא געזען, אז זי וואקסט א מיאוס־קייט, וואס געוויינטלאך און שטענדיג געהערט אט דער „עמיץ אנדערש" צו די, וואס לאזן זיך נארן. ניט דורכן שפיגל, נאר דורך

די אויגן און אויגן זיינען ערגער ווי א שפיגל, זיי לאזן זיך, א דאגה האבן זיי, קוק מיט זיי וואו און ווי דו ווילסט.

דאס איז געווען איר — מאמע. די אומעטום געשעצטע מאדאם מייבל טארן. זי האט געהאט אויגן, וואס זי האט געהאלטן אין דיסציפלין. געלאזט זיי קוקן, וואו נאר זיי ווילן, נאר זען, האבן זיי געמוזט בלויז דעם אמת, ווי שרעקלאך און טונקל ער זאל ניט זיין... און אפילו ווי ווייט...

אט א קליינער ביישפיל: זי איז געבליבן אן אלמנה מיט צוויי קליינע קינדער. איינע טאקע די לאלא און איינע מערילאן, וואס איז איצט אין ביליגן הייזל.

זי איז געווען ארעם, שוואך און ניט געוואוינט צו ארבעט. איר גאנץ פארמעגן איז באשטאנען פון א ביסל שיינקייט, איז דאס אויך געווען פארדעקט פון פיין און צרות.

אן אנדערע אף איר ארט וואלט ווייט ניט געקוקט, געטאן, וואס אלע אנדערע אלמנות טוען, גייען אוועק ארבעטן אין גביר־ישע הייזער, ארבעטן ביז די נשמה פליט ארויס, און אן עק.

זי ניט! זי מאכט א גרינגן און בכבוד׳יגן לעבן.

זי האט צוויי אלטע הערן, און זיי האלטן זי אויס. ניט עפעס שלעפערס אפגעריסענע, וואס פארקויפן זייער לעצטס פאר די לינקע ווייבער, און נאכדעם ווילן זיי מען זאל זיי אויסהאלטן פארן געגעבענעם, אז ניט מאכן זיי גוואלדן. ניט מיט אזעלכע, וועט מיסעס טארן האבן עסקים! דערויף האט זי דאך אויגן, וואס זעען דאס, וואס זיי דארפן זען. אירע צוויי „הערן" זיינען בכבוד׳יגע רייכע מענטשן, וואס האבן אלטע ווייבער...

איינער איז מיסטער מעסטנער, א וויצע־פרעזידענט אין א באנק א „לעבן"־מיטגלידער אין „נאיטס אוו קאלאמבוס" (אן ארים־טאקראטישער פאראיין) און ערן־קאפיטאן אין דער „סאלווייישאן ארמיי". דער צווייטער — ניט אזא יחסן, א צוריקגעצויגענער געשעפטס־מאן, א פרעזידענט אין א גרויסן קאטוילישן קלויסטער.

אט פון די צוויי זיבעציג יאריגע „הערן" ציט זי איר חיונה, בכבוד און בסוד. קיינער איז אפילו אין קיין זאך ניט חושד.

זי האָט עס קלוג איינגעאָרדנט. כאָטש אַלע זעען, ווי די „הערן" שטעלן זיך אָפּ נעבן איר אַפּאַרטמענט הויז מיט די גרויסע אויטאָמאָבילן און שוואַרצע שאָפערס, און קומען יעדן טאָג, (אויסער ווען זיי קריגן אַ קאַטאַר), און דאָך... איז קיינער ניט חושד... ווי אַזוי?

זי איז געוואָרן אַ טוערן אין דער „סאַלוויישאַן אַרמיי" און אַ גבאי'טע אין קלויסטער. נו, טראַכטן די שכנים, קומען זיי מסתמא צו איר, וועגן קהל'שע זאַכן... ווידער — זיי קומען באַטאָג... אַ מיידל איז דאָ אין שטוב... שיינע מענטשן זיינען די הערן — טאָ וועמען זאָל עס שלעכטעם רעכענען?...

אי, פונוואַנען פאַרדינט זי אויף אַ „לעבן"? האָט זי שוין אַזוי אויסגעדרייט, אַז יעדער שכן וויים, אַז איר מאַן, זאָל אים די ערד גרינג זיין, איז געווען אין די אויל־געשעפטן. נו, האָט ער איבערגעלאָזן „פּראָדאַקשאָן".

אָט די קלוגע מאַמע מיט די זעענדיגע אויגן — האָט גלייך איינגעזען, אַז איר לאַלאַ וואַקסט אַ מיאוסקייט... געטראַכט טעג און נעכט פון דעם און געפונען אַ מיטל: איר מאַכן פאַר אַ נאָנע... פאַרוואָס עפּעס אַ נאָנע און ניט עפּעס אַנדערש? — אָט דאָס האָט נאָר געקענט זען אַזאַ מאַמע, וואָס האָט אַזעלכע גוטע אויגן.

—

עס וועט זיין גוט פאַר זיי ביידן. פאַר איר, מאַדאַם טאָרן און פאַר דער טאָכטער.

אַ מאַמע, וואָס איז אַ טוערן אין דער „סאַלוויישאַן אַרמיי", און אַ גבאי'טע אין גרויסן קאַטוילישן קלויסטער, וואו פאָטער יאָאַכים איז גלח, פּאַסט צו האָבן אַ טאָכטער אַ נאָנע, וואָס זאָל גיין מיט אַ שוואַרצער טוך ביז די אויגן באַזוימט מיט ווייסן רחמנות־טיכעלע און לאַנגע קליידער ביז די פיס־ענד...

אויך וועט עס זיין אַ שוץ קעגן דער טאָכטער פון ביליגן הייזל, וואו אָט די בפרהסיה אויסגעלאַסענע טאָכטער, איז געוואָרן פאַר מאַדאַם מייבל טאָרן די לעצטע צייט אַ סכנה.

די הייזל־טאָכטער פאַרשטייט, אַז זי דאַרף ניט רואינירן דער מאַמען, און זי האָט עס גוט אין זינען. זי האָט דעם נאָמען געביטן און קומט ניט אַהיים, כאָטש זי בענקט שטאַרק. אָבער די לעצטע צייט האָט זי גענומען שיכור'ן שטאַרק... און שיכור'ערהייט פאַרגעסט זי אָן אַלץ מיט אַנאַנדער און קומט אַהיים.

אין מיטן העלן טאָג, שכנים זיצן אַף די בריקלאַך און זי קומט צו לויפן מיט געשרייען און געוויינען. זי כאַפּט זיך אפילו קושן:

— מאַמע, שלעפּ מיך אַרויס פון זומפּ!

זי ווייזט פאַר די שכנ'ישע אויגן איר פון שכורים־צעביילטע לייב. קוים מיט צרות גיט זיך איין מאַדאַם מייבל טאָרן זי אַרויס־צושטופּן. ביז איצט איז מאַדאַם טאָרן קיין שלעכטס פון דעם ניט געשען. איר איז געלונגען זיך אַרויסצופּלאָנטערן פון דער אומ־אַנגענעמלאַכקייט. זי איז אַלץ אַף איר הויכן שטאַנד, ווייל זי האָט די שכנים דערציילט דעם אמת...

נאָר גיין מיטן אמת! דאָס איז מאַדאַם מייבל טאָרנ'ס וועג אין לעבן, מיט ליגן פאַלסטו סוף־כל־סוף אַריין. נאָר דעם אמת... נאָר מ'דאַרף ניט זיין קיין נאַר און ניט דערציילן דעם אמת מיט קאָפּ און פיס...

זי האָט זיי דערציילט, אַז זי איז טאַקע אַ מיידל פון אַ הייזל, און נאָך וואָס פאַר אַ הייזל, אַ ביליגע... און איז אַ טאָכטער... פון אַן אָרנטלאַכער מאַמען. פאַר זיי, די שכנים, וואָלט געווען די גרעסטע איבערראַשונג, ווען זיי ווייסן דעם נאָמען פון דער מיידל'ס מוטער, ווייל זי איז זיכער, אַז זיי קאָנען איר מוטער... זי האָט זיי אַליין געזען רעדנדיק מיט איר, דאָס הייסט, דער מיידל'ס מוטער. נאָר ליידער, באַ איר בעסטן ווילן קאָן זי זיי ניט זאָגן דעם נאָמען, ווייל דאָס איז קעגן די רעגלען פון „פּרויען געזעלשאַפט", וואָס פון איר איז מאַדאַם טאָרן אַ מיטגליד און איז באַאויפטראַגט די מיידל אַרויסצושלעפּן פון זומפּ.

זי האָפט, אַז מיט גאָטס הילף וועט איר געלונגען אַרויסצו־ראַטעווען די זינדיגע נשמה, ווייל ווי איר דוכט, האָט זי שוין

געוואונען דער מיידל'ס צוטרוי. זיי קאָנען זיך איבערצייגן. די מיידל רופט איר שוין — מאַמע.

ווען זי זאָגט זיי דעם „נאַר'ס" אמת, מיט קאָפּ און פיס, וואָלט די מאדאם מייבל טאָרן געווען א פאַרלאַרענע.

זי וואָלט זיך געמוזט ארויסציען פון דער שכנה'שאַפט. דאָ וואוינען די שענסטע מענטשן פון שטאָט: אדוואָקאַטן, דאָק־טוירים, באַנקירן, גלחים, רילעסטייטניקעס, רייכע אלמנות. אמת באַ זיי טרעפט אויך אַמאָל, אז א מיידל באַנארישט זיך, און ניט בלויז א מיידל, נאָר אויך א ווייבל, און ניט בלויז אַמאָל, נאָר גאַנץ אָפט; נאָר שאַ, שטיל... פאַרשטיקט... דערצו איז באַשאַפן געוואָרן א פאַמיליע־דאָקטאָר און א פאַמיליע־אדוואָקאַט... אָבער האָבן א טאָכטער אין א דאָלאַרדיגן הייזל... דאָס האָט קיינער ניט... און זיי וואָלטן געווים ניט פאַרטראָגן, און מיט רעכט, צו האָבן פאַר א שכנה א מאַמען, וואָס האָט א טאָכטער אין א הייזל... וואָס פאַרקויפט זיך פאַר א דאָלאַר און קריגט דערפון ניט מער ווי א גאַנצן קוואָדער.

זי וואָלט געמוזט זיך אריינציען אין אַן אָרעמער געגנט, וואו מענטשן אַרבעטן ווי פערד, נאָר פאָרן טרוקן ברויט און האָבן אויך טעכטער אין הייזלאך... אמת, זי וואָלט זיך דאָרט געפילט א סך בעסער... פרייער, ניט זיין צווישן די אָנגעצויגענע ליאָל־קעס. נאָר דאָרט וואָלטן די צוויי „הערן" ניט געקומען. אין אַזא געסל, וואָלט די יחסנים ניט אָנגעשטאַנען. זי וואָלט געמוזט, ווי אַמאָל גלייך נאָך דעם מאַנס טויט, האָבן עסקים מיטן גרינס־פעדלער, וואָס פלעגט פאַר א פּאָר געפוילטע עפּל, צוויי ציבעלעס און א קעפּל קרויט אריינקריכן אין בעט מיט די בלאָטיגע שטיוול... און נאָך וועלן כאָטש א ניקל פאַר די גרינס. — — —

ווייטער דאַרף מען וויסן, אז זי נאַרט די צוויי אַלטע „הערן" אויך. זיי, די קלוגע געשעפטסלייט, וואָס האָבן א גאַנץ לעבן גענאַרט יעדן איינעם, מיט וועמען זיי האָבן זיך נאָר באַגעגנט, און אפילו אין זייערע זיבעציג יאָריגן עלטער זוכן זיי אויך מציאות, „א ווייב אַן פּליכטן", אַן אכט־און־דרייסיג יאָריגע בלויז פאַר

פערציג דאָלאַר א וואָך. זיי וואָלטן אזא מציאה אין דער הויכער געזעלשאַפט ניט געקראָגן. דאָרט וואָלט אַן אכט־און־דרייסיק יאָריגע געהייסן זיך באַצאָלן אין די שווערע הונדערטער און א „פּונקט״ אין דער צוואה. נאָר אין דער אמת'ן האַנדלען זיי ניט אזא מציאה, ווי זיי מיינען.

זי, די אלמנה פון א פּראָסטן קוילן־גרעבער, נאַרט זיי אָפּ... איינער ווייס ניט פון צווייטן; יעדער פון זיי מיינט, אז יענער קומט צו דער אכט־און־דרייסיג יאָריגער אַלמנה בלויז צוליב קהל'שע זאַכן און זי איז נאָר זיינע... אזוי אַרום צאָלט יעדער די פולע פערציג דאָלאַר, וואָס זי דאַרף אויף חיונה.

אראָפּפאַלן פון אזא הויכן באַשטאַנד ווילט זיך מאַדאַם טאָרן ניט. זי האָט זיך קוים מיט צרות אויף אים אַרויפגעדראַפּעט. זי האָט אויפגעטאָן דאָס, וואָס איר מאַן טאַם, דער גרויסער, געזונטער קוילן־גרובער האָט ריזיקירנדיג מיטן לעבן און אויך באַצאָלט מיט אים — האָט ניט געקאָנט אויפטאָן. זי מיט גאָרניט, א קליינע, א שוואַכע, נאָר מיט אויגן וואָס זעען...

אמת, זינד. נאָר וואָס איז דאָס? דאָס טוען דאָך אַלע, יחוס'דיגערע פון איר... זיי טוען עס דאָך צוליב וואוילטאָג... זי, אַן אַלמנה, א שוואַכע, די אינשורענס האָט צוגענומען דער קברן... וואָס האָט זי געקאָנט טאָן? און די מצוות וואָס זי טוט, זיינען גאָרניט? אַרבעט אָן אָפּרו אין „סאַלווייש‏אַן אַרמיי״ און אין קלויסטער... דער פּאָטער יאַאָכים האָט זי ניט איינמאָל אין זיינע דרשות אַרויסגעשטעלט פאַר א מוסטער.

איז זי אָבער ניט זיכער אויף איר שטאַנד צוליב דער טאָכטער אין בילינגן הייזל... נאָר איצט, אז לאָלא וועט ווערן א נאָנע, וועט עס ציען די מענטשישע אויגן אויף זיי — דער מאַמען, די כלל־טוערן, און דער טאָכטער, דעם „הייליגן קרבן״ — און וועלן ניט דערזען די טאָכטער פון הייזל.

דאָס אַלץ איז דאָס גוטס וואָס עס וועט זיין פאַר איר, די מאַדאַם טאָרן, וואָס די טאָכטער וועט ווערן א נאָנע, נאָר אויך איר, די פריילין טאָרן, וועט עס עפענען דעם וועג אין לעבן...

די מאַדאַם טאָרן האָט אויגן, זי זעט, אַז די טאָכטער וואַקסט אַ מיאוסקייט... קיין געלט צו קויפן אַ מאַן פאַר איר, וואָס זאָל צודעקן די שאַנד איז ניטאָ... פון די אַכציג דאָלאַר אַ וואָך בלייבט גאָר ניט איבער... מ׳מוז זיך פירן גרויס, ווי עס פּאַסט פאַר אַ „רייכער" אַלמנה, וואָס דער מאַן האָט איבערגעלאָזן „אויל־פּראָדאַקשאָן"... אַזוי פירן זיך אַלע אין דער שכנה׳שאַפט. זי האָט אַ סך צו פאַרדעקן. עס קאָן ארויסשפּרינגען: די ווייב פון קוילן־גרובער טאַם, — די לינקע ווייב פון אָרעמען, פאַר־שכור׳טן גרינס־פּעדלער, די מאַמע פון טאָכטער פון ביליגן הייזל — און דער לעצטער יחוס איז אויך אַז אָך און ווײ — די לינקע ווייב פון די צוויי אַנגעזעענע מיסטערס: מיסטער מעסטנער און מיסטער לאָסאָן. — מוז עס הויכער פירונג פאַרדעקן... יאָ, זי קאָן קריגן אַן אָרעמען ארבעטער, וועמען זי וואָלט די „מציאה" אריינגענאַרט, נאָר דאָס טאָר זי ניט טאָן. אַן ארבעטער אריינ־נעמען אין דער משפחה, דאָס וואָלט דאָך איר, דער מאַדאַם מייבל טאָרן, אָפּגע׳מסר׳ט, ארויסגעגעבן, ווער זי איז און מיט חרפה געמוזט זאָגן דעם „נאַרס־אמת"...

בלייבט איבער איין זאַך, צו לאָזן איר וואַקסן די מיאוסקייט אין גראָען צאָפּ, אויסטראַכטן אַ ליגן, אַז זי, די מאַמע, גלויבט ניט אין הייראַט... נאָר דאָ וועט אונטערקומען לוסט... דאָס וואָס מ׳רופט לעבן... און מאַנען איר׳ס...

יאָ, אמת, איר לאָלאַ איז אַ געהאַרכזאַמע מיידל, געראָטן אין איר טאַטן, אַ שווייגערקע, טוט וואָס מ׳הייסט איר... היט דעם גרעניץ. נאָר די לוסט וועט איר סוף־כּל־סוף פאַר׳שיכור׳ן און זי וועט פאַרגעסן דעם גרעניץ... זי וועט קומען אַ צעבראָכענע, אַ אויסגעשפּיגענע... אַזוי אַז אפילו אַ דאָלאַרדיגע הייזל וועט איר ניט וועלן אריינגעמען. זיי, די שיכורים, זוכן אויך שיינ־קייט... פאַר אַ דאָלאַר׳ס ווערט שיינקייט... און דעמאָלט איז אַלץ מיט אַנאַנדער פאַרפאַלן... אַלע וועלן עס דערזען... ווער קאָן ניט לאָלאַ׳ן, די רייכע אַלמנה׳ס טאָכטער... נאָר אַלס נאָנע איז זי געזיכערט. אויס סכנה... די לאַנגע קליידער, די מאָנאַס־

טיר־ווענט וועלן פארדעקן און פארשטומען, אפילו ווען זי וועט דעם גרעניץ אריבער... זי קאן א סך אזוינע...

מאדאם מייבל טארן האט קיין ברייטן שמועס מיט לאלא'ן מכח די צילן און שכל פון ווערן א נאנע ניט פארפירט.

דאס איז ניט אין נאטור פון דער מאדאם טארן. ווען זי וואלט געווען א פלאפלערקע, וואלט זי זיך אף דעם „הויכן" שטאנד ניט געקאנט אויפהאלטן און צוריק זיך פארקויפט פאר צעפוילטע עפל. זי האט איר נאר געזאגט עטלאכע געציילטע ווערטער.

— לאלא, פון היינט אן גייסטו ארויס פון מיין רשות. וועסט ווערן א נאנע... פארשטייו אליין... גענוג געלערנט... גיי מיטן אנגעצייכנטן וועג... אזוי אז דו זאלסט ניט אריינפאלן אין מענטשלאכע מיילער... האב ניט צו טאן מיט לאפסאנדראפצעס.

די ווערטער האבן לאלא'ן געזאגט מער, ווי א קארץ רייד. זי ווייס, אז די מאמעס רייד זיינען געמאסטן און ווייט געצילט. און אט וואס... אויס דער גרעניץ... אפן... נאר מיט שכל... ניט מיט אבי ווענען... דער טאטע זאל זיין עפעס רעכטס...

זי האט געקושט די מוטער און פון שמחה געוויינט:

א קלוגע מאמע... זי האט פארכאפט איידער ס'איז צו שפעט געווען... זי האט שוין געטראכט דעם גרעניץ צו פאר־בריקעווען... צו שווער געווען... ניט געקאנט אויסהאלטן... עס האט איר געצויגן אין א הייזל... די גרעניץ האט זיך איר געפלאנטערט אונטער די פיס, געוואונקען מיט אלע זיבן חנ'ען: קום אריבער, זיי ניט קיין נאר... דאס איז דאך דאס לעבן... פליכטן? פוי אף זיי... א פאר אלטע „הערן", ווי דיין מאמע וועסטו אלעמאל קריגן...

טאקע א קלוגע מאמע. זי האט עס דערשמעקט, כאטש זי, לאלא, ווייס ניט ווי אזוי, און ארונטערגענומען דעם גרעניץ מיט שכל, זי לויז געלאזט ווי א פארמער זיין קו, ניט אין קארנפעלד עס זאל שאדן מאכן, נאר אין א גראזיגער לאנקע, זי זאל אנדערש־וואו שאדן מאכן ניט גלוסטן.

ווי זי איז נאר א נאנע געווארן האט זי, לאלא, דעם גרעניץ

א בריקע געטאָן... זי האָט זיך געהאַלטן אָן דעם צווייטן גרעניץ... ניט מיט אַבי וועמען... מיט אַנשטענדיגע מענטשן, וואָס מאַכן ניט קיין טומל...

— אָ, איך האָב...

איינמאָל מיטן פאָטער יאַאַכים, ס'איז אַוועק שטיל... קיינער האָט ניט געוואוסט, אַפילו די מאַמע... כאָטש אין בויך האָט זיך שוין ווי אַ וואָרים געצאַפּלט. אַ צווייטן מאָל מיט אַ דאָקטאָר אין האָספּיטאַל, וואו זי האָט אַלס נאָנע געאַרבעט... לעבן זאָל די מאַמע!...

וואָלט געווען גוט, איז אָבער דער לעצטער גרעניץ אונטער־געשפּרונגען... זי איז געוואָרן אַלט און מיאוס. אַזוי אַז דער שפּיגל מיט זיינע אַלע ממזר'שע קונצן קאָן איר ניט פאַררייידן. זי ווייס שוין... זי האָט מיטן שפּיגל זיך אָפּגערעכנט, אים צעבראָכן, נאָר וואָס העלפט עס?... און וואָס איז דער שפּיגל שול־דיג... טאַקע, ער האָט זיך שוין צום סוף נאָכדעם, ווי־סנדיג, אַז זי ווייסט שוין, אַז זי איז מיאוס, געמאַכט מיאוסע העוויות, געוויזן אַ מאָדנעם מיאוסע גראָב לאַנגע נאָז און קאַרטאָפּלנע אויגן, וואָס אַזעלכע האָט זי גאָר ניט... נאָר ניט ער איז שולדיג — אַז אַלע זעען, אַפילו דער אַלטער גלח, ווייל אויך ניט וויסן פון איר... רעדט צו איר פרום, ווי ער קאָן זי גאָר ניט... און דער דאָקטאָר בייזערט זיך גאָר...

זי קאָן קריגן מאַנסבילן, זיי פעלן ניט... דער אַלטער דזשעניטאָר באַ וועמען דאָס ווייב איז געשטאָרבן, און פאַרדינט ווייניג צו קויפן ליבע. ער וואַרפט צו איר זשעדנע אויגן, און נאָך פון זיין גלייכן, נאָר די מאַמע האָט אָנגעזאָגט ניט מיט אַבי וועמען.

פון אַבי וועמען קאָנען אַפילו די לאַנגע קליידער מיטן האָס־פּיטאַל וואַנט ניט פאַרדעקן...

אָבער ווי גייט מען אַריבער אָט דעם צווייטן גרעניץ?

זי וואָלט די מאַמען געפרעגט, נאָר זי ווייסט, אַז די מאַמע ווייסט עס אויך ניט. עס איז צו ווייט פאַרקראָכן, עס שמעקט מיטן דאָלאַרדיגן הייזל... און פאַר דעם האָט זי ניט קיין עצה, די בעסטע ראיה... איר עלטערע שוועסטער.

נאָר דער גרעניץ איז שוין אויך ניט אזוי שווער... מיט דעם גיט זי זיך אַן עצה... זי גנב'עט דעם גרעניץ... מיט אַ קונץ, וואָס זי קאָן וועטן, אַז אַפילו די מאַמע וואָלט אַף דעם ניט איינגעפאַלן... זי שטילט איר דורשט אין די שפּעטע נעכט...

אייגנטלעך, דאָס איז דערזעלביגער וועג, וואָס די מאַמע האָט אָנגעצייכנט, נאָר קליגער...

מיט אַלע שווערע קראַנקע זיצט זי... קליגלט אויס, אַז זיי זאָלן זיין מאַנסבילן. אום קיינער זאָל ניט חושד זיין, זיצט זי אַמאָל אויך מיט אַ פּרוי. און אין די נעכט, ציט זי אירע קליידער אַראָפּ, אינגאַנצן נאַקעט. נעמט דעם קראַנקנס הענט, גלעט איבערן קערפּער און קראַנקע הענט זיינען אזוי קיל, און זיי, די קראַנקע, מורמלען ווי שטילע פאַרליבטע...

נאָר צום טיוול, ווי זיי ווערן נאָר געזונטער און דערזעען זי ליגן זיי מיט בייזע פּנימ'ער... און ווי נאָר עס קומט אריין אַ יונגע „שוועסטער" צעשמייכלען זיי זיך... אזוי קינדיש ליב.

אַלץ, אַלץ וואָלט זי אַוועקגעגעבן פאַר אַזאַ שמייכל, ניט געקוקט אַפילו אַפן גרעניץ, אַף די פליכטן, די מאַמען... אַלץ, אַלץ, צום טיוול...

און מאָדנע, די שמייכלען האָבן אין איר דערוועקט עפּעס אַזאַ געפיל, וואָס זי האָט פון אים קיינמאָל ניט געוואוסט און זי איז זיכער, אַז אַפילו די מאַמע אויך ניט. זי ווייסט ניט, וואָס דאָס איז. ווי מ'רופט עס. נאָר ער איז עפּעס אזוי שיין, שטיל, הויבט דיר אויף הויך, הויך. לעבט מיט דיר אין אַנדערע וועלטן. איר דוכט זיך, אַז דעם געפיל רופט מען „ליבע". — — — — —

אָט דאָס ווייסט ניט די מאַמע, און עס איז איר ניטאָ וואָס צו פרעגן, זי האָט פאַרגעסן די קליינינגקייט איר אָנצוזאָגן.

* * *

אין איין טאָג האָט מען די גוט־האַרציגע שוועסטער, מיס לאָלאַ טאַרן, געפונען הענגען אַף אַ האָספּיטאַל האַנטוך, און נאָר צוליב דעם, ווייל די מאַמע האָט ניט געוואוסט, צי זי האָט איר פאַרגעסן אָנצוזאָגן פון איין קליינינגקייט... וואָס מען רופט עס — ליבע...

# קאוועלויצקאס טויט

ווען פאנאס* קאוועלויצקאס איז נאך קיין „אפסקריטאס ווירשינינקס"** ניט געווען, ניט געהייסן אפילו קאוועלויצקאס, נאר פשוט פויליש — קאוועליצקי, האט ער זיך שוין געקאנט מיט ר' מענדע, דעם גרויסן באקאליי־קרעמער.

די באקאנטשאפט צווישן קאוועלויצקאס'ן און ר' מענדע'ן איז געווען אזא: קאוועלויצקאס, א קוטשער בא פריצים, פריער באם גריקאפאלער און נאכדעם באם מאלוינער פאריץ, פלעגט קומען מיט די פריצים צו ר' מענדע'ן אין קראם. ר' מענדע, מיט דער ווייכער שווארצער הוט, די בארד צעקאמט מיט א פעטן געזאלבטן קאם, שטייט הינטערן צאל־באנק מיטן בלייפעדער הינטערן אויער. זיינע בײדע טעכטער, שיינע, אויסגעפוצטע, ווי זיי וואלטן דארטן געשטאנען בלויז זיך צו פארמעסטן מיט די גרויסע, שיינע, געמאלענע ליאלקעס, וואס ר' מענדע קריגט יעדן ניי־יאר אריינגעשיקט פון שאקאלאד פאבריק — אלס מתנה.

ווי נאר די פריצים באוויזן זיך אין טיר, גלייך צשעמייכלט זיך ר' מענדע אין זיין גאנצער ווירדיקייט. די מיידלאך כאפן באלד אונטער און העלפן ר' מענדע'ן מיט. קאוועלויצקאס איז ווי א ניט־געזעענער, ניט פון ר' מענדע'ן און ניט פון די טעכטער. ער כאפט אבער אויך — און גאנץ אפט — א שמייכל פון זיי... דאס פאסירט דעמאלט, ווען א פאריץ איז עפעס בייז, דער קאפ איז אים פארדרייט און האט ר' מענדע'ס שמייכל ניט באמערקט, אדער טאקע בכיון ניט געוואלט צונעמען ר' מענדע'ס שמייכל, וועלנדיג מיט דעם דערמאנען ר' מענדע'ן, אז ער זאל ניט זיין מיט אים, א פאריץ, צופיל חבר, ווייל נאכאלעמען איז ער ניט מער

*פריץ (אין ליטוויש).
** קרייז הויפטמאן.

ווי א איד, כאטש ער איז זייער ר׳ מענדע, און ער — א פאריץ, וואס שטאמט פון פריצים פון דורות אן. אזא שמייכל, וואס מענדע האט ניט געהאט וואו אהינצוטאן, פלעגט ער עס צואווארפן קאוועלויצקאס׳ן דעם קוטשער.

הגם די באקאנטשאפט צווישן ר׳ מענדע׳ן און קאוועלויצקאס׳ן איז געווען נאר אזא, זיך אנגעהויבן מיט א צוגעווארפענעם שמייכל, ווי א הונט א ביין, דאך האט זיך קאוועלויצקאס געגרויסט מיט דער באקאנטשאפט. און עס איז געווען מיט וואס:

צו מענדען קומען אלע פריצים, ער ווייסט, וואס פריצים האבן ליב און פארמאגט א קראם אן אנגעפראפטע מיט סחורה, אז ער, קאוועלויצקאס, קאן ניט באגרייפן, וואו נעמט עס דער איד אזוי פיל מארך צו געדיינקען, וואו יעדע זאך ליגט.

דאס איז ר׳ מענדע׳ס יחוס!

און קאוועלויצקאס׳ יחוס? — —

גארניט מיט גארניט! א פאראבעק בא א יחוס׳דיגן פאריץ.

אט אזוי ארויף האט קאוועלויצקאס געקוקט אף ר׳ מענדע׳ן און ער, ר׳ מענדע, אף זיך אליין, מיטן צוגאב, — וואס קאווע־לויקאס׳ גוי׳עשע קאפ קאן ניט באנעמען, — אז ווען ניט די קראם, קאן ער אויך זיין א רב.

און אט אזוי אראפ האט ר׳ מענדע געקוקט אף קאוועלויצקאס׳ן און אויך ער, קאוועלויצקאס, אף זיך אליין...

אין דער אמת׳ן איז קאוועלויצקאס געווען מער, ווי א פראסטער פאראבעק: — א קוטשער קריגט טאפלדיגע „ארדענאריע“ (הויפישע שכירות אין תבואה) און מזומן געלט, כמעט אזוי פיל, ווי דער עקאנאם, דער הויכער, ברייט־ביינינגער יאזוס, וואס מ׳זאגט, אז זיין מאמע האט אים געבוירן פון דעם אלטן פאריץ. יאזוס טראגט אפילו אינדערוואכן הויזן פון גרינעם אפיצערישן געוואנט און א היטל מיט א גלאנציגן דאשעק.

צוליב דעם היטל, וואס יאזוס טראגט און נאר ער, אן עקאנאם מעג אזא היטל טראגן און ניט קיין קוטשער, האט קאוועלויצקאס דרך ארץ פאר יאזוס׳ן און איז בא אים א מין ר׳ מענדע. כאטש

פון אים האַלט ער ניט, ווי פון מענדע׳ן. ר׳ מענדע האָט קאָפּ, און יאָזוס גאָרניט. ווען ער, קאַוועלויצקאַס איז עקאָנאָם, וואָלט ער אַ סך בעסער דעם הויף געפירט. ניט געזייט אָפן באַרג קיין קאָרן, נאָר ווייץ, און וואו יענער זייט ווייץ, וואָלט ער, קאַוועלויצקאַס, — קאַרטאָפל פאַרזעצט.

קאַוועלויצקאַס האָט פיינט יאָזוס׳ן. ער איז אַ שלאַנג און קאַוועלויצקאַס האָט זיך אפילו געגעבן אַ שבועה פון אים נקמה צו נעמען פאַר זיין פאָטער׳ס בלוט... ער קאָן עס ניט פאַרגעסן און דערמאָנט זיך שטענדיג אָן דעם, ווי יאָזוס האָט געבריקעט מיט די שפּאָרן זיין, קאַוועלויצקאַס׳ טאַטן, צוליב אַביסל אַרבעס, וואָס ער האָט גע׳גנב׳עט פון שפּייכלער... געבריקעט, כאָטש ער, דער טאַטע זיינער, האָט אים געקושט אין די הענט און אין די שטיוול:

— זיי מוחל, יאָזוס! מער עס ניט טאָן, אַ משוגעת אריין...

ביז דער אַלטער איז אַנטשוויגן געוואָרן מיט אַ ניט־דערענדיגטן קרעכץ אין האַלדז...

דאָך, אַז יאָזוס זאָגט אים „גוט־מאָרגן״, פאַרגעסט ער אַלץ מיטאַנאַנדער, גרויסט זיך מיט דעם, ווי מיט ר׳ מענדע׳ס אַ צוגע־וואָרפענעם שמייכל... כאָטש קאַוועלויצקאַס וויים, אַז יאָזוס צילט עפּעס מיט דעם. ער האָט מסתמא מורא, טאָמער וועט ער, קאַוועלויצקאַס, איצט אַזאַ געזונטער בחור, אין אַ פינצטערער נאַכט אים אַוועקלייגן... און ווידער איז ער אַ קוטשער, דרייט זיך אָפט אַרום מיטן פּאַריץ, קאָן אריינוואַרפן אַ שלעכט וואָרט וועגן אים...

קאַוועלויצקאַס איז אין די אָוונטן אַן אריינגייער בא יאָזוס׳ן אין שטוב. אַלע מיינען, אַז דאָס איז צוליב דער בליאַדיכע, יאָזוס׳עס טאָכטער, וואָס וואַרפט יעדן יאָר אַרויס אַ פּריצישן ממזר. אין דער אמת׳ן לאָזט זי אים צו זיך ניט צו:

— איך בין ניט פאַר קיין קוטשאַרעס, נאָר פאַר פּריצים! די מיידלאַך אין הויף ווייכן דעריבער פון קאַוועלויצקאַס׳ן, כאָטש קוטשאַרעס זיינען בא זיי פון די געהויבענע קאַוועליערן...

— גיי צו דער יאָזוכע!

אים איז אָבער ליבער יאָזום'עס שטוב. דאָרט הייגגען אַ פּאָר גרינע הויזן און די היטעלע מיטן לאַקירענעם דאַשעק.

פאַרן לייגן זיך שלאָפן, קניט זיך יאָזום אין ווינקל, וואו ס'שטייט דאָס הייליגע בילד און טאַקע דאָרט לעבן דער הייליגער מאַריע הייגגט ער אויף דאָס היטל. קאַוועלויצקאַס'ן קוקט עס אוים, ווי יאָזום טרויט אָן דאָס היטל איבער נאַכט נאָר איר, דער הייליגער מאַריע. ער גנב'עט זיך שטיל אונטער, פאַרשטעלט דאָס בילד און גנב'עט דאָס היטל און שפּיגלט זיך אַ גאַנצע נאַכט מיט דעם. ער פאַרגעסט דעמאָלט, אַז ער איז אַ פּאַראָבעק, ער בלאָזט זיך אויף און אים דוכט זיך, אַז ער איז דער הויף־עקאָנאָם...

קאַוועלויצקאַס האָט אויך אַ שיינע היטל און אַ פּאַלטאָ אַ גרינס, וואָס ביידע זייטן צוזאַמען האָבן דרייסיג זילבערנע קנעפּ. די היטל מיט די פּאַלטאָ באַלאַנגען ניט צו אים, עס געהערט צום הויף. און ער טראָגט עס נאָר, ווען ער פאָרט מיטן פּאָריץ, גלייך ווי ער קומט צוריק, אַזוי באַווייזט זיך דער אַלטער פרינזל און נעמט עס צו...

פרינזל איז דער פּאָקאָי־מענטש, אַן אַלטער גוי מיט צוויי באַקן־בערד. דער פּאָריץ פירט אים יעדן חודש אין שטאָט צום שערער און באַצאָלט פאַרן פּוצן פרינזל'ס באַקן־בערד. ער גייט אָנגעטאָן אין שטיוועלעטן ווי אַ גלח און אין פּאַבריטשנע זאַכן. וואָס בלייבט איבער שוין פון אים אַליין, גיט ער אַוועק די צוויי הינט... דערפאַר זיינען די הינט אין הויף פעטע און גרויסע. פרינזל איז ניט קיין גרויסער עסער, בלייבט פון אים אַ סך איבער. אַמאָל רופט ער אים, קאַוועלויצקאַס'ן, צו:

— לעק אָפּ, קאַוועלויצקאַס, אַ פעט ביינדל.

קאַוועלויצקאַס נעמט דאָס ביינדל און די הינט, בייזע, כאַפּן אַן קאַוועלויסקאַס' פיס... ער לאָזט אָבער דאָס ביינדל ניט אָפּ, האַלט עס פעסט אין מויל און קלאַפּט די הינט אין די ציין מיט די שטיוול... פרינזל לאַכט... שרייט צו קאַוועלויצקאַס'ן:

— לאָז ניט אָפּ!

און די הינט רייצט ער:

— נעמט אים!

קאַוועלויצקאַס איז אַ שונא די הינט, ווען ניט זיי, וואָלט ער זיך דאָך אָפט באַלעקט מיט אַ פּעט ביינדל. אַז ער כאַפּט די הינט הינטערן שטאַל, קלאַפּט ער זיי אונטער די פיסלאַך און פרינזל גייט אַרום אַ בייזער, אַ פאַרכמורעטער, בייסט די ליפּן, וויל וויסן, ווער עס האָט די הינט די פיסלאַך אונטערגעהאַקט.

— יעדן טאָג וועסטו קריגן באַ מיר, קאַוועלויצקאַס, אַ פּעט ביינדל, אויב דו כאַפּסט דעם, ווער עס שלאָגט די הינט.

קאַוועלויצקאַס פילט זיך גוט, זעטיגט זיך דעמאָלט מיט נקמה אָן די הינט און אָן פרינזלען, וואָס ווי נאָר ער, קאַוועלויצקאַס, שפּאַנט אויס די פערד, שלעפּט אים פרינזל אין שפּייכלער און ציט פון אים די זאַכן, ווי אַ היצל די פעל פון אַ גע'פגר'ט פערד. באַ יעדן מאָל ציילן די קנעפּ, דוכט זיך פרינזלען אויס, אַז עס פעלן עטלאַכע קנעפּ; ווערט ער בייז און טשאַמקעט מיט דער אָנ־צייניקער מאָרדע:

— מאָשעניק, זאָג דעם אמת, האָסט פאַר בראַנפן פאַרקויפט די קנעפּ?

קאַוועלויצקאַס צלמ'ט זיך, און ער, פרינזל, גלויבט ניט... ציילט און שוויצט, ביז ער קומט צו דער ריכטיגער צאָל... און קאַוועלויצקאַס לויפט אַ באַפרידיגטער אַהיים...

* * *

איין טאָג איז אָנגעקומען אין הויף אַ נייער רויטער שקאַץ. יאַזוס האָט קאַוועלויצקאַס'ן יענעם טאָג קיין „גוטן מאָרגן" ניט געזאָגט, און פרינזל איז, פאַרקערט, געווען צו אים ווייך און גוט, אים געגעבן אין דער שטיל, אַז די הינט זאָלן ניט זען — אַ שטיק פלייש. אַזוי גוט האָט ער פרינזלען געזען אַמאָל צום אַלטן פודלע־וואַטן הונט, ווען ער, קאַוועלויצקאַס, מיט פרינזלען האָט געפירט דעם אַלטן הונט צום היצל. פרינזל האָט אים אויף יעדן טריט געשטאָפּט מיט פלייש.

פרינזל האָט קאַוועלויצקאַס'ן אַריינגערופן אין שפּייכלער און באַלד איז אונטערגעקומען יאַזוס מיטן נייעם שקאַץ... פרינזל

האָט איבערגעציילט די קנעפּ, די בייטשן און שלייעס און קאַוועלויצקאַס'ן האָט ער געהייסן ווייזן, וואו ס'ליגן די ווינטער־דעקעס...

קאַוועלויצקאַס האָט שוין געוואוסט, וואָס דאָ גייט זיין. אזוי איז צוגעגאַנגען, ווען דעם אַלטן בראַניעק האָט די הארמאַטעס שטארק אַ נעם געטאָן און מער קיין קוטשער ניט געקאָנט זיין און איז געוואָרן אַ פּאַסטוך בא די שעפּסן...

יאַזוס, פון זיכערקייט וועגן, טאָמער פארשטייט ניט קאַוועלויצקאַס, גיט ער אים אָנצוהערעניש:

— קאַוועלויצקאַס, וועסט זיין אַ גוטער סאָלדאַט.

קאַוועלויצקאַס בייסט די ליפּן, וויל וואָס זאָגן. איצט האָט ער דאָך שוין ניט וואָס אָנצואוווערן... און טאַקע דאָ אויספירן די נקמה צו יאַזוס'ן... ער מעסט אים אָפּ, אין זיין גאַנצער גרויס... עס האָבן בא אים קיין ווערדע אפילו אזעלכע צוויי יאַזוס'עס... די הענט רייסן זיך אריבער מיט שטאַרקייט... איין קוועטש און אוים יאַזוס... נאָר ער ווייס ניט ווי צוצוגיין... קיינמאָל אין זיין לעבן קיינעם אַ וואָרט אַ שלעכטן ניט געזאָגט... איינגעוואוינט אַלץ אראָפּצושלינגען... אַלץ און פון אַלעמען... ווער ניט? אפילו דער פּאַריץ, ווען ער איז נאָר געווען שיכור, האָט ליב געהאַט, זיצנדיג פון הינטן, אים צובריקען אין די זייטן:

— פּשאַקרעוו, קורוועלער זון!

אים פּלעגן ווייטאָן ניט אזוי די קלעפּ, נאָר דאָס וואָס מען זידלט דער מאַמען, די קליינע פאַרמאָגערטע פרוי, וואָס איז צעבויגן ווי אַ צעפּוילטע צווייג... זי, אַ קורווע?...

* * *

קומענדיג צוריק „פון סאָלדאַטן" האָט קאַוועלויצקאַס שוין אין הויף קיינעם ניט געפונען, ניט יאַזוס'ן, און ניט פרינזלען. ערשט זונטאָג באַם קלויסטער האָט ער געטראָפן יאַזוס'ן, נאָר עס איז שוין געווען גאָר אַן אַנדער יאַזוס, אַן איינגעבויגענער, מיט גרינע אָדערן אין די באַקן. יאַזוס איז געפאַלן קאַוועלויצקאַס'ן אַפן האַלדז און זיך צעוויינט:

— פאַרגיב מיר, קאַוועלויצקאַס, שלעכט צו דיר געווען!

ער איז שוין ניט מער קיין עקאָנאָם; זיין טאָכטער איז צו קינד געגאַנגען, ווי יעדן יאָר, איז עס אַ צווילינג געווען, זי האָט עס ניט געקאָנט אַרויסוואַרפן, איז זי מיטן צווילינג אַף יענער וועלט אַוועק. גלייך נאָכדעם האָט דער פּאַריץ צוגענומען בא אים דאָס היטל מיט די הויזן און עס אַוועקגעגעבן קרוצקע׳ן, אַט צו דעם, וואָס האָט צוויי שיינע טעכטער, זיי זיינען באַם פּאַריץ אין פּאָקאָי. קרוצקי מאַטערט אים, יאָזוס׳ן, שיקט אים אַף דער שווערסטער אַרבעט... און קרוצקי׳ס זינדל, איז געוואָרן קוטשער.

יאָזוס מיט קאַוועלעוויצקאָס׳ן זיינען אַוועק אין שיינק, גענומען ביידע צו גוט־ברודערשאַפט פון די „שטאַרקע״. זיי האָבן געטרונקען אַזוי לאַנג, ביז יאָזוס האָט פאַרטרונקען די גאַנצע און זאַלץ־געלט און קאַוועלעוויצקאָס דעם רעקל, וואָס ער האָט אָפּגעקויפט פאַרן אַהיים־פאָרן בא דעם אונטער־אָפיצער, וועלנדיג ווייזן אין דער היים, אַז ער איז אין סלוזשבע ניט געווען אַבי וואָס, נאָר אַן אונטער־אָפיצער.

יאָזוס טרינקט, וויינט און קושט קאַוועלעוויצקאָס׳ן:

— ברודערל, זיי מיר מוחל...

קאַוועלעוויצקאָס וויל אים ווייזן, אַז ער האָט געגן אים גאָרנישט, אדרבא: הייסט ער געבן נאָך בראָנפן.

בא נאָך אַ טישל איז געזעסן אַן אַלטער גוי, יאָזוס׳עס אַ באַקאַנטער און אויך געטרונקען. דער גוי האָט געהאַט אַן אייגן שטיק גוטע פעלד און אַ טאָכטער אַ צעשטופּלטע פון פּאָקן. ער איז שוין אָבער געווען אַלט און שוואַך, האָט זיינע אַלע כחות דעם פעלד אַוועקגעגעבן און מער ניט געהאַט צו געבן. דאָס פעלד האָט אַלץ אירע גענומען און ניט געקאָנט קריגן. האָט זי זיך צעוואַקסן אין ווילדע גראָזן...

דעם אַלטן האָט דאָס האַרץ געבלוטיגט, געוויימאָגט. ער האָט „געוואָלט״ שוין שטאַרבן און ניט געקאָנט, ניט געהאַט וועמען דאָס פעלד איבערצולאָזן. די צעפּאָקטע טאָכטער וועט אפילו די ווילדע גראָזן ניט קאָנען אויסברענען.

באַקאַנענדיג זיך אין שיינק, וואו ער איז געקומען די ווייטאָגן

פארגיסן, מיט קאוועלויצקאס'ן, א יונג מיט געזונטע הענט, וואס איז אקארשט פון סלוזשבע געקומען און האט ניט קיין היים, איז אים איינגעפאלן, אז גאט האט זיין געבעט דערהערט און דעם יונג אים צוגעשיקט:

— הער, יונג, ווילסט א ווייב מיט א שטיק גוט פעלד, קום מיט מיר, איך האב עס — וועסט זיין אליין באלעבאס.

קאוועלויצקאס'ן איז עס געפעלן געווארן:

— לאכסט ניט, אלטער?

— פערד צוויי האבן איך אויך!

— אזוי? אמת? שטעל א פלעשל!

דער אלטער האט דאס קניפל געלט — וואס ער האט אפן הארצן געטראגן אפגעלייגט פאר קבורה הוצאות — אפגעבונדן. יאזום, וואס האט געהאט א פאריץ'ס קאפ אף זיך, האט דא דערזען אויך זיין דערלייזונג. ער האט זיך גנב'דיג צום קניפל צוגערוקט און די גאנצע מיט די זאלץ־געלט ארויסגעקראגן.

מ'האט געקלאפט גלעזל צו גלעזל און וואנצע צו וואנצע גערוקט.

קאוועלויצקאס האט אפילו פארגעסן פרעגן דעם אלטן וועגן דער טאכטער, צי זי איז א געזונטע מויד צי נאר א סטרינגע.

ווידער איז עס קאוועלויצקאס'ן ניט שטארק אנגעגאנגען, ניט קיין מוידן האט ער געזוכט, ער האט זיי געהאט גענוג אין די סאלדאטשינע־יארן. ער האט געזען, אז דער אלטער זאגט דעם אמת, ער האט גוטע ניין מארגעס פעלד, און דאס איז בא אים איצט דער עיקר.

ער איז מיטן אלטן אין דארף אוועק, אין א פאר טעג ארום חתונה געהאט מיט דעם אלטנ'ס געשטופלטע טאכטער, האט פאר־ווארפן די סאלדאטסקע קליידער, זיך אנגעטאן אין א פאר גע־וועבטע הויזן, וואס די געפאקטע ווייב אליין האט אויסגעוועבט. שפעטער אביסל האט ער זיך גענומען צום שטיק פעלד, די ווילדע גראזן אויסגעברענט און דאס פעלד האט שוין דעם זעלביגן זומער זיך מיט זאנגען באדעקט. דער אלטער האט זייןווארט געהאלטן, איז דעמזעלבן יאר געשטארבן און די הוצאה פארקלענערט און

הינטערן באַליק האָט זיך גענומען קלייבן געלט אַף נאָך מאָרגעס פעלד.

קאַוועלויצקאַס וואָלט שוין אַזוי זיין לעבן אָפּגעלעבט אין דאָרף. און אפילו ווי זיין שוועד געגאַנגען אַף דער עלטער אין שיינק זוכן אַ יונג מיט העגט פּאָר אַכצן מאָרגעס צו מער.

איז אָבער מלחמה אַף דער וועלט געוואָרן. עס וואָלט אים אויך ניט געאַרט, געלט האָט זיך געקליבן אונטערן באַליק נאָך מער, געהאַלטן שוין בא קויפן נאָך צען מאָרגעס פעלד און איז מיטן שכן, וואָס האָט די פעלד געהאַט אין שיינק אַוועק די קניה צו מאַכן.

אין שיינק איז געווען אַ טומל, אַף אַ ביינקל איז געשטאַנען אַ פרעמדער שקאָץ גערעדט אַזוי ווייך בעטנדיג...

פויערים זיינען געשטאַנען מיט אויסגעשטעלטע אויערן. קאַווע־לויצקאַס האָט עס ניט געקאָנט באַנעמען. ער איז געווען פאַר־דאגה'ט וועגן די צען מאָרגעס פּעלד, דעם שכנ'ס ווייב האָט אָפּגע־רעדט דעם מאַן צו פאַרקויפן דאָס פעלד, נאָר דערהערנדיג דאָס וואָרט „פּריצים", האָט ער זיך ווי גענומען אויפכאַפּן, זיך ווי אַן עפּעס דערמאָנען...

אַז דער שקאָץ האָט גענומען שרייען: אונזער ליטע. מיר דאַרפן צונעמען די ערד בא די פּוילישע פּריצים... צו אונז געהערט עס, אונזערע עלטערן האָבן אַף דעם געאַרבעט! —

האָט בא קאַוועלויצקאַס'ן גענומען אויפשיינען די אויגן, אויפלעבן אַלע פּריצישע בוכטשעס, יאַזוס'עס, פּרינזל'ס. און ער האָט געגעבן אַ קלאַפּ מיט זיין גאַנצער שטאַרקייט אין טיש:

— אודאי! גערעכט!

צי זיינע פאָר ווערטער זיינען געווען האַרציגערע, אמת'דיגערע, ווי דעם רעדנער'ס, וואָס איז געווען אפשר אַליין אַ בעל־גופישער זינדל, וואָס בא זיין טאַטן, אמת, אַ ליטווין, האָבן געאַרבעט פּאַראָבקעס בלויז פּאַר טרוקן ברויט מיט אַרבעס, און מילך נאָר אַף די זונטאָגס; צי יענער איז געווען אַ שוואַך מענטשעלע מיט אַ שוואַך שטימעלע און קאַוועלויצקאַס' שטים איז געווען אַ שטאַרקע, אַ דונערדיגע — אַלע אין שיינק האָבן געגעבן אַ געשריי:

— רייד, דו, קאוועליצקי.

דער יונגער שקאַץ האָט זיך ליבלאַך צעשמייכלט, אָנגענומען קאוועלויצקאַס'ן פאַרן האַנט:

— זאָל רעדן קאוועלויצקאַס! נאָר ניט קאוועליצקי! מיר זיינען ניט קיין פּאָליאַקן, נאָר ליטווינער, זין פון גרויסן געדימינאַס...

קאוועלויצקאַס האָט זיך אויסגעצויגן אין זיין גאַנצן גרויס. ער האָט פאַרגעסן די געלט אין באַליק און די צען מאַרגעס פעלד. אים האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ער איז איצט דער אַמאָליגער קוט־שער פון וועמען פרינצל שלעפּט דאָס פּאַלטאָ מיט די זילבערנע קנעפּ... און ער וויל ניט און דאַרף ניט לאָזן... ער שטורעמט, און קלאַפּט אין טיש:

— ברידער! ליטווינער! אונזער ערד! מיר דאַרפן ניט קיין פּריצים!!

קאוועלויצקאַס האָט זיך נאָכדעם ארומגעזען, אַז ער האָט זיך דאָ נאַריש געמאַכט. וואָס איז ער אַ פּאַראָבעק? צי אַ באַלע־באָס? ער האָט דאָך געלט אונטערן באַליק אַף צען מאַרגעס פעלד און די ניין זיינען אַזוי שיין צעוואַקסן. — ברעכן זיי דעם קאָפּ מיט די פּריצים!

מ'האַלט אים אָבער צו, ווי אַ ווילדן הונט, וואָס מען וויל איינגעוואוינען. שטאָט האָט אים געבונדן און רוקט אים צו אַלע ווײַלע גוטע ביסנס, דאָ אַ מונדיר מיט קנעפּ און דאָ אַ היטל מיט אַ גלאַנציגן דאַשעק.

ווי נאָר ער הויבט זיך צו רייסן אין דאָרף דערלאָזט מען ניט. מ'רופט אים שוין פּאָנאַס, פאַר אַ קרייז־הויפּט אים געמאַכט און דער גלח שפּאַצירט שוין מיט אים אונטערן אָרעם... שטאָט־קרעמער און שיינקערס טראָגן דורכן הינטער־טיר אַלערליי גוטס־קייטן. די ווייב די צעפּאָקטע, האָט שוין קיין אָרט ניט, וואו די אַלע גוטע זאַכן צו שטעלן, טראָגט זי עס אין דאָרף און פאַרקויפט עס די שכנה'ס. זי האָט אים שוין איינגעשושקעט אין אויער, אַז דער בינטל געלט הינטערן באַליק איז שוין געוואָרן געדאָפּלט.

קאוועליוצקאס, אין נאטור א מענטש א פראקטישער, ווייל ווען ער איז עס ניט, וואלט ער ניט געהאט קיין ניין מארגעס פעלד און פאר פונקט אזוי פיל געלט — ער האט דערזען, אז צו זיין א קרייז־הויפטמאן איז גארניט ערגער, ווי א באלעבאס ניט בלויז פון צוואנציג מארגעס פעלד, נאר אפילו פון וואלאקעס פעלד. ער איז א פאריץ. מ'דארף עס נאר אנהאלטן, און נאך ווי, מיט אלע ציין.

עס איז אים אבער שווער, ער קאן ניט זיין קיין פאריץ, ער פארגעסט, ווער ער איז, און מיינט, אז ער איז נאך אלץ א דארף־פויער, טוט ער אפ נארישקייטן: ער נעמט די האק און שטעלט זיך אוועק האקן האלץ אפן הויף, פאר אלעמען אין די אויגן... זעט ער א פאריצל, נייגט ער זיך ביז צו דר'ערד און אז ער טרעפט אן א באקאנטן פויער פון דארף, נעמט ער אים ארום גוט־ברודעריש, ווי אמאל און גייט אוועק מיט אים אין שיינק.

דער גלח האט אים שוין צוליב דעם עטלאכע מאל גע'מוסר'ט. און מיט הארבע דבורים:

— ניט שיין אזוי. מען דארף האבן דרך־ארץ פאר אונזערע עלטסטע.

ער ווייס, אז פארן גלח דארף מען מורא האבן, ער איז א מין פרינצל, ער רעדט ניט קיין סך, נאר אין איין העלן טאג קאן ער הייסן אראפציען די זאכן און ער קאן דיך ניט מער.

ער האט עטלאכע מאל געפרואווט מיישב צו זיין זיך מיט דער געשטופלטער ווייב, באנעמט זי עס ניט. זי קוקט נאר אף די פאליצעס און אז עס איז ניט פול, זארגט זי זיך, פונקט ווען אין דארף, באם קארן אויפקלייבן גיסט א רעגן עטלאכע טעג נאכאנאנד...

— גאט איז ברוגז!

קאוועליוצקאס איז אפן געדאנק דערמאלט ארויף ר' מענדע: א מענטש מיט מארך, מיט אים קאן מען זיך האלטן אן עצה. יענער וועט אים דערקלערן ווי צו טאן.

און ער האט געטראפן.

ר׳ מענדע האט פארקנייטשט דעם שטערן. אודאי איז געךעכט דעם גלח. רייד ניט צו קיינעם, זיי שטריינג, בייז, זאל מען וויסן, אז דו ביסט א הויפט... א פאנאס... פארגעס ווער דו בינסט געוועז.

קאוועלויצקאס׳ן איז געווארן ליכטיג אין קאפ, זיי זיינען דעם גלח׳ס ווערטער, נאר אזוי פשוט און גאר ניט שווער צו באנעמען... בייז זיין דארף מען גאר... — לעבן זאל ר׳ מענדע! ...

און קאוועלויצקאס איז געווארן בייז, צערייצט, אזוי, אז מענדע אליין האט זיך שוין דערשראקן. אים האט עס גענומען אויסקוקן, ווי א באלעבאס, וואס האט צערייצט זיין הונט און ער קריגט אליין מורא דער הונט זאל אים ניט איינבייסן.

און עס איז געוועזן פארוואס. אין א באגינען האט זיך קאוועלויצקאס אריינגעכאפט צו ר׳ מענדע׳ן אין שטוב, געקלאפט אין טיש און געשריען:

— מענדקאס, זאג מיר, דו ווייסט, ווער זיינען די שונאים פון ליטע? ... און וואס מער ר׳ מענדע האט זיך אלץ געהאלטן אין איין פארענטפערן, אלץ בייזער און צערייצטער איז ער געווארן... געכאפט מענדע׳ן בא די לאצן, געטרייסלט און געווארפן, ביז עס איז אים מיאוס געווארן, האט ער א שפיי געטאן און איז אוועק...

אידן קומען צו ר׳ מענדע׳ן, בעטן זיך:

— ר׳ מענדע, איר זייט דאך מיט אים גוטע פריינט, רעדט איבער מיט אים, וואס וויל ער?

מענדע בייסט די בארד. עס איז גארניט צו דערציילן, אליין צערייצט און די באקאנטשאפט איז שוין היינט גאר אזא, ווי אמאל צווישן אים און קאוועלויצקאס׳ן, נאר א פארקערטע. ער, ר׳ מענדע, שמייכלט און קאוועלויצקאס מאכט זיך ניט־זעענדיג.

* * *

קאוועלויצקאס — פון נאטור געבוירן צו זיין א מענטש מיט א גרויסן בויך און גראבן קארק, נאר ער איז עס ניט געוועזן, ווייל ער האט ניט געהאט פון וואס צו ווערן. אלס קוטשער האט ער זיך

געהאַדעוועט בלויז אַף ברויט מיט קאַרטאָפל, פּרינזל׳ס אַ פּעט ביינדל האָט אים נאָך מער צערייצט און געמאַגערט. איינגעוואָוינט צו מאַגערס אָבער פּרישעס, זיינען אים אין סלוזשבע די אַלטע, פאַרפוילטע עסנס ניט איינגעגאַנגען. אין דאָרף איז שוין יאָ געווען וואָס צו עסן, איז אָבער די געשטופּלטע ווייב געווען אַ קאַרגע. ווי נאָר אויפגעקליבן אַ צענדליג אייער מיט אַ שטיקל פּוטער, האָט זי עס גלייך געטראָגן אין שטאָט צו פאַרקויפן...

איצט, פון פעטן אומזיסטן עסן, האָט זיך דער בויך אויסגע־ברייטערט, אַפן קאַרק האָבן זיך די קנייטשן אויסגעגלעט און אין געזיכט האָבן זיך פאַרבן פריש־יונגע צעבליט...

אָט די באַנייטע יוגנט האָט אירם גענומען מאַנען, אפשר אַזוי שטאַרק ווי יונגע יוגנט און אפשר שטאַרקער... זי האָט גענומען מאַנען פריש, יונג ווייב. פאַר די אַלע פאַרשוועכטע יאָרן, וואָס מ׳האָט איר יוגנט־הונגער געשטילט מיט אַלט ווייב און שפּעטער, אין מיליטער דינסט, מיט צוואַנציג־קאָפּיקענער ווייב און נאָכ־דעם אַזוי פיל יאָרן געלעגן, ווי אַ הונט, איבער אַ ביין און געגרי־זשעט צעפּאַקט ווייב...

עס לאָזט קאַוועלויצקאַס׳ן אין די נעכט ניט רוען. צוליב דעם איז ער געוואָרן נאָך בייזער און די געשטופּלטע ווייב האָט ער צעשלאָגן און אין דאָרף אַוועקגעשיקט.

די אידישע קרעמער ברייגגען אים, ווי אַלע מאָל, דורכן הינטער טיר די אַלע גוטע זאַכן, וואַרפט ער זיי אַרוים און צעטרעט עס מיט רציחה:

— צום טייוול, בהמות, שטאָפּן מיר מיט זיסקייטן, זעען זיי ניט, אַז די פּאַליצעס זיינען פול, אַ גאַנצע קראָם און דער קניפּל אונטערן באַליק איז אָנגעשטאָפּט. נאָר אַז „ווייב״ איז ניטאָ, דאָס זעען זיי ניט. דאָס וואָס דרייט זיך אַרום אין שטוב איז דאָך אַלטע צעפּאַקטע ווייב!

סיידן נעם און זאָג זיי מיט אָפן מויל:

— באַנדיטן! שווינדלער! ווייב ברייגגט! יונגס, צאַפּל־דיגס. איר האָט דאָך טעכטער, יונגע ווייבער, שיינע אידישקעס...

ער וואָלט זיך געדאַרפט דורכרעדן וועגן דעם מיט ר׳ מענדע׳ן, ער איז אַ מענטש מיט מאַרך. עס איז באַ קאַוועלויצקאַס׳ן קיין צווייפל ניט, אַז מענדע האָט דעם ריכטיגן אויסוועג... ער וויל זיך פאַר אים אָבער אַזוי נאַקעט ניט אויסטאָן. מענדע וואָלט עס אויך ניט געטאָן פאַרן פאַראָבעק, קאַוועליצקי...

די לוסט רעדט אים אָבער איין:

— נישקשה, עס מאַכט ניט אויס, מיט ר׳ מענדע׳ן מעגסטו!... ער פאָלגט.

און לעבן זאָל ר׳ מענדע. דאָך אַ מענטש מיט מאַרך. ניט דער גלח מיטן בייזן פּנים. ער, דער גלח, וואָלט זיך צעשריען:

— זינד! ניט שיין פאַר אונזערע עלטסטע, פאַר אונזערע הויפּט־לייט...

כאָטש ער, דער גלח אַליין, האַלט באַ זיך צוויי מוידן, דיקע ווי די קלעצער, קוזינעס זיינען זיי כלומרשט זיינע. אים, קאַוועלויצ־קאַס׳ן קאָן מען ניט נאַרן.

ר׳ מענדע שמייכלט מיט אַזוי פיל גוטסקייט:

— אוראַי, פּאַריץ, ביסט נאָך יונג, דאַרפסט לעבן, נאָכן אידישן דין מעגסטו דיין ווייב גלייך גט׳ן... שוין צען יאָר אַריבער און קיין קינדער ניטאָ. האַ, ווען דו ביסט אַ איד — קיצלט אים, ר׳ מענדע אונטער די פּאַכוועס.

— צום טייוול דער גלח. די אידן זיינען טאַקע גוטע מענטשן.

אָט לייבקע סטאָליער, אָט דער, וועמען ער, קאַוועלויצקאַס האָט געבריקעט, ווי יאָזום זיין, קאַוועלויצקאַס׳, טאַטן, און פאַר־וואָס? פאַר גאָרניט, אים געכאַפּט קלעפּנדיג צעטלאַך איבער סלופּעס, אָט דער לייבקע, וועט אים געבן זיין מיידל. איר אַליין; ברייננגען אין קאָרן־פעלד.

— נאַ, פּאַריץ, און האָב הנאה!

קאַוועלויצקאַס זיצט אין פענצטער, די זון שיינט און וויל ניט אוועק... זי ווערט טונקל און הויבט זיך ווידער אויף... קאַווע־לויצקאַס קלאַפּט אין טיש, בריקעט מיט די פיס אין וואַנט:

— צום שווארץ יאָר, אַף צו־להכעיס ווייל זי ניט ווערן פינצ־טער... זון ווערט מיד און לעשט זיך שוין אין מזרח... קאַווע־לויצקאַס שפּרינגט ווי געביסן אויף:

— צום קאָרן־פעלד...

ער גייט גיך און געאיילט. די פיס הויבן זיך ווי צום טאַנץ. און ער ווייסט ניט, אַז אַנשטאָט מיידל־לייב, וועט אים לייבקע צווישן די קאָרן־פעלדער געבן צו פאַרזוכן זיינע שטאַרקע אויס־געאַרבעטע פינגער. — — — —

* * *

אַף מאָרגן איז אין קרייז־שטוב שוין געזעסן אַ נייער הויפּט, אַ יונגער שקאָץ, וואָס איז געקומען פון דער גרויסער שטאָט.

ר׳ מענדע איז פאַרבייגעגאַנגען און זיך מיט פולער ווירדע פאַרנייגט...

# א נעגער שטאַרבט

אויסגעוואַקסן איז דער נעגער דזשעקסאָן הויך און שלאַנק אָבער ניט מאָגער. פּולע ברייטע פּלייצעס, אַ פּלאַטשיגע נאָז מיט ברייטע צעבלאָזענע נאָזלעכער און ליפּן געשוואָלן־גראָבע. דאָס פּנים ניט פּעכיג שוואַרץ, נאָר, ווי מיט ברוינקייט באַפאַרבט. אַזוי, אַז ער האָט געקאָנט אָפּנאַרן מענטשן און זיך אָנגעבן פאַר אַן אינדיאַנער, ווי עס טוען נעגערס, וועלכע ווילן זיך איינקויפן אין יחוס בא ווייסע...

דזשעקסאָן איז אָבער ניט פון די. ער האָט פיינט ווייסע און ניט נאָר פיינט, נאָר לאַכט זיי אויך אויס. ער קוקט אַף זיי, ווי אַף נאַרישע גרויסהאַלטערס, וואָס האָבן זיך ניט מיט וואָס איבערצונעמען:

— איך פאַרשטיי ניט, פאַרוואָס איר לויפט נאָך ווייסע מיידלאַך? וואָס זעט איר אין זיי? — טענה'עט ער שטענדיג איין מיט די נעגערשע יונגען — מיידלאַך, קוים וואָס זיי לעבן, קוים וואָס אָטעם ציט פון זיי — בריסטלאַך איינגעטריקנטע, קוקן אויס, ווי ברעטלאַך אין ווייבערשע קליידלאַך. און אונזערע מוידן: זעט! מיט שולטערן ברייטע און בריסטן, וואָס צאַפּלען זיך, ווי לעבעדיקע קאַרפּן, און אַז זיי גייען, זעט מען אויסגעפּילטע פּיס און לייב געפּאַלדעט...

די נעגער־יונגען האָבן טאַקע ליב דזשעקסאָנען. ער איז אַ גוט ברודער, רעכנט זיך קיינמאָל ניט אוים אין שענק, הייסט „געבן" יעדן, ווען ער האָט נאָר געלט אין קעשענע. אמת, ווען ער שפּילט אין „דאַיס" געווינט ער אַלעמאָל, אָבער ניט דורך פאַלשקייט. די „דאַיס" זיינען בא אים, ווי לעבעדיגע, דרעסירטע הינטלאַך, — לייגן זיך אוים, ווי ער וויל.

אָבער ער איז ניט גערעכט.

— א ווייסע מיידל איז ניט קיין שווארצע... עס ציט צו זיי... כאָטש עס „שמעקט" מיט „אויסטריקענען" זיך אַף א בוים...

— דזשעקסאָן, זאָג דעם אמת, האָסט אַמאָל פּאַרזוכט א ווייס מיידל, צו דו ביסט, ווי דער גלח בייטמאַן?...

דזשעקסאָן קוקט זיך אַרום:

— קיינער איז ניטאָ!

— יאָ, איינמאָל אַף א פעלד, ניט דאָ, דאָרטן אין דער סאַוט. איך ווייס ניט צו זי איז געווען א מיידל אָדער א ווייבל, א שיינע צי א מיאוסע, איך פאַרשטיי זיך ניט אַף ווייסע...

צי זי האָט עמיצן אָפּגעוואַרט אַפן פעלד, צי זי איז ערגעץ וואו געגאַנגען. איך בין דעמאָלט געגאַנגען צו אַ שיינע ווייבל אין א דערבייאיגן דערפל. איך בין געגאַנגען שנעל און האָב די ווייסע אַפילו ניט באַמערקט. זי מיר יאָ, און זי האָט זיך צעקוויטשעט:

— ראַטעוועט! א נעגער!

איך גיי צו צו איר:

— וואָס שרייסטו, מיידל?...

זי צעקוויטשעט זיך נאָך שטאַרקער און ווילדער, און רוקט זיך אַף צוריק. איך זע פון אירע אויגן קוקט אַרויס אַזוי פיל עקל און שרעק, ווי זי וואָלט דערזען א ראַץ... מיין בלוט האָט אין מיר גענומען זידן:

— שווייג, דו ווייסער טייוול! און איך גיב איר א זעץ אין די אויגן... זי גיט א פאַל און עס גיט א בליאָסק א ווייס נאַקעט פוס און אַזוי בלייבט עס ליגן... אָט די ווייסקייט, וואָס האָט אַזוי געשימערט אַנטקעגן זון האָט מיך אינגאַנצן צעטומלט, איך האָב ניט געוואוסט וואָס איך טו. איך בין צוגעפאַלן צו איר, ווי א דאָרשטיגער צו א בלאָטיגן וואַסער... זי האָט זיך גע־דראַפּעט, געשפּיגן, און איר עקל האָט מיר נאָך מער דאָס בלוט צעזאָטן. איך האָב זי שטאַרק איינגעקלאַמערט אין מיינע אָרעמס, כאָטש עס האָט מיך געשראָקן און האָב אויך געפילט, ווי איך וואָלט באַרירט טויטע פלייש... איך האָב געגרעוועט ווילד:

— ווייסער טייוול, נא דיר נעגער בלוט!

חברה הערט זיך צו און באלעקט זיך:

— און דעריבער, דזשעקסאן האסטו געמאכט פיס פון דזיר סאוט?...

דזשעקסאן ענטפערט ניט, לאזט זיי איבער און גייט אוועק...

* * *

דזשעקסאן גייט צו טאמ'ען, דעם גראבן, שוויצנדיגן נעגער, וואס איז אן אויפזעער בא דער „יעלאו קעב קאמפאני".* טאם ארבעט שוין דארט לאנג. אנגעהויבן, ווען די פירמע איז נאך געווען גאר קליין און געהאט נאר עטלאכע טעקסיס, האלב־צעבראכענע, און מיסטער הילי, דער פרעזידענט, איז נאך דאן געווען א שמיד, און געהאלטן די קוזניע טאקע ניט ווייט פון נעגערשן געסל.

די „יעלאו", כאטש זי באשעפטיגט ניט קיין נעגערס — זי בארימט זיך מיט דעם אפילו אין די צייטונגען, ווען זי גיט די גרויסע „קריסטמעס" און „ניי־יאר"־ווינטשונגען:

„פארט מיט די „יעלאו קעב", וועלכע באדינט אייך נאר מיט ווייסע טרייבערס"...

אט דיזעלבע פאטריאטישע אמעריקאנער קאמפאני, האט געהאט בא א צענדליג אלטע, האלב־צעבראכענע אויטאמאבילן, געפארבט שווארץ און ווייס, וואס זי האט געהאלטן אין נעגערשן געסל, און געהאט אויסגעקלעפט אף די נעגערשע קלויסטערס גרויסע פלאקאטן:

„פארט מיט די שווארץ־ווייסע קעבס, וואס נאר שווארצע טרייבערס פארן מיט זיי".

איבער אט די צען קעבס איז דאס טאם געווען דער פאר־וואלטער און דזשעקסאן איינער פון די טרייבערס.

טאם איז געווען א גוטער אלטער בחור, אבער א קארגער — כאטש ער איז געווען רייך.

---

* געלע טעקסי קאמפאניע.

פאר טעג לאנגע האלט דזשעקסאָן מיט אים אין איינ'טענה'ען וועגן שיקן די גנב'ישע „יעלאָו" צום טייוול, קויפן עטלאכע טעקסים און מאכן אַן איינגענע, אמת נענערשע קעב־קאָמפּאַני.

טאם עסט געשמאק די „גרעיווי" און אָטעמט שווער. ער ווייזט שטום אַן מיטן פינגער אַף אַ שטול. דזשעקסאָן זעצט זיך, טאם גיסט אָן אַ גלעזל שנאַפּס פאר דזשעקסאָנען. (טאם באַ זיין גאַנצער קארגשאַפט, האָט זיך ניט געשפּאָרט אַף עסן און טרינקען). דזשעקסאָן טרינקט, פּאַסמאַקעוועט זיך און וויל דערפילן די שארפקייט פון די שנאַפּס.

— אי טאם, דו ביסט ווי די "יעלאָו", נארסט! צופיל „געשניטן", דאָס איז גוט פאר ווייבער. נאַ, פארזוך אמת'ע, אָבער ווער ניט שיכור!

באַ טאמ'ען גלאנצן די אויגן:

— אמת'ע?

דזשעקסאָן שלעפּט אַרויס פון דער הינטער קעשענע אַ קליינע פלעשל מיט אַ פארשטעמפּלטן קאָריק.

— וויפיל קאָסט עס?

— טרעף טאם!

— אַ דרייערל, אודאי?

— אי גוט, עס נעמט!

טאם טרינקט און דזשעקסאָן רעדט...

טאמ'ען געפעלט דזשעקסאָנ'ס פּלאַן, גערעכט! אונזערע זיינען ניט, ווי די ווייסע. אונזערע האָבן נערוון, ווי דראָטן. האָבן ניט קיין צוזאמענשטויסן מיט אַנדערע אויטאָמאָבילן. אין גרעסטן געדראַנג פארלירן זיי ניט זייער קאָנטראָל — די ווייסע, אַלע טאָג... האַלטן זיי אין איין אַריינפאָרן איינער אין צווייטן!

— נעם די צייטונגען, טאם, לייען דורך די כראָניק, וועסט זעלטן ווען געפינען, אַז אַ נעגער זאָל זיך צוזאמענשטויסן...

איבערהויפּט קיצלט אים דאָס, וואָס ער וועט ווערן פּרעזי־

דענט... אזוי ווי מיסטער הילי... אויף רויכערן א גראבן ציגאר... א פופצן־סענטיגן „לא־פאלינא"...

אָבער געלט? די יונגען האבן קיינער ניט אַן אפּגעשפּאָרטן דאָלאר... וואס זיי פארדינען פארלעבן זיי, וואָס מיר באַנק!... אַפילו דזשעקסאָן האָט אויך קיין געלט ניט.

און דאָס אליין וואָלט שוין טאמ'ען ניט אזוי געקימערט. נישקשה, ער האָט קאַפּ, און דאָס וואָס זיין קאָפּ ווייס ניט, ווייס עס זיין אדוואָקאָט. ער וועט שוין די געלט באוואָרענען... אָבער ווי קאָן ער עס טאָן מיסטער הילי'ן? יענער וועט געוויס זאָגן:

— אויך דו, טאָם, אַנטקעגן מיר?! א נעגער בלייבט א נעגער. פּאַקסטו א נעגער באַם האַלדז, דערשטיק אים!

ער האָט אָבער אויך מורא ניט אָנצונעמען דזשעקסאָנ'ס פּלאָן. דזשעקסאָן איז צו קלוג און א מאָדנער. נעמט ער זיך אריין עפּעס אין קאָפּ, וועט ער עס אויספירן. ער וועט שוין קריגן געלט, און ער, טאָם, וועט בלייבן אויסגעשטעלט, און הילי וועט נאָך שרייען:

— טאָם, ווי אזוי האָסטו עס דערלאָזן?!

— ניט געוואוסט, מיסטער הילי!

— ביסט א ליגנער! אַלע נעגערס זיינען ליגנער! דו האָסט א האַנט אין דעם! — — —

* * *

אין דערזעלבער שטאָט האָט געוואוינט נאָך א נעגער. מ'האָט אים גערופן בראַון. ער האָט ניט געוואוינט אין דעם נעגער־געסל. ער האָט געוואוינט צווישן ווייסע. דזשעקסאָן האָט זיך מיט אים געקאָנט. עטלאַכע מאָל באַגעגנט אין סאַלון. ער איז געווען א שיכור, און שיכור'ערהייט האָט ער געהאַט א נאַטור זיך צו שלאָגן. דזשעקסאָן האָט אים אייניגע מאָל א שיכור'ן אוועקגע־פירט מיט דער טעקסי אַהיים. ער האָט געוואוינט אין א קעלער פון א גרויסן אַפּאַרטמענט־הויז.

דער אַפּאַרטמענט האָט געהערט צו א אידישן שניידער, וואָס

האט אליין געוואוינט אין נעגער־געסל און פארקויפט געניצטע אויסגעפרעסטע זאכן. בראון איז געווען אמאל א דזשעניטאר אין א רייך הויז און האט ניט גע׳שיכור׳ט. זיין ווייב, וועלכע ער האט שטארק ליב געהאט, האט אבער איין טאג איינגעפאקט די זאכן און געזאגט:

— בראון, איך וועל מיט דיר מער ניט לעבן. איך ליב דזשולאפן, און איך גיי צו אים!

בראון האט זיך גענומען בעטן:

בעטי, איך וועל דיר קויפן א רויטן הוט מיט א פעדער. צע־פאקעווע צוריק די זאכן!

בעטי איז אבער געבליבן איינגעשפארט. פארן הוט, וואס ער האט איר טאקע באלד געקויפט, איז זי געבליבן אין שטוב אבער נאר איבער נאכט.

בראון האט אריינגענומען אן אנדער ווייב. איינע און נאך דעם א צווייטע. עטלאכע געפרובירט, אבער אין קיין איינע ניט געפונען דאס, וואס ער האט געפילט אין בעטי׳ן...

— עפעס ניט קיין ווייבער!

פון פארדרוס האט ער גענומען טרינקען, דער באלעבאס פון רייכן הויז האט אים אפגעזאגט:

— איך דארף ניט קיין שיכורים...

און דא אין געסל האט ער זיך באקאנט מיטן אידישן שניידער און יענער האט אים געגעבן די שטעלע פון א דזשעניטאר בא אים אין הויז...

בראון האט פיינט געהאט דאס נייע הויז, נאך מער ווי זיינע נייע ווייבער.

אויך מיר אן אפארטמענט־הויז! א טענעמענט איז עס!

איבערהויפט איז בראון זייער בייז בעת ער גייט מיט זיינעם א חבר, א נעגער, אין א גלח׳שן ראק, בעטן נדבות, בא די שכנים.

— גיט עפעס, פאר דער נייער פרעסביטעריאנער „טשווירטש"!

די שכנים, קארגלאכע און ניט קיין רייכע, שמייכלען, אדער בייזערן זיך:

— פארן טשווירטש, צי פארן סאלון?
— איך גיב ניט!
און אז יא, איז עס נאר פענים... אפילו ניט געגוג אף די ליפן צו באנעצן...
דעמאלט שילט בראון און שרייט, לויפט צום שניידערל אין געסל:
— איך ווארף אוועק מיין שטעלע. שכנים, גאט־לעסטערער, וואס גיבן ניט אפילו פאר גאט, וועלן געבן עפעס א דזשעניטאר? גיב מיר מיינע שכירות!
דער שניידער, וואס האט געמיינט באם ארייגקריגן בראונען, אז ער האט געכאפט א מציאה: א דזשעניטאר אן געלט, ווייל א שיכור ווארפט מען בלויז צו עפעס אמאל, און געגוג! — ווערט אליין בייז און זאגט:
— בראון, האסט דאך שוין איבערגענומען אריבער די שכירות!
— ווער, איך? געלט? ווען?...
דער אידישער שניידער, א קלוגער, האט מורא בראון זאל ניט נעמען בארעכענען, שטאפט אים אריין אין האנט אביסל קליינגעלט:
— נא, האסט שוין מער!
בראון וויל ניט נאכלאזן, וויל אויפווייזן, אז ער האט נאך קיין געלט ניט גענומען. אדרבה, זאל מען בארעכענען. עס קיצלט אים אבער אין האנט דאס ביסל געלט, צעשמייכלט ער זיך:
— ביסט א קרוק! — א מאשעניק!
און לאזט זיך אוועק אין סאלון.

* * *

בעטי קומט אמאל צו בראונען. מיט דזשולאפ'ן איז זי ניט „געשטאנען" לאנג. דזשולאפ איז ניט פון די, וואס וואוינען לאנג מיט א ווייב. ער בייט זיי גיך. אים דערעסט א ווייב. עס קאן זיין, ווען בראון האט נאך די שטעלע אין רייכן הויז, קומט זי צו אים אף שטענדיג צוריק. אזוי, פלעגט זי נאר קומען אף

א פּאָר טעג, צונעמען בא בראַונען די עטלאַכע דאָלאַר, וואָס ער האָט פאַרדינט פון רייניגן די פענצטער בא די שכנים און זיך אוועקגיין צוריק אין נעגערשן געסל.

זי האָט אים געהאַלטן אין איין נאַרן:

— וואַרט, בראַון, איך וועל קומען צוריק, נאָך א פּאָר טעג.

* * *

איין אָוונט, ווען דזשעקסאָן האָט געבראַכט בראַונען א שיכער׳ן אַהיים, האָט ער דאָרט געטראָפן בעטי׳ן.

דזשעקסאָן האָט זי עטלאַכע מאָל פריער געזען אין נעגערשן געסל, און אַפילו געטראַכט פון איר:

— א שיינע גלוסטיגע פרוי.

בראַון איז דעם אָוונט געווען שטאַרק שיכור און אין סאַלון זיך געטשעפּעט מיט דזשעק׳ן און יענער האָט בראַונ׳ען צעקלאַפּט די זייטן.

בראַון איז אַריינגעקראָכן אין בעט, נאָר איז אַרונטערגעפאַלן און געבליבן ליגן אַזוי אַף דער ערד...

דזשעקסאָן מיט בעטי׳ן זיינען צוגעגאַנגען, זיך איינגעבויגן איבער אים און פּרובירט אים אויפהויבן.

זייערע הענט האָבן זיך אָנגערירט איינער אָן צווייטן... זיי האָבן זיך איבערגעקוקט... און געלאָזט ליגן בראַונען...

צו וואָס אים אויפהויבן, זאָל ער ליגן!

אין קעלער איז קיינער ניטאָ אויסער בראַונען, וואָס ליגט א שיכור׳ער און שנאַרכעט... אין דרויסן רעגנט... דזשעקסאָן ווישט אָפּ די שויבן, גיט א קוק: די טעקסי שטייט אין דרויסן און פינטלט מיט איר שוואַכע ליכט.

— צום טייוול זאָל זי גיין די „יעלאָו״! מאָרגן וועט ער זי שוין מכּילא שיקן צום שוואַרצן יאָר. דער קאַרגער טאָם האָט זיך דערשראָקן און געגעבן געלט צו קויפן קעבס...

בעטי דרייט אויס די ליכט, צעהירזשעט זיך ווילד... פאַלט

ארויף אף דזשעקסאנען... ער גיט זי א כאפ אין זיינע געזונטע אָרעמס. זי ווערט אזוי לייכט...

בראון כאפט זיך פון גערויש אויף, גיט א הויב די קאפ, לאזט ארויס עפעס א קללה און פאלט צוריק אריין אין א שנארכעריי. —

* * *

די נעגערשע קעב קאמפאני, וואס רופט זיך די „קאלארד פיפלס טעקסי קאמפאני" * איז א דערפאלג. די „יעלאוס" האבן געמוזט זייערע עטלאכע צעבראכענע קעבס פארקויפן אין „דזשאנק". ** אין די „ווייסע" גאסן האט מען די אלטע קעבס ניט געקאנט ארויס־פירן. ניט געלוינט אף זיי אפילו אויסגעבן די פאר דאלאר אף איבערפארבן. זיי האבן פרובירט ארויפלאזן אין נעגער גאס אמת'ע „יעלאוס" מיט נעגערשע טרייבערס, וועלכע מיסטער הילי האט מיט אלערליי קונצן און צוזאגענישן פארנארט...

די נעגערשע יונגען האבן זיך ארומגעזען, איבערגעלאזן די קעבס און אנטלאפן.

— נעגערס סקעבן ניט קעגן נעגערס!

מיסטער הילי איז אליין ארונטערגעקומען אין נעגער־געסל. טאם האט זיך פארבאהאלטן און דזשעקסאן אליין איז געבליבן...

הילי האט גערעדט צו אים, געגעבן קאמפלימענטן און פרובירט אים אריינגנארן...

— קום צו אונז אריבער. מיר קאנען נוצן אזעלכע יונגען.

דזשעקסאן האט גארניט גערעדט, נאר געשמייכלט און זיך נאכדעם הילכיג צעלאכט...

הילי איז געווארן בייז און איז אוועק...

— איך וועל אייך ווייזן, לערנען דרך־ארץ!

טאם איז געווען צעשראקן. ס'האט אים פארדראסן, וואס ער האט באצאלט פאר די טעקסיס. ער האט עס נאר געטאן, ווייל ער האט מורא געהאט, אז דזשעקסאן וועט קריגן דאס געלט באם רייכן

---

* נעגערשע טעקסי קאמפאניע.

** ברוכווארג.

בוטלעגער, דעם נעגער מיידזשאַר, וואָס וואוינט שוין צווישן ווייסע.

טאָם האָט פון קלעמעניש, אַפילו ניט געקאַנט עסן די פּעטע „גרייווי״, וואָס ער האָט אַזוי ליב. זיין פּעטער אויפגעבלאָזענער בויך, האָט גענומען אַראָפּהייגגען און דער פּנים האָט גענומען ווייזן, אַז טאָם איז שוין ניט קיין יונגער, איז שוין אַפילו אַריבער די פופציגער.

מער האָט מען אָבער פון הער הילי׳ן ניט געהערט...

טאָם האָט גענומען איינזען, אַז ער האָט אומזיסט זיך גע־שראָקן, און געזען אין דזשעקסאָנען ניט קיין נעגער פון דער סאַוט, נאָר אַ שוואַרצן הילי... אַ מענטש מיט אַ קאָפּ און מאַרך. — —

און די חניפות, וואָס טאָם האָט פאַר יאָרן־לאַנג צוגעטראָגן הילי׳ן — און צוליב זיין אַוועקגיין פון די „יעלאָוס״ — געבליבן שטיין אין האַלדז און ווי געשטיקט — ניט געוועזן וועמען עס צו דערלאַנגען — האָט גענומען געפינען אַ דערלייזונג טאַקע אין דזשעקסאָנען!

און אפשר לייכטער ווי מיט הילי׳ן, ווייל מיט דזשעקסאָנ׳ען איז טאָם געוועזן נאָענטער, ביידע זיינען אַ גאַנצן טאָג געזעסן אין קליינעם פאַררויכערטן „אָפּיס״.

— דזשעקסאָן, ביסט אפשר מיד, גיי זיך דורך, איך וועל זיצן אין אָפיס. טרויסט מיר אפשר ניט בעטי׳ן... שוין צו אַלט, דזשעקסאָן...

און טאָם לאַכט מיט׳ן אַראָפּגעפאַלענעם בויך, אַז אָפּהאַלט, און עס האָט אויסגעקוקט, אַז ער קאָן זיך ניט אָפּהאַלטן, ווייל ניט ער לאַכט, נאָר דער בויך, און אַז דער בויך בלייבט פון מיד־קייט שטיין, הויבט אָן דער פולער קאָרק זיך צו קייקלען...

* * *

דזשעקסאָן גייט דורך פייפנדיג דורכן געסל. קליינע חברה רינגלען אים אַרום:

— מיסטער דזשעקסאָן, אַ שטיקל „גאָם״! — קיי־צוקערקע.

דזשעקסאָן וואַרפט „גאָם". די חברה שטופּן זיך איינער איבערן אַנדערן, וועלנדיג כאַפּן די „גאָם" און קייקלען זיך אויס אין שטויב... דזשעקסאָן וואַרפט צו נאָך „גאָם" אפן אַנדער ברעג טראָטואַר... און לאַכט.

חברה קליינוואַרג מידע, פאַרסאַפּעטע, הויבן זיך אויף, ווער שטאָלצע און ווער פאַרשעמטע — — אומזיסט זיך געקייקלט...

אָבער אַפילו די שטאָלצע פאַרטרייבן גיך זייער שמייכל און די פרייליכע צאַפּלדיגע אויגן פאַרוואַרפן זיי הינטער די ברעמען און לאָזן זיי אַרויס צוריק אין אומעט און רחמנות באַצויגן:

— דזשעקסאָן, גיב מיר אַ שטיקל „גאָם", גאָרניט געכאַפּט!

דזשעקסאָן לאַכט:

— גנבים'לאַך קליינע, מיר וועט איר ניט נאַרן! דו האַסט געכאַפּט!

— נאַ, באַזוך, כ'האָב גאָרניט געכאַפּט!

און זייערע אויגן ווערן פייכט.

דזשעקסאָן ווערט צעטומלט: ווייסט טאַקע אַליין שוין אויך ניט, ווער, ווער. איז ניט גערעכט גלח בייטמאַן? זיינען די ווייסע קינדער אויך אַזוי קלוג?...

דזשעקסאָן קלאַפּט איבער די קעשענעס, וויל זיי ווייזן, אַז ער האָט ניט מער.

— טו גיב יעדן צו פּעני.

— וויפיל זייט איר?

— צען!

דזשעקסאָן ציילט גיך, גיך... חברה כאַפּן... און ער וויל דערקאָנען נאָכן כאַפּן, ווער האָט שוין געהאַט „גאָם"... און קאָן ניט דערקאָנען...

ערשט באַם אַוועקגיין עטלאַכע טריט, שרייען אים חברה נאָך:

— זעסט, דזשעקסאָן?!

און ווייזן אים די געכאַפּטע „גאָם".

דזשעקסאָן לאַכט און שרעקט זיי מיטן פינגער:

— באָמס! זשוליקלאַך!

אין שענק זיינען געזעסן עטלעכע נעגערס, זיי זיינען געווען שוין אביסל באטרונקען און א פּאָר ווייסע יונגען מיט רויטע צעדראפּעטע פּנים׳ער.

דזשעקסאָנען זיינען זיי אויסגעקומען באקאנט, אבער ער האָט זיך ניט געקאָנט דערמאָנען, וואו און ווען ער האָט זיי געזען...

— ניט אמאָל בא די „יעלאָוס"?

באם צאָל־באנק איז געשטאנען בראון...

דזשעקסאָן האָט גלייך געוואָלט ארויסגיין... ניט זיין חברה. ווידער האָט ער ניט געוואָלט זיך טרעפן מיט בראונען, ווייל ווען ער זעט אים נאָר, ווייניט ער:

— גיב מיר צוריק מיין בעטי׳ן!

אן אנדערס מאָל כאַפּט ער זיך שלאָגן. דזשעקסאָן האָט ניט מורא, מיט איין קלאַפּ פליט ער צוריק. אבער דאָס, וואָס יענער איז שוואך, דאָס לאָזט ניט דזשעקסאָנען מיט אים אין געראנגל ארויסגיין.

— ניט קיין גלייכע פּאָר!

ווידער טוט אים וויי, וואָס בראון וויינט אזוי... מיט בעטי׳ן איז ער, דזשעקסאָן, סיי ווי סיי שוין גאָר פון ווייטן... זי דרייט זיך ארום מיט אן אנדערן. אים ליגט זי איצט ניט אין זינען... אדרבה, זאָל זי גיין צו בראונען. ער האָט עטלעכע מאָל געטראכט מיט איר צו ריידן וועגן דעם, נאָר ער פארגעסט אלעמאָל...

ער האָט שוין געשטעלט א טראָט אף צוריק, אבער ער איז געבליבן שטיין, זיך געשעמט פארן שענקער און פאר די צוויי ווייסע יונגען, וואָס האָבן עס באמערקט, און זיך צעשמייכלט, ווי געזאָגט:

— ער איז א טרוס!

ניין! ער מוז זיי ווייזן, אז ער איז ניט קיין טרוס... א נעגער איז ניט קיין שרעקנדיגער... מעגן זיין ניט נאָר דער שיכור בראון, נאָר אפילו זיי, די ווייסע, אויך קעגן אים... אלע... אלע קעגן אים...

ער גייט צו צום צאַל־באַנק, הייסט אַנגיסן אַ גרויס גלעזל...
דער שענקער, כאַטש אַ נעגער, און איז געווען שטענדיק דזשעק־סאָן׳ס פריינט, האָט זיך צעשמייכלט:

— וואָס איז דער מער, דזשעקסאָן, טרינקסט אַליין, פאַרוואָס הייסטו ניט געבן דיין פריינט בראַון?...

בראַון איז געשטאַנען שיכור פאַר׳חלומ׳ט און געקוקט ווי מיט פאַרגלעזערטע אויגן אַף דזשעקסאָנען.

איינער פון די ווייסע האָט געגעבן אַ שטופּ בראַונען אַף דזשעקסאָנען. דער שטויס איז געווען אַ שטאַרקער און פּלוצלונגער, אַזוי, אַז דזשעקסאָן וואָלט אומגעפאַלן און נאָר דאָס טישל, וואָס איז געשטאַנען דערביי האָט אים אָפּגעהאַלטן... דזשעקסאָן איז געוואָרן בייז, אַראָפּגעוואָרפן דאָס רעקל, געגעבן אַ שפּרונג אַרויף אַף אַ ווייסן און ביידע זיינען געלעגן אַף דער ערד און זיך געקייקלט שלאָגנדיק איינער דעם צווייטן מיט די פויסטן...

דער צווייטער האָט מיט אַ בענקל גענומען קלאַפּן דזשעקסאָנען איבערן קאָפּ, און בראַון האָט שיכור אים גענומען בריקן... און דזשעקסאָן זעט ווי אַ לאַנגער מעסער באַווייזט זיך אין בראַונס האַנט, אַ שאַרפער אַ גלאַנציגער, וואָס רוקט זיך אַזוי פּאַמעלאַך, אָבער אָט־אָט פילט ער אים... ער גיט זיך אַ קייקל אַף צוריק, אָבער דער צאַל־באַנק לאָזט ניט ווייטער...

פון ווייטאָג גיט זיך דזשעקסאָן אַ קרים... גיט אַ ביס די ליפּן, זיין פוס ווערט לויז, ער קאָן מיט איר גלייך אָנטרעפן דעם ווייסן אין די ציין... אָבער זי ווערט אַזוי שווער ווי מיט בליי אָנגעגאָסן אַזוי, אַז זי פאַלט ווי אַ שטיין אַרונטער. — — —

* * *

מעשענע קנעפּ עפּעס אַ סך, וועקן אים, ער הויבט אויף די אויגן. עס איז שווער אין קאָפּ... און זי פאַלט צוריק... אָבער ס׳איז אים איצט גרינגער, קלאָר... ער קאָן אַלץ דערציילן... אָבער וואָס? זיי זאָגן, אַז בראַון האָט געשטאָכן... מסר׳ן

פאַר ווייסע אַ נעגער... און דאָס איז דאָך ניט אינגאַנצן אמת... די ווייסע האָבן דאָך בראַונען דעם מעסער געגעבן, און זיי האָט געווים געשיקט דער גרויסער יחסן מיסטער הילי... זיי וועלן דאָך הילי'ן גאָרניט טאָן... וועט ער זיך נאָך מאַכן נאַריש... דזשעקסאָן האָט מורא טאָמער וועט ער אַ זאַג טאָן, ניט ווילנדיג, אַליין ארויסזאָגן... די מויל מיטן מאַרך אַרבעטן איצט ניט צוזאַמען... ער פאַרסקאַריטשעט שטאַרק די ציין...

— דער נעגער וויל ניט זאָגן...

דזשעקסאָן דרייט זיך אום מיט די לעצטע כחות צום וואַנט... אים אַרט ניט, וואָס ער שטאַרבט... האָט אפילו ניט קיין רחמנות צו זיך... אַזוי דאַרף שטאַרבן אַ נעגער... אים טוט וויי נאָר דאָס האַרץ פאַר טאַמ'ען... ער וועט אַלץ פאַרלירן... און מיסטער הילי וועט לאַכן און לאַכן... און טאַם וועט מוזן מיטלאַכן. — — — —

## „די קאָמישע דראַמאַ"

ער איז געווען אַן אַקטיאָר. ניט קיין „באַרימטקייט". אפילו ניט קיין „שטערן" אין אַ פּראָווינץ־טעאַטער. אינגאַנצן ניט מער, ווי אַ פּשוט׳ער וואָדעוויל־אַקטיאָר, וואָס וואַנדערט פון שטאָט צו שטאָט מיט אַ „נומער", שפּילט אַמאָל אין אַ גרעסערער „מואווי"־הויז און אַמאָל, נאָר אין אַ ברעזענטן־אויסגעצויגענער בויד. קיינער ווייסט ניט און אינטערעסירט זיך ניט צו וויסן זיין נאָמען, אפילו די צוהערער אַליין.

ער איז אָבער ניט אַזוי איינפאַך, ווי ער קוקט אויס. ער איז אַן אַקטיאָר מיט העכערע שטרעבונגען, האַלט זיך פאַר אַ גרויסן טאַלאַנט. אפשר איז ער עס יאָ, נאָר וואָס טויג, יאָ טאַלאַנט צי ניט טאַלאַנט, אַז קיינער באַמערקט עס אפילו ניט. ער איז אַ פאַר־שוויגענער, אַן אַקטיאָר מיט אַ „נומער", ניט מער!

ער האַלט זיך אָבער פאַר אַ גרעסערן טאַלאַנט, ווי דער „גרויסער" אַקטיאָר ריטשי, וואָס איז מיט אים פון איין שטאָט, איז געווען אַמאָל זיין חבר און היינט מאַכט זיך ריטשי, ווי ער קאָן אים אפילו ניט.

אָט וועגן דעם ריטשי, אַ פּאָסט־באַאַמטנ׳ס זונדל, האַלטן די צייטונגען אין איין שרייבן. ניטאָ כמעט אַ מענטש אין לאַנד, וואָס ווייסט ניט ריטשי׳ס ביאָגראַפיע, בעסער ווי זיין אייגענע.

ער, דער אַקטיאָר מיטן „נומער" איז אים ניט מקנא. וואָרים וואָס איז דאָ, אים צו מקנא זיין? ... אַ טאַלאַנטלאָזיגקייט! עס פאַרדריסט אים נאָר, וואָס מענטשן זיינען אַזוי קליינקעפּיג, נעמען אַ גולם און מאַכן עס פאַר אַ גאָט. און וועך? אפילו אַקטיאָרן יונגע, וואָס ווילן אויך ווערן „גרויס" — זיי אימיטירן אים אַזוי פיל, אַז ער, דער אַקטיאָר מיטן „נומער", קומט צווישן אַקטיאָרן, זעט ער ניט קיין מענטשן, נאָר קליינע ריטשעלאַך.

יעדער פון זיי וויל נאָכמאַכן ריטשי׳ן ניט נאָר אין שפּילן.

נאָר אפילו אין לעבן. זיי פירן איבערגעוואַלט ליבעס מיט מייד־לאַך, כדי צו לעבן, ווי ריטשי. און מיט וועלכע! מיט מיאוסע אַלטע מוידן, וואָס גיבן זיך איבער אַליין ניט וויסנדיג, אַז עס איז אַף וואָר:

— אין מיר האָט מען זיך פאַרליבט?

ער, דער אַקטיאָר מיטן נומער, טענה׳עט איין מיט די אַרטיסטן, וואָס מאַכן נאָך ריטשי׳ן:

— וועמען אימיטירט איר? ריטשי׳ן דעם פּאָסט־באַאַמטנ׳ס זונדל! ער איז דאָך אַ טאַלאַנטלאָזיגקייט! אַ שרייער! זיינע ליבעס? עס איז דאָך נאָר אַ צייטונגס־פּליאָטקע. ער קאָן דאָך גאָר ניט ליבן! איך קאָן אים דאָך. פון איין שטאָט, מיינער אַ חבר געווען.

לאַכן אַלע:

— ער, קאָן ריטשי׳ן?!

און ניט בלויז פרעמדע, זייטיגע מענטשן, וואָס קאָנען ניט ריטשי׳ן גלויבן אין די אַלע העלדישע מעשיות וועגן אים. נאָר ער, ריטשי אַליין, האָט זיך שוין אויך איינגעשמועסט, אַז עס איז אַלץ אמת.

איין טאָג האָט ער, דער אַקטיאָר מיטן „נומער", אים באַ־געגנט און אַ זאָג געטאָן:

— העלאָו, ריטשי!

האָט יענער אים מאָדנע אָנגעקוקט, ווי ער זעט אים דאָס ערשטע מאָל. און אַז ער האָט אים גענומען דערינערן דעם אַמאָל, זייער קליין שטיבל, זיין טאַטן, דעם פּאָסט־באַאַמטן — האָט זיך ריטשי צעלאַכט:

— מיין טאַטע אַ פּאָסט־באַאַמטער? איר ווייסט ניט מסתמא מיין ביאָגראַפיע. אַ מיליאָנער געווען, אַ רייכער פלאַנצער אין דער וויטער „וועסט".

האָט דער אַקטיאָר מיטן „נומער" די ליפּן פאַרביסן:

— זאָל זיין אַזוי!

מזל: ביידע פון איין שטאָט, יענער — אַ טאַלאַנטלאָזער

און ער — פול מיט טאלאנט. יענעמס שטערן שיינט און ער דרייט זיך ארום מיט א „נומער", וואס הייסט מיט אזא משונה'דיגן נאמען: „די קאמישע דראמע"!

זיין ביאגראפיע איז דאך ריינער אמת, ווייסט עס קיינער ניט און וויל ניט וויסן! זיין לעבן איז דאך א סך שענער אפילו ווי דאס פאלשע, אויסגעטראכטע פון ריטשי'ן!

אט איז זי:

זיין טאטע איז געווען אן ארעמער נאטארוס, דערצו בא אן ארעמען אדוואקאט אין א קליין פראווינץ־שטאט. פון קליינווייז אויף האט אים, דעם נאטארוס'עס זון, געצויגן צו דער בינע. זיין טאטע, אן ארעמער, א קראנקער, האט אים ניט געשטערט, פאר־קערט, געווען צופרידן מיט דעם. צו ווערן א נאטארוס קאן מען אלע מאל באוויזן — ווידער האט ער געהאפט אליין צו דערהויבן ווערן אפן חשבון פון זיין זון. אט ווי זיין פריינט דער פאסט־באאמטער.

האט דער טאטע פארזעצט זיין רינג און אין א ליי־קאסע גענומען אף אויסצוצאלן צוויי פינף דאלארדיגע און עס דעם זון געגעבן:

— פאר מיין זון און ווער גרויס!

זיין אנשטעל און זיכערקייט אין זיך האט אים, דעם זון, די ערשטע צייט פיל געהאלפן. ער איז שוין געווען אפן וועג צו דערפאלג. אין דער גרויסער שטאט האט ער זיך צופעליג באקאנט מיט א מענטשן, וואס האט געהאט א גרויסע ארויפגעארבעטע „קענדי סטאר", עס פארקויפט פאר א גרויסן פרייז און געטראכט צו קויפן אן אנדער קליינע קענדי סטאר, זי „ארויפארבעטן" און ווידער עס פארקויפן פאר א גרויסן פרייז. דעם צוקערקע־מענטשל איז דער ענין טעאטער ניט געווען פרעמד. צווישן זיינע קונדן זיינען געווען א סך אקטיארן. ער האט געזען, אז זיי זיינען אלע מענטשן, וואס גיבן אוים געלט מיט דער ברייטער האנט. ער האט בא זיי אפט געקראגן פרייע בילעטן. אמת, ער איז קיינ־מאל אין טעאטער ניט געגאנגען, ווייל ער האט ניט געהאט קיין

פרייע צייט. די קענדי סטאָר האָלט צוגעבונדן, ווי אַ קייט אַ בייזן הונט. און טאָמער וואָלט ער שוין צייט, ווי עס איז געפונען, געלאָזט די ווייב אין קראָם, האָט מען אָבער זיינע בילעטן געריסן פון אים. שוין געווען קונים אַזעלכע, וואָס האָבן געצאָלט פאַר די בילעטן נאָך מער ווי דעם פולן פּרייז, כדי צו ווייזן באַקאַנטע, אַז זיי האָבן פרייע בילעטן, זיינען גאַנצע מאַכערס אין טעאַטער.

דאָס ביסל אויבנאויפיגע באַקאַנטשאַפט מיט טעאַטער־מענטשן, איז פאַר אים געווען גענוג צו דערגיין, אַז טעאַטער איז אַ גוטער געשעפט, בעסער ווי אַ צוקערקע־קרעמל. מענטשן וועלן אַמאָל ניט דערעסן, אַבי אין טעאַטער צו גיין.

ער האָט זיך באַקאַנט מיטן אַקטיאָר מיטן „נומער“, טאַקע דעם לעצטן טאָג איידער ער האָט איבערגעגעבן דעם קענדי סטאָר צום נייעם קרעמער.

ער, דער צוקערקע־קרעמער, וואָס האָט שוין אין זיין לעבן געזען אַקטיאָרן אַלערליי, הויכע, ברייטביינעגע, שמאָלע, לאַנגע און נידעריגע, בייכיגע, קעפּ גלאַטע און קעפּ באַטשופּרינעטע, האָט נאָך אַזאַ הויכן, ברייטביינעגן און באַטשופּרינעטן קאָפּ ניט געזען.

זיין אויג האָט גלייך דערזען, אַז דאָס איז אַן אַקטיאָר פון ערשטן ראַנג. ניט עפּעס אַן אַקטיאָרל. ער האָט זיך מיט אים צערעדט. יענער האָט אים דערציילט, אַז ער גייט זיך פאַרדינגען צו אַ טעאַטער. איז דעם צוקערקע־מענטשל איינגעפאַלן אַ געדאַנק: פאַרוואָס זאָל ער אַליין ניט עפענען אַ טעאַטער? צו וואָס דאָס געלט ווידער אַריינפּאַקן אין אַ קראָם, וואָס ווער ווייסט, צי מען וועט איר קאָנען אַרויספאַרבעטן, צי ניט?

קיין נאַר איז דער צוקערקע־מענטשל ניט געווען. ער האָט אין זיין לעבן ניט געקויפט קיין צוקערלאַך, ווי גוט זיי זאָלן ניט האָבן אויסגעקוקט, סיידן ער זאָל עס פריער ניט פאַרזוכן. האָט אויך דאָ זיך אַ כאַפּ געטאָן, זאָל דער גרויסער אַקטיאָר אים באַווייזן, וואָס ער קאָן, ווייזן די סחורה...

זיי זיינען ביידע אַרונטער הינטערן צוקערקע־קרעמל, אין אַ קליינעם, פינצטערן צימערל, וואו עס זיינען געלעגן די ליידיגע

שאכטלען. דער לאנגער אקטיאָר האָט צו אים אַ זאָג געטאָן:

— דו וועסט זיין די באַטריגערישע ווייב.

דער צוקערקע־מענטשל האָט געשמייכלט.

צום אָנהויב איז עס געגאַנגען גלאַטיג. ער, דער אַקטיאָר, איז געפאַלן צו אים (איר) אויף די קני, געבעטן זיך בא אים (איר) מיט אַ וויינענדיגער, בעטנדיגער שטים, ער (זי) זאָל זיין גוט צו אים, האָבן רחמנות אויף אים און קומען צוריק... ער וועט פאַר איר אויסבויען גרויסע מאַרמאָרנע פּאַלאַצן.

אים, דעם קרעמערל, איז נאַטור אַ ווייך־האַרציגער, האָט פון די בעטנדיגע ווערטער דאָס האַרץ פאַרדריקט. און דערהערט נאָך דערצו מאַרמאָרנע פּאַלאַצן, האָט ער געוואָלט גלייך אַ געשריי טאָן:

— יאָ, איך גיי צוריק!

נאָר אַרומזעענדיג זיך, אַז עס איז בלויז טעאַטער, ער איז דאָך ניט קיין ווייבל, — האָט ער זיך פאַרשעמט און איז שטיל געבליבן.

מיטאַמאָל גיט ער, דער גרויסער אַקטיאָר, אַ דונער מיט אַזאַ גראָבער באַסאָווער שטים:

— גייסט ניט, פאַררעטערן, אַ טויט צו דיר!

ער האָט אים געגעבן אַ כאַפּ פאַרן האַלדז און גענומען שטיקן. נאָר ווי שטיקן, אַז די צונג איז שוין באַם צוקערקע־מענטשל געווען אַרויסגעשפּרונגען. ריידן האָט ער ניט געקאָנט און זיך געצאַפּלט מיט די פיס, ווי אַ פיש אויף אַ ווענדקע.

צום גליק האָט דער גרויסער אַקטיאָר אים באַלד אָפּגעלאָזן. ס'האָט אים טאַקע ווייי געטאָן אין האַלדז און ער האָט געטראַכט צו כאַפּן עפּעס און געבן אים אין קאָפּ. נאָר ער האָט זיך גלייך אָפּגעהאַלטן: געשעפט איז געשעפט. דערזען מיט זיינע קלוגע אויגן, אַז ס'איז טאַקע דער אמת'ער גרויסער אַקטיאָר. ווי קומען יענע צו אים — אַז ער שטיקט איז עס געשטיקט. מ'קאָן דאָ רייך ווערן פון אים און מען וועט זיך פאַרגינען ניט בלויז צו פאַרקויפן צוקערלאַך, נאָר טאַקע אַליין עס צו עסן. אַריינגיין

אין א קענדי סטאָר מיט א ציגאַר אין מויל, א זאָג טאָן ברייטלאַך:

— היי, גיב מיר א שאַכטל צוקערלאַך.

דער קרעמער וועט אים ווייזן, מיט יראת־הכבוד זיינע סחורה. ער אָבער וועט מאַכן אַן אומצופרידענע מינע:

— איך וויל פון די אמת׳ע. א פינף־דאָלאַרדיגע שאַכטל. מיין געליבטע קריגט א קראַנקן מאָגן פון ביליגע שאָקאָלאַדקעס.

זיי גייען אריין אין סטאָר. באַם גרויסן אַקטיאָר שיינען די אויגן. באַ אים, דעם צוקערקע־מענטשל, אויך. עס איז אים קלאָר, אַז ער וועט שוין מער קיין צוקערקע־קראָם ניט דאַרפן זוכן, נאָר ער איז דאָך ניט קיין מיידל, ער, א דערוואַקסענער מענטשל, וועט זיך דאָך ניט גיין איבערטאָן פאַר א מיידל.

דער גרויסער אַקטיאָר לאַכט:

— איך האָב אייך מער ניט ווי אָנגעוויזן. מיט א מיידל וועט עס אויסקומען נאַטירלאַכער, לעבעדיגער. און אַזאַ מיידל האָב איך!

— יאָ, איך האָב! אין האָטעל, וואו איך שטיי איין, אַרבעט א מיידל. זי האָט טאַלאַנט, נאָך קיינמאָל ניט געשפּילט. מיין מבינה׳שע אויג זאָגט מיר, אַז זי האָט טאַלאַנט, האָט פּיס שיינע און א קערפּערל א גלייכן, ווי א סטרונע און א שטים א זיסע, א לירישע.

דער קרעמערל האָט דאָ דערזען גאָט׳ס האַנט אַליין. כמעט א מעשה אַזאַ, ווי ער האָט ניט לאַנג געלייענט אין א פינף סענטיגן ביכל: א מענטש אַן אָרעמער האָט זיך אויפגעטראָפן מיט א פרעמדן מענטשן און יענער האָט אים געפרעגט, צי ער האָט ניט אַמאָל א צען־דאָלאַרדיגן צו אַנטלייען, מיט פאַרזיכערונג אים אָפּצוגעבן אין צען טעג צייט א גאַנצן טויזנטער. דער אָרעמער מענטש האָט ניט געוואָלט געבן, סיידן ער זאָל אים זאָגן, וואָס ער גייט מיטן צענערל טאָן. דער פרעמדער האָט זיך געקוויינקלט און האָט אים סוף־כל־סוף דערציילט, אַז ער האָט א גאָלד־גרוב אַנטדעקט, נאָר אים פעלט אויס געלט אָף רידלען און דינאַמיט. ער האָט אים אָבער אַנדערש ניט אַנטליען, סיידן אָף „פיפטי־

פיפטי״: — א שותפות! מ׳האט די גאלד געפונען און היינט זיינען זיי ביידע מיליאנערן. טו פארוואס זאל זיך מיט אים ניט קאנען טרעפן דיזעלבע מעשה...

זיי האבן א טעאטער געדונגען. דער צוקער־מענטשעל האט זיך מיט ווייב און קינדער ברייטלאך צוזעצט אף די ערשטע שטולן. זיין נאמען איז געשטאנען מיט גרויסע אותיות אף די גרויסע, לאנגע אפישן: „דער באקאנטער פראדיוסער מיסטער דזשאלי פרעזענטירט דעם גרויסן דראמאטישן ארטיסט״. דער קרעמער איז געווען צופרידן, גליקלאך. דער גרויסער אקטיאר האט די מיידל געשטיקט אזוי אומ׳רחמנות׳דיג, אז ער, דער קרעמער האט געמיינט, אז זי וועט שוין קיין לעבעדיגע ניט ארויס, נאר אף דער פערטער נאכט האט מען שוין דעם אקטיאר מער ניט געלאזט שטיקן זי, ווייל די טעאטער־טירן זיינען געווען צוגעמאכט. דער באלעבאס פון טעאטער האט געוואלט דאס דירה־געלט פאר־אוים און ער, דער קרעמערל, האט ניט געהאט.

וואו די געלט איז אהינגעקומען האט דער קרעמערל ניט געקאנט באגרייפן, דוכט זיך, גוט געשטיקט! דער סוף איז געווען, אז דער קרעמערל איז דיזעלבע נאכט באגאנגען זעלבסטמארד.

דער גרויסער אקטיאר האט זיך מיט דעם דערפרייט. איצט וועלן אים די קריטיקער דערזען. קיין צו גרויסער גלויביגער איז קריטיקער איז דער אקטיאר מיטן „נומער״ ניט געווען. ווען זיי האט ער געהאט זיין ווערטל: „א קריטיקער איז ניט קיין האן. ער דערפילט ניט קיין טאלאנט בעת ער איז נאך ניט רייף, ווי א האן דעם פרימארגן, ווען עס איז נאך פינצטער. ער איז גיכער ווי א קאץ, וואס מאכט זיך גע׳פגר׳ט, שלאפנדיג. ערשט, ווען די מויז איז נאענט באם פיסק, גיט זי זיך א כאפ ארויף אף איר. אזוי איז א קריטיקער, ווען דער עולם דערזעט שוין, קומט דער קריטיקער און צעעפנט די אויגן אזוי, ווי ער וואלט אים שוין פון פריער, לאנג, לאנג געזען״...

נאר דא אזא טומל. דער בארימטער פראדיוסער איז באגאנ־גען זעלבסטמארד. מ׳מוז אים איצט דערזען. מ׳האט טאקע

דערזען, אָבער ניט אים, נאָר די מיידל, וועלכע האָט געוואָשן די געפעס אין האָטעל און וועלכע ער האָט אַנטדעקט, חתונה געהאַט מיט איר, און מיט מאַטערניש איר אויסגעלערנט די ראָל.

איר בילד איז שוין געוואָרן אויסגעהאָנגען אַף גרויסע אַפישן. צייטונגען האָבן געשריבן וועגן אירע אויגן און אַפילו וועגן אירע קלוגע רייד און אים גאָרניט דערמאָנט... עפּעס פאַרבייגייענדיג האָט אַ צייטונג אַ זאָג געטאָן, אַז אַן אומבאַדייטענדיגער אַרטיסט האָט איר געוואָלט אויסנוצן, נאָר צום גליק פון טעאַטער האָט זי זיך פון זיינע הענט אויסגעדרייט...

דער אַקטיאָר מיטן „נומער" האָט גלייך דערזען, אַז קיין ריטשי וועט ער שוין ניט ווערן, אַז באַ אַזאַ גוטער געלעגנהייט, ווי אַ מעשה מיט זעלבסטמאָרד, האָט מען אים ניט דערזען, וועט מען אים שוין קיינמאָל ניט דערזען... ער האָט אַפילו געהאַט נאָך אַ געלעגנהייט. עפּעס אַ טעאַטער־באַלעבאָס האָט אים געוואָלט דינגען מיטן תנאי, אַז אַף די אַפישן זאָל שטיין אויפגעשריבן: „דער גרויסער אַקטיאָר, דער געוועזענער מאַן פון דער באַרימטער אַרטיסטן". ער איז אָבער אַף דעם ניט איינגעגאַנגען. דער אמת'ער „ריטשי" אין אים, וואָס ער האָט געהאַט, צי געמיינט אַז ער האָט, האָט עס ניט דערלאָזן, אַז ער, דער גרויסער טאַלאַנט זאָל אויפלעבן דורכן זכות פון דער נאַרישער דינסטמיידל, וואָס ער, דער טאַלאַנט, האָט פאַר אַן אַרטיסטן געמאַכט... און זי וויל פון אים אַפילו ניט וויסן... שעמט זיך מיט אים...

זיין טאַטע, דער אָרעמער נאָטאַרוס, האָט מער ניט געהאַט וואָס צו פאַרזעצן, און אפשר האָט ער זיך שוין מיאש געווען. דערזען, אַז ער איז געווען גערעכט זיינע אַלע זעכציג יאָר. אַקט־יאָרסטוואָ איז ניט קיין באַשעפטיגונג, און ער האָט מער ניט אָנגעהויבן צו האַלטן פון דעם. אַי וואָס עס האָט אָפּגעגליקט זיין קירכע־חבר, דעם פּאָסט־באַאַמטנ'ס זונדל. איז עס ניט קיין ראיה. מאַלע וואָס אַ מענטשן טרעפט אַ גליק. אָט זיינען דאָ נאָטאַרוסן אויך גבירים! — האָט ער אים מער קיין געלט ניט געשיקט.

באַם אַקטיאָר מיטן „נומער" האָבן זיך די שיך מיטן אנצוג

געבעטן אף נייע, כאטש גענוצטע, אבער גאנצע — האט ער זיך פארדונגען צו א וואדעוויל־קאמפאניע.

נאר דא האט ער אויך ניט אפגעלאזן די קונסט. ניט זינגען און טאנצן אליין. א דראמאטיש שטיקל אין מיטן. זיין אויס־רעכענונג איז געווען אריינצושמוגלען דא זיין טאלאנט. אפשר וועט דער עולם אים דאך דערזען אין — וואס די דירעקציע האט א נאמען געגעבן די „קאמישע דראמע".

ער האט געטאן אזוי: איז ארויסגעפארן מיט עטלאכע וויצן, האט געזונגען אביסל פריילאכס און איז מיטאמאל גלייך אריבער צו שטארקער דראמע... טאקע מיט דער מעשה פון א באטריי־געריש ווייב.

ער פארגייט אלץ ווייטער אין דראמאטישע הארצרייסנדיגע מאמענטן. ער שרייט, וויינט, בעט זיך מיט א צעבראכענער שטים:

— מיין געליבטע ווייב, קום צוריק...

בא אים אליין הויבט אזש אן דאס הארץ צו קלעמען, אים דוכט זיך דענסמאל, ווי זי, זיין ווייב, די בארימטע ארטיסטן, שוועבט אין טעאטער־רוים, א לאכעדיגע א שפאסיגע. עס שטייפן זיך אים אויף די קולאקן... ער שרייט ניט, נאר ברילט, ווי א לייב אין פוסטן וואלד.

— א טויט צו דיר, באטריגערן!

און דא דערזעט ער מיטאמאל — דער עולם לאכט...

ער לויפט צו די מוזיקער מיט א פארכאפטן אטעם:

— ממזרים, וואס איז עס, קאמעדיע? גענוג מיט דזשעז! אביסעלע בעטהאווען!

צערילצן זיך נאך שטארקער די מוזיק־אינסטרומענטן און דער עולם צעגייט זיך נאך שטארקער אין לאכן...

— געוויס, ער איז גערעכט... וואס איז דא א קאמעדיע?... ווערט א שפיל א שיינע, טאקע א קאמישע דראמע, ווי די דירעקציע רופט עס אן...

ער בלוטיגט און — דער עולם לאכט...

# אַ פרעמד לעבן

דער איד, דער רעפּובליקאַנער פּאָליטישן און גרויסער באַנקיר, — יוליאוס פּייזער — ברעכט זיך דעם קאָפּ גאַנצע טעג אויסצוטראַכטן עפּעס אַ שטאַרקע פּלאַטפאָרמע פאַר די מעיאָר־וואַלן, און קאָן ניט אויסטראַכטן. עס איז אים געגאַנגען אין לעבן צו ווערן אַ מעיאָר.

— אַ גאַנץ לעבן געהאָלפן אַנדערע אַפן ביינקל זיך אַרויפצוזעצן, פאַרוואָס ניט אַמאָל זיך אַרויפזעצן אַליין?

נאָר אָן אַ וויכטיגער, קלינגענדער לאָזונג קאָן ער זיין קאַנדידאַטור ניט אַרויסשטעלן. ער וויל נאָר אַזאַ, וואָס זאָל זיכער נעמען דעם עולם. מ'זאָל פון אים נאָר ניט לאַכן, און זאָגן:

— אַנדערע קאָן ער טאַקע יאָ אַרויפזעצן, נאָר זיך ניט!

און קלוגע וועלן נאָך צוגעבן:

— אַנדערע האָט ער אויך ניט געקאָנט. עס האָט זיך נאָר אויסגעדוכט, אַז ער איז דער אַרויפזעצער. ווי לאַנג לעבן ניט די שונאים עס צו זאָגן. — —

און שונאים האָט ער אַ סך. ווער ניט? — אַלע! די מיידלאַך פון באַנק און קראָם — זיי האָבן אים פיינט, ווייל ער שרייט און ליאַרעמט אָן אַ פאַר־וואָס און אָן אַ פאַר־ווען. שעמט זיך אַפילו ניט צו באַהאַלטן הינטער די טירן און זיך צוהערן, וואָס די מיידלאַך רעדן פון אים און אַריינקומען אין סאַמע דרינען.

מיסטער מאָנראָ, אַ הייזער־סוחר, וואָס שטאָט האַלט אים פאַר אַ רייכן, ווייל ער פירט זיך ברייט, האַלט אַ שאָפער, און אין דער אמת'ן ליגט ער בײַ יוליאוס'ן אין האַנט. אַלץ וואָס ער פאַרמאָגט, איז פאַר'משכּנ'ט בײַ יוליאוס'ן.

סיי מאָנראָ, סיי יוליאוס ווייסן, אַז ער, מאָנראָ, וועט זיך

ניט ארויסדרייען. עס וועט סוף־כל־סוף אלץ מוזן איבערגיין צו יוליאוס׳ן, און ווערן, ווי א סך אזעלכע געוועזענע גבירים, וואס מאטערן זיך מיט זייער „אמאל״, צו פארקויפן אינשורענס.

מאנראו, אז ער טרעפט אן יוליאוס׳ן, שמייכלט ער צו אים פריינטלאך, דריקט אים די האנט מיט שמחה. אמאל אבער קוועטשט ער יוליאוס׳עס האנט אזוי שטארק, אזש ביז ווייטאג... יוליאוס׳ן דוכט זיך דעמאלט, אז מאנראו האט פארגעסן די ראל און שפילט זי גאר מיט אן אמת... צו קוועטשן טאקע, מיינט ער... יוליאוס וועקט אים אויף:

— מיסטער מאנראו, איך דענק, אז אייער לעצטער וועקסל איז שוין אריבער די צייט.

מאנראו לאזט אים אפ די האנט, צעקרימט זיך קריינקלאך... כאפט זיך, אז עס לוינט ניט צו ווייזן דעם אידן דעם גאנצן נאקעטן אמת, מאטערט ער זיך צוריקצושמייכלען, און קאן מער ניט ארויסקריגן, ווי א קליינעם דראבנעם שמייכל אין די ליפן־ווינקלען...

— נישקשה, מיסטער פייזער, איך וועל אים צאלן. פאר מיינע נייע הייזער באט מען מיר א גרויסן ריוח, נאר ניט גרויס גענוג ווי איך באדארף קריגן...

יוליאוס בורטשעט הינטערן נאז: בארימעריי, ריוח, דעם קרן ניט ווערט... מיט שאפערס פארט ער, ניט ווערט א פעני —

מאנראו בייסט די ליפן פון כעס, און די פויסטן שטייפן זיך אויף בא אים...

ניט בלויז מאנראו און נאך אזעלכע, מיט וועמען יוליאוס פירט געשעפטן, און דרייט מיט זיינע אדוואקאטן אזוי, אז צום סוף גייט זייערעם אלץ־מיט־אנאנדער אריבער צו אים — האבן אים פיינט. אפילו מענטשן זייטיגע, אויך אויפגעקומענע, ווי ער, נאר ניט אזוי גרויס, ריידן מיט גאל און ביטערניש וועגן אים. זיי ווילן דעם „אנהויב״ ניט פארגעסן און פארגרעסערן עס נאך טויזנטער מאל מער:

— געקומען אַן אָרעמער יונג, זיך אַרומגעשלעפּט מיט פֿאַלשע זייגערלאַך, און איצט אַן אמת'ער מיליאָנער — —

די איינציגע פֿריינט זיינע זיינען די אָרעמע, פֿאַרפֿינצטערטע מענטשן פֿון שטאָט. אַליין האָבן זיי געאַרבעט ביז צום שוויצן און זיך גאָרניט אַרויפֿגעאַרבעט — שטעלן זיי זיך צופֿרידן מיט דעם, וואָס כאָטש איינער אַזוי ווי זיי האָט זיך אַרויפֿגעאַרבעט...

— אַליין זיך אַרויפֿגעאַרבעט. אַ מענטש מיט מאַרך... איך געדיינק אים נאָך, ווי ער האָט געפּעדלט, ווי איך, מיטן פֿערד און וואָגן.

אָבער אַט די אָרעמע מענטשן, אַז זיי וועלן זען זיין דורכפֿאַל, וועט ער זייער פֿריינטשאַפֿט אויך פֿאַרלירן... ער וועט אויסקוקן באַ זיי, ווי יענער טשעמפּיאָן, וואָס מיט אַ נאַכט פֿאַרן גרעאַנגל האָבן זיי אים אַזוי געליבט, און נאָך זיין מפּלה, כמעט ווי אָפּגעלאַכט...

ווייל עס איז ניט קיין ליבע, נאָר באַוואונדערונג, און מפּלה שאַפֿט אָפּ די באַוואונדערונג...

נו, וועט ער, יוליאוס, גיין איינשטעלן אַלץ־מיט־אַנאַנדער? אַט, ווען ער האָט אַ שטאַרקע „פּלאַטפֿאָרם"... דעמאָלט וואָלט ער אפשר איינגעשטעלט.

* * *

און איין פֿרימאָרגן גיט אים פּלוצים אַ בליציגער שיין אין מח: עס איז דאָ... ער האָט די לאָזונג... אַזאַ נייער צוציענ־דיגער... ער האָט אים אַזש מורא פֿון מויל אַרויסצוזאָגן, עס זאָל זיך ניט אָפּנוצן.

וואָס מער ער טראַכט פֿון אים, אַלץ גרעסער און שטאַרקער קוקט עס אים אויס, אַזוי, אַז ער קוקט איצט אָף דעם געגנער'ס לאָזונג כמעט מיט רחמנות: זיינע אַזאַ שטאַרקע... און יענעמס אַזאַ שוואַכע... עפּעס גאָר ניט קיין גלייכע אפילו צום גרעאַנגל. ער, יוליאוס, האָט אפילו פֿיינט זיך צו ראַנגלען מיט שטאַרקע, נאָר ער האָט ליב, זיי זאָלן אויסקוקן כאָטש אויבאויפֿיג שטאַרק, אַזוי, אַז מענטשן זאָלן נאָכהער זאָגן:

— איר זעט, יוליאוס האָט געזיגט!

און ער וועט קאָנען לאַכן:

— טפּשים!

זיין „לאָזונג" איז דאָך אַזוי שטארק. אַלע קאָנען עס זען. מ'דארף אפילו ניט זיין קיין קלוגער דערצו.

אָט איז זיין געגנער לארסאָנ'ס לאָזונג:

— „אַן ערלאַכע אדמיניסטראַציע".

עס איז דאָך גאָרניט געזאָגט. עס איז דאָך מער ניט געזאָגט, אַז עס איז ניטאָ וואָס צו זאָגן. וואָס הייסט אַן ערלאַכע אדמי־ניסטראַציע? קאָן עס דען זיין? אַ מעיאָר צו ווערן קאָסט געלט, און אַ סך. ניט יעדער קאָן עס באהויפּטן. כאָטש מען איז זיכער, אַז מ'נעמט דאָס געלט ארויס... ווען געזעץ דערלויבט, עפנט ער באַ זיך אין באַנק אַן אָפּטיילונג, וואָס וואָלט פארקויפט: מעיאָר, שעריף, פּאָליציי און גאַס־קערער, „טיטולן" אַף אויס־צאָלן, אָט ווי ער פארקויפט לויות באַם לעבן. אַ לויה מיט אַ פּראָסטער הילצערנער טרונע, און נאָר זעקס „פּאָרדס" פאַר פריינט צו באַגלייטן — צוויי דאָלאַר אַ חודש, אַ לויה מיט אַ שיינער טרונע און צען גרויסע אויטאָמאָבילן פאַר פריינט מיט אַ גלח דערצו — דריי דאָלאַר אַ חודש. אַזוי אויך מיט די שטעלעס. פאַר אַ מעיאָר מערער, פאַר אַ פּאָליציימאַן ווייניגער, און אַזוי ווייטער.

נו, איז עס אַ פּלאַטפאָרם? אַן ערלאַכע אדמיניסטראַציע? און יוליאוס גרויסט זיך אין הארצן מיטן „איד", וואָס ער האלט אים אַזוי פיל יאָרן פארשלאָסן טיף אין זיך! —

— אַ גוי, אַ טיפּוש, דער לארסאָן, האָט ניט קיין מארך.

אָט מיין לאָזונג:

— אַ נייעם מיליאָניגן „סיטי האָל" פאַר'ן שטאָט.

און דאָס איז נאָך ניט אַלץ, קוועלט דזשוליאוס פון זיין טייערן איינפאַל. אונטערן לאָזונג וועט קומען נאָך איינער, וואָס איז אייגנטלאָך אַלץ דערזעלבער, נאָר וועט מאַכן קלאָרער, שטארקער דעם ערשטן:

— „מיר מוזן איבערשטייגן קייזי״!

קייזי, דאָס איז טאַקע אַ שטאָט, אַ שכנה פון אויגאַסטא, וואו יוליאוס פייזער וואוינט. קייזי, הגם זי האָט זיך אויפגעבויט אין דערזעלבער צייט, ווי אויגאַסטא, איז זי אָבער רייכער, האָט מער פאַבריקן, מער גבירים און גרעסערע. מאַטערט זיך אויגאַסטא מיט אַלע כחות צו דעריאָגן קייזי. נעמט זי שטייערן גרויסע אפילו פון אָרעמע, און צאָלט ביליגע אַרבעטס־געלט, באַשטראָפט גרויס, ווען עס מאַכט זיך, אַז עמיץ האָט זיך פאַרטרונקען מיט „מון־שיין״. ווערן טאַקע די פאָר גבירים רייכער, קאָנען זיך שוין באַלד פאַרמעסטן מיט די קייזיער גבירים, נאָר קיין גבירים אין צאָל קומען ניט צו. די אָרעמע מענטשן ווערן נאָך אָרעמער, ווייל נאָר זיי טרינקען „מון־שיין״ — די רייכע, די גוטע משקה־טרינקער, האָט נאָך די פּאָליציי ניט „געקאָנט״ כאַפּן. — און אַרבעטס־געלט קריגן זיי מיט יעדן יאָר ווייניגער. מ׳דאַרף דאָך איבערשטייגן קייזי.

איצט האָט יוליאוס פייזער דעם ריכטיגן מיטל, ווי איבער־צויאָגן קייזי — אַ נייעם מיליאָניגן שטאָט־זאַל. וועט עס זיין געשאָסן צוויי האָזן מיט אַמאָל. קייזי האָט אַן אַלטן שטאָט־זאַל, קוקט אויס ווי אַ שטאַל, אָדער די הויז פאַר די קנעכט באַ אַ רייכן פּריץ. און ווידער וועלן מענטשן האָבן אַרבעט, ווי אין קייזי... מ׳וועט בויען דעם שטאָט־זאַל. — — —

* * *

דזשאַנסאָן, יוליאוס פייזער׳ס שוואַרצער שאָפער, האָט אַ גאַנצן באַגינען געוואַשן דעם לימאָזין. היינט זיינען די וואַלן. ער איז צופרידן. זיין שטים גיט ער אַוועק פאַר יוליאוס פייזער׳ן מיטן גאַנצן האַרצן. דער ערשטן מאָל אין לעבן אַזוי באַוואוסטזיניג אַוועקגעגעבן אַ שטים. אַלע מאָל האָט ער עס געגעבן פאַר יענעם, וועמען דער גלח אין קלויסטער, האָט געהייסן, צוזינגענדיג דערביי אין אַ מוסר־טאָן:

— איר אויסגעוויילטע, טונקל־הויטיג פאלק, דארפט ניט פאר־געסן לינקאלן, דעם דערלייזער, וואס איז א רעפובליקאנער געווען...

היינט גיט דזשאנסאן זיין שטים זיין באלעבאס יוליאוס'ן... ניט ווייל ער האט ליב יוליאוס'ן, וואס בייסט תמיד די ליפן און שרייט, נאר ווייל ער וויל אליין אויך דערהויבן ווערן. אט זיינע חברים, אויך שאפערס, ניט אזוינע גוטע, ווי ער, וואס האט נאך קיין מאל אין לעבן ניט אריינגעפארן אין עמיצנס אן אויטא־מאביל, — זיי ווערן דערהויבן. זיי דינען א פשוט'ן מיסטער. אט נאר א שאפער בא א מיסטער, און מיט אמאל ווערן זיי דעם מעיאר'ס שאפער. האלטן „מון־שיין" אין די פאקעטס, און פאליציי האט שוין פאר זיי מורא, זיי זאלן ניט וואַרפן אמאל א שלעכט ווארט פארן מעיאר, לאשטשען זיך נאך צו זיי. און ער, דזשאנסאן, תמיד נאר א שאפער פון א מיסטער... איצט וועט ער זיין אויך א שאפער פון א מעיאר... ער וועט ניט מורא האבן פארן „טראפיק"־פאליציסט און וועט לאזן די „עקזאסט" ברייט אפן, זאל דער אויטאמאביל רוישן...

שטייט ער מיטן אויטאמאביל באם סאמע אריינגאנג פון שטאט־זאל, אויסגעשטעלט אזוי, אז דער פראנט פון אויטאמאביל איז ארויסגערוקט; זאלן אלע אים זען... דעם שאפער פון מעיאר. — — —

ער האט זיך אזוי פארטראכט, פארפאנטאזירט וועגן זיך, ווי ער וועט דאס זיין דער שאפער פון מעיאר. שוין געטראכט אויסצוקלייבן אן אנדער שענערע מיידל, און האט ניט באמערקט, ווי יוליאוס פייזער איז אריין אין אויטאמאביל.

— העי, דזשאנסאן, פאר, צום טייוול!

דזשאנסאן האט, צעשראקן, זיך אומגעקערט. די אונטערשטע ליפ איז אים געבליבן הייגנען א ציטערדיגע. מיט רעכט האט ער זיך אלע מאל בארימט, אז זיין באלעבאס און דעם הונט דערקאנט ער אן זייערע אויגן...

ער האט דערקאנט, אז קיין שאפער בא א מעיאר וועט ער שוין ניט זיין. בא יוליאוס פייזער איז די הויכע אדלערדיגע נאז, וואס

ער האָט זיך שוין אַזוי איינגעוואוינט צו זען זי איינגעצויגן, איז דאָס מאָל געווען אַרונטערגעלאָזן. דזשאַנסאָן האָט עס שוין אַמאָל געזען, ווען דער באַנקראָטירטער אייזן־פאַבריקאַנט, דזשערי, האָט אים, יוליאוס׳ן גערופן: מיאוסער איד. דעמאָלט האָט זיך יוליאוס׳עס נאָז אויך אויסגעצויגן, נאָר עס איז ניט געבליבן שטיין אַף איין אָרט, איז געגאַנגען הין און צוריק. דזשאַנסאָנ׳ען האָט עס דערמאָנט אָן אַ יאָזשיק חיה׳לע, בעת מען גיסט אַף איר וואַסער. היינט איז אָבער די נאָז געווען לאַנג אויסגעצויגן און שוין אַפילו ניט פּרובירט זיך איינציען, טאַקע אויך, ווי באַ אַ יאָזשיק, נאָר באַ אַ טויטן... ער האָט אים אויסגעקוקט, ווי דער איד פון צוקערקע־קראָם, וואָס איז אַ פּיצינאָנציקער און האָט אַ לאַנגע נאָז, און ער, דזשאַנסאָן, האָט זיך ליב צו טשעפּען צו אים, בעת ער איז שיכור׳לאַך.

— וואָס זיך פאַרטראַכט? פאָר!

— וואוהין, הער?

— אַף קייזיער וועג!

אַרויסגעזאָגט האָט יוליאוס די ווערטער סתם אַזוי. עס האָט אים געקאָנט איינפאַלן אויך אַן אַנדער וועג, אַזוי גוט, ווי קייזיער וועג. ער האָט ניט געהאַט קיין ציל. ער פאָרט, ווייל ער האָט ניט וואו צו פאָרן. יוליאוס, וואָס האָט אַזוי פיל הייזער, כמעט יעדע הויז אין שטאָט „ליגט" באַ אים אַ פאַרשלאָסענע אין אייזער־נעם שראַנק, האָט דערפילט, אַז ער האָט ניט אַוואו צו פאָרן. אַ סך הייזער זיינע, און קיין איינע ניט זיינע... אָט באַ אים אין שטוב, צימערן זיך צו פאַרטומלען. ער אַליין פאַרבלאָנדזשעט אַמאָל דאָרט, און ער קאָן איצט דאָרט ניט קומען. ער לעבט אַ פרעמדן לעבן... דאָרט דרייט זיך אַרום די בלאָנדע שיקסע, וואָס איז כלומר׳שט זיין צווייטע פרוי. אַז מענטשן קומען, לאַשטשעט זי אים: „פּאַפּאַ", און אַז קיינער איז ניטאָ, טרייבט זי אים, פונקט ווי אַ הונט, בעת דער היצעל גייט, פאַרהאַלט מען אים, און נאָכהער בריקעט מען אים... ער ווייס, אַז אין די אָוונטן קומט צו איר דער רויטער בחור. זיי פאַרמאַכן זיך אין די קאַמערן

און מ'לאכט... ער קאָן צוגיין, אַ ריס די טיר, וואָס איז אויך ניט צוגעמאַכט. ער ווייס געוויס, אַז ער וואָלט געטראָפן זי אַזוי, אַז ער וואָלט זי געקאָנט אַף מאָרגן אַרויסטרייבן פון גרויסן הויז, נאָר ער וויל עס ניט טאָן. צו וואָס? — ער וועט דאָך זי ניט אַרויסטרייבן. ניט ווייל ער האָט זי ליב... ליב האָט ער די ערשטע ווייב, אָט די, וואָס לעבט אין קאַליפאָרניע אַ גוטן טאָג, מיטן מוזיקער אַף דער גרויסער אַלימאָני, וואָס זי קריגט פון אים. ער וועט די שיקסל ניט אַרויסטרייבן, מענטשן וועלן זיך דערוויסן, אַז אים האָט מען גענאַרט. מ'וועט לאַכן... אַן עסק פאַר די צייטונגען... און פאַר לייִדיגגייערס — טאָ צו וואָס עפּענען?... ס'וועט אים אויסקומען צו זען די שאַנד און זי פאַרדייען... מיידט ער זי אויס, מאַכט זיך ניט זעענדיג. און מענטשן מיינען, אַז ער לעבט אַ גוטן טאָג, אַן אַלטער מאַן האָט זיך אַ יונג ווייב. ווידער, אַזוי האָפט ער, אפשר וועט יענער ווייב פאַרדריסן דער וואוילטאָג פון דער בלאָנדער שיקסע, און קומען צוריק. איצט, נאָך דער מפּלה, און נאָך אַ וועלכע, זיין געגנער לאַרסאָן מיט אַזאַ שוואַכן לאָזונג, האָט באַזיגט אים, יוליאוס'ן... איצט וועט די שיקסע אויסשטעקן אַ צונג, זיך צעלאַכן! זי וועט ניט בלויז זיך ניט פאַרריגלען, נאָר וועט לאָזן אָפן די טיר, און דער רויטער וועט ווינקען מיט די געלע ברעמען:

— מיסטער פייזער...

פאָרט ער איצט איבער די וועגן... זעט זיך קייזי פון וווייטן. פאַלט איין יוליאוס'ן אַ געדאַנק אַנטלויפן פון אויגאָסטאַ און זיך באַזעצן אין קייזי... צו להכעיס די אויגאָסטער בירגער, מיט אַ גביר ווייניגער. און אַזוי טראַכטנדיק פון קייזי, ווי ער וועט אויסזען אין דער נעכטיגער, שונא'שער שטאָט, האָט ער, כאָטש מאָדנע, דערזען גאָר זיין אַמאָל ליטוויש היימישע שטעטל. זי איז אַרויפגעשוואומען ניט געבעטן, ווי געזאָגט: אַז שוין טראַכטן פון פרעמדע שטעט, פאַרוואָס ניט פון דער אייגענער — פון מיר אַליין?

די אַלע יאָרן פון זיין לעבן אין דער נייער מדינה האָט ער קיינמאָל פון איר ניט געטראַכט און אויך ניט געוואָלט טראַכטן; פאַרגעסן, ווי עס וואָלט גאָר ניט געווען וואָס צו פאַרגעסן. זיינע דערינערונגען אַפילו, וואָס געוויינטלאַך הויבן זיך דערינערונגען אָן פון סאַמע פריסטער יוגנט, פון דאָרט, וואו ס'הויבט זיך אָן צו געדיינקען, האָבן זיך באַ אים אָנגעהויבן גאָר פון אויגאַסטאַ. פון די שטאָט אין דער ווייטער וועסט, וואָס האָט אַמאָל אינגאַנצן געהאַט עטלאַכע הייזער, און היינט איז עס אַ שטאָט מיט באַשפּיצטע מויערן, און צווישן די אַלע צעגלאַנצט זיך זיין, יוליאוס פּייזער'ס באַנק־הויז און דעפּאַרטמענט־סטאָר.

דאָך, כאָטש ער האָט זיין שטעטל אַזוי פאַרגעסן, ווי אַ זאַך, וואָס ס'איז ניטאָ וואָס צום פאַרגעסן, האָט ער איצט דערזען זיין שטעטל אַזוי קלאָר און דייטלאַך, ווי ס'וואָלטן קיין ברוינזנדע ימים, מיט ווילד־גאוה'דיגע מדינות און רוישיגע שטעט זי ניט פאַרשריען און פאַרשטעלט.

און עס שווימט פאַר אים אַרויס, ווי פון אַ נעפּל — בילד נאָך בילד.

ער מיטן טאַטן פאָרן אָפן גרויסן יאַריד אין שטאָט. דער אַלטער זיצט שטיל, פאַרביסן, קוקט אָף די שניי־פּאַסן, וואָס דער שליטן שניידט אוים מיט אַזאַ הנאה און פאַרגלעט; די פערד גליטשען זיך און טרייסלען פויל מיט זייערע מאָגערע ביינער. ער מיטן טאַטן פאָרן דאָס אָפן יאַריד אויסבייטן די פערד אָף אַ פּאָר גוטע, נאָך ניט קיין אויסגעאַרבעטע סוסים. דער אַלטער איז שוין צו שוואַך זיך צו מאַטערן מיט די נבלות. עס וועט פעלן אָן אַקסל אונטערצוהויבן דעם וואָגן אַרויף־באַרג.

ער, מאָטע, פאָרט דאָך אַוועק אין דער איבער'ים'יגער מדינה. דער אַלטער שטעלט זיך אָפּ אָף אַ פּאָר פערד:

— וואָס זאָגסטו מאָטע? דוכט זיך, אַ פּאָר גוטע חיות?

ער — דער היינטיגער יוליאוס און אַמאָליגער מאָטע — גייט זיך לאַנגזאַם צו, אַ הויב אַ פערד פאַרן ברוסטקאַסטן און אַ ציי אים אוים אין זיין גאַנץ לענג:

— קעץ, ניט קיין פערד!

די גוים אפן יאריד געפעלט עס, צעלאכן זיך הארציג און ברייטלאך:

— אט דאס איז א מאנסביל, ניט קיין באבע.

באם אלטן ווייזן זיך טרערן אין די אויגן און א פארקרימטער שמייכעלע צעשיט זיך צווישן זיינע שטארק באוואנצלטע ליפן. ער רופט מאטע'ן אפ אן א זייט און הארציג פאטעריש, ווי נאך קיינמאל ניט, זאגט ער:

— מאטע, אט דאס איז מיין גאנצער פארמעגן, פון יארן שווערע ארבעט געשפארט, קויף די בעסטע פאר סוסים, אדער גאר צוויי פאר. צו וואס גיין ווערן פארוואגלט, זוכן גליקן? מיר וועלן אוועקשטעלן צוויי פורן און עס וועט זיין די אמת'ע שפע, צוויי פורן איז ניט איינער.

— צו וואס טאטע? נאר גיין אף א פאר יאר, מ'וועט קומען צוריק, וועט עס זיין ליבער, אנגעלייגטער...

דער אלטער פארבייסט די ליפן, שאקלט בטול'דיג מיטן קאפ...

— מאטע איך וועל שוין פארענדיגן מיין לעבן מיט די נבילות.

געדיינקט ער יוליאוס איצט, אזוי קלאר, ווי ניט מיט לאנגע יארן צוריק. און יארן זיינען עס געווען אזעלכע בייזע, פאר־ביסענע. ווי עס וואלט, זיי, די יחסנ'דיגע אמעריקאנער יארן, ניט געפעלן געווארן דער הויכער בחור, — ווי ער געדיינקט זיך, — מיט די לאנגע שטיוול און פארמאזאליעטע הענט. נו, האבן זיי אים געגעבן א קבלת פנים, יעדן טאג א גרעסערן פאק אף די פלייצעס און גיי טראג זיך מיט זיי איבער די הייזער.

האט ער מיט זיי א מלחמה פארפירט, ביז ער האט די יארן, געפענטעט, ווי שעפסן און זיי אוועקגעלייגט צו זיינע פיס. און געמאכט פון זיי, וואס ער האט געוואלט. אזוי, אז עס האט זיך צעשיינט אין דער הויפט־גאס א גרויס שילד מיט דרייענדיגע ליכטיגע אותיות, וואס דרייען זיך אומגעהויער געשווינד, ווי א משל אף די יארן, ביז זיי גיבן זיך א שטעל אפ: —

— יוליאוס פייזער.

איז דוכט זיך גוט, אַ מלחמה מיט די יאָרן געפירט און זיי בייגעקומען. אַזוי דוכט זיך אַלעמען אױס און אים האָט זיך אויך געדוכט. איצט זעט ער, אַז ער האָט געמאַכט אַ טעות אין חשבון. די יאָרן האָבן אים גאָר פאַרשפּילט, און הינטן אַרום געלעגן און געזויגן זיין בלוט און געלאָזן אַ צעבראָכענעם שאַרבן. ניטאָ קיין סימן פון אַמאָליגער גבורה. כדי ער זאָל עס ניט וויסן, האָבן זיי אים געגעבן צאַצקעס, ווי אַ קינד בעת אַ דאָקטאָר קומט, זיך צו שפּילן... פּאַפּירלאַך, באַנקן, הייזער...

יוליאוס בייסט די פינגער פון כעס, און די יאָרן, דוכט זיך אים, לאַכן...

— כאַ... כאַ... וואָס האָסטו געוואָלט? אונז פירן, אונז דרייען? אונז, יאָרן פרעמדע... מאַך זיך ניט נאַריש, זיי צופרידן, אַז מיר לאָזן דיר כאָטש זיך צו שפּילן און מענטשן מיינען, אַז דו האָסט געזיגט...

— יאָ, געשפּילט! געצאָלט דער ווייב, וואָס דו ליבסט, אַלי־מאָני גרויסע, און זי לעבט אַ גוטן טאָג און דו באַנוגנסט זיך מיט דעם, וואָס זאָגסט פאַר מענטשן, אַז דו האָסט זי גע׳גט און ניט זי דיך. האָלטסט אַ בלאָנדע שיקסע אין שטוב, וואָס ווען מענטשן זיינען דאָ, רופט זי דיך: פּאַפּאַ! דערפאַר מאַכסטו זיך ניט זעענדיג, ווען זי לעבט אַ גוטן טאָג מיטן רויטן, כאָטש די טיר איז אפילו ניט פאַרריגלט...

האָט יוליאוס אַן איין איינציגן זון, האָט ער חתונה געהאַט פאַר אַ צעבאַלעוועט שיקסל. איז ער אַ שוואַך־האַרציגער און ער, יוליאוס, וויים, אַז ער וועט לאַנג ניט ציען. און דעמאָלסט וועט אַלץ מיטאַנאַנדער אַריבערגיין צו דער שיקסל מיט איר טאַטן אַ שיכור.

ער, יוליוס, אַ זון פון אַ פרומען אידישן בעל־עגלה, אַ בן־תורה, וואָס האָט געשפּיגן דריי מאָל פאַרבייגייענדיג אַ קלויסטער, וועט זיין האָב און גוטס איבערלאָזן צו אַ ווילד־פרעמדער שיקסל מיט איר טאַטן דעם אַמעריקאַנער, וואָס זיין טאַטנס טאַטע

שטאמט ערגעץ פון א ווייטן דארף אין ענגלאנד, שפאניען צו ווער ווייס וואו...

און ער, יוליאוס, האט געשוויגן, די שפיל ווייטער געפירט. פארפאלן. פארקערט, זיך נאכגעיאגט נאך מער געלט, עס זאל מער בלייבן פארן אמעריקאנער גוי, געשיקט פינקטלאכער די „אלימאני" און ניט נאכגעקוקט די בלאנדע שיקסע מיטן רויטן. געוואלט פארגעסן, האבן אים היפאטעק, באנקן דערעסן, האט ער געזוכט א נייעם שפיל, א מעיאר ווערן. אבי פון שפיל ניט ארויס און מענטשן זאלן מיינען, אז ער איז דער געווינער... אויפגע־זוכט, נאך קאפ ברעכענישן, א לאזונג אין תוך געגומען אזא נארישן, וואס עס גייט אים גאר ניט אן, „א נייעם שטאט־זאל" ! „מיר מוזן איבערשטייגן קייזי!..."

און דא .אזא מיאוס'ן שפיצל... אלע, אלע וועלן דאך זען... ער האט דאך אנגעווארן. מען וועט שוין אלץ דערזען, און זאגן: נאר א דאכטעניש, א נארעריי געווען... א גארניט ...געצאלט א ווייב אלימאני, כאטש זי האט אים אוועקגעווארפן... די בלאנדע מויד האט געלעבט אין זיין שטוב, נאר ניט מיט אים, גאר מיטן רויטן אויטאמאביל־פארקויפער... און דאס געלט, די באנק, די שיינע פאפירלאך, אלץ פאר דער צעבאלעוועטער שיקסל, וואס דרייט זיך ארום מיט פרעמדע געזונטע יונגע בחורים...

יוליאוס בייסט די ליפן, אזוי זיך אפנארן. געלאכט פון מיסטער מאנראו... נאך ניט אזוי צום לאכן ווי פון אים...

— דזשאנסאן צוריק אהיים!... נאר גיך...

יוליאוס פארדרייכערט א ציגאר און בייסט זיך איין אין אים, ווי תמיד, ווען עס פאלט אים אין קאפ א גוטער איינפאל אין לעבן־שפיל

— ניין, ער וועט די שפיל געווינען. אויב ניט אינגאנצן, פון וואס ער האט שוין לאנג אפגעזאגט, — זאלן כאטש מענטשן מיינען, אז ער האט געוואונען, די יארן וועלן אים צום נאר ניט מאכן, דער שיכור'ער אמעריקאנער קריגט ניט זיין געלט... צו'להכעיס די יארן...

פון אדוואקאט איז יוליאוס פייזער אראפ א פריילאכער. דזשאנסאן האט אין דער טונקל באמערקט, אז די נאז איז בא אים צוריק איינגעצויגן, קליין. נאך קלענער ווי געווען... און האט געקראגן פאר אים נאך מער מורא און דרך ארץ און הכנעה׳דיג א זאג געטאן:

— וואוהין, הער?

— אהיים!

יוליאוס האט געטראכט פון דער צואה, און ווייטער זיך געגרויסט מיטן „איד" אין זיך:

— „אליץ פאר דיר, ליבע שטאט אויגאסטא. פאר א נייעם שטאט זאל".

מענטשן וועלן זאגן, ניט בלויז פריינט, נאר שונאים וועלן עס אויך מוזן צוגעבן:

— יוליאוס געווינט אלע מאל, און דאס, וואס ער האט ניט געקאנט געווינען באם לעבן, האט ער געוואונען נאכן טויט...

נאך קיינמאל האט אזוי יוליאוס ניט געלאכט:

— טפשים!

# מענטשן פארגעסן

## 1. „קלוגע“ מענטשן

די מענטשן וואָס האָבן געבויט די שטאָט, וואו עס געפינט זיך „די גאַס פון די דזשייקס“, זיינען געווען קלוגע און ערלאַכע מענטשן. זיי האָבן געהאַט אויגן, וואָס האָבן געזען, וואָס שפּעטער וועט זיין, און נישט געקוקט פאַר זיך אַליין, נאָר פאַר דורות שפּעטער.

דאָס קאָן מען גלייך זען פון פּלאַץ, וואָס זיי האָבן אויסגעקליבן פאַר דער שטאָט צו בויען. מערב׳דיג — אַ טייך אַ גרויסער, וואָס שניידט זיך דורך שטעט אַן אַ צאָל און פאַלט אריין אין ים. מזרח׳דיג — פעטע קאָרן־פעלדער, פון דרום־זייט קווילן־גריבער, און צפון׳דיג שוין נישט אַזוי פויגלדיג. עס קלייען זיך דאָרט אויס־געשעפּטע אויל־פעלדער, וואָס גיבן אויל, ווי אַן אַלטע קו מילך, מיט די לעצטע כחות. דאָך, אַפילו די „אָרעמע זייט“ איז נישט אַזוי שלעכט, ווי זי קוקט אויס. פאָרט אויל, און אויל קאָן זיך אַמאָל פלוצים באַווייזן מיט איר גאַנצער שטאַרקייט. האָפן טאַקע די אָרעמע, דאָס מערסטע די „יורדים“, בא וועמען עס האָבן זיך פאַרוואַלגערט פון די גוטע יאָרן עטלאַכע „ליסעס“, זיי טרייסטן זיך, אַז די „אָרעמע זייט“ וועט נאָך אַמאָל איבערשטייגן יענע דריי גוטע זייטן.

— אויל איז ווי פייער, מען קאָן עס נישט געטרויען.

אמת, כאָטש מיט די אַלע מעלות, וואָס די שטאָט האָט, הונגערן נאָך מענטשן דאָרטן אונטער און נישט אַבּיסל. פון דער רייכקייט געניסן נאָר אַ פאַר גאַסן. אין דעם זיינען דאָך אָבער יענע „קלוגע“ מענטשן נישט שולדיג. זיי האָבן די שטאָט געבויט אויף אַ גוט אָרט, עס זאָל קלעקן פאַר אַלעמען.

אפגעזען פון פלאץ, וואס וועגן דעם קאן אמאל קומען א קלוגער און זאגן:

— עט, כ׳ווייס וואס, קלוגע מענטשן, נארישקייטן, א צופאל, ניט מער!

באווייזן אבער נאך א סך זאכן — קלייניגקייטן, דוכט זיך — אז די מענטשן, וואס האבן די שטאט געבויט זיינען געווען קלוגע און ערלאכע. אט נעמט אזא נארישקייט ווי א בית־עולם. אין די מערסטע שטעט זיינען די בית־עולמ׳ס קליינע, נאסע, ליגן ערגעץ אין טאלן.

ערד וואס טויג פאר קיין זאך ניט, מאכט מען פאר א בית־עולם. האט טאקע אזא שטאט יעדן פאר צענדליג יאר אן ארבעט צו געפינען פלאץ פאר א נייעם בית־עולם. שטאט איז דאך עפעס שטאט! געפינט זי! נאר דאס ארט קאסט טייער און ארעמע מענטשן קאנען זיך אפילו ניט פארגינען ברייטלאך צו שטארבן, מען באגראבט זיי, וואו געכאפט: דער מאן, אפן אלטן בית־עולם און די ווייב אפן נייעם, פארדרוקט אין א קליינעם קבר׳ל.

דא אין שטאט, איז דא בלויז איין בית־עולם. די מענטשן, וואס האבן די שטאט געבויט, האבן פאר דעם אויסגעקליבן א גרויס לאנג פעלד, אזש די אויג קאן די ברעגן ניט כאפן. הגם שאטנ־דיגע גרויסע בוימער צעצווייגן זיך, איז דארטן בארגיג־טרוקן. רעגן קאן עס ניט דורכווייקן, וויפיל ער זאל זיך ניט מאטערן טייכלאך צו מאכן...

די „אנדערטייקערס״* אין שטאט זיינען אלע רייך. אזוי מעכטיג רייך, אז איינער פון זיי איז שוין געווען מעיאר און אין אלע שטאטישע אמטן זיצן „אנדערטייקערס״.

זייער דערפאלג האבן זיי נאר צו פארדאנקען דעם בית־עולם, ריכטיגער, די קלוגע מענטשן, וואס האבן אזא גרויסן און גוטן ארט פאר א בית־עולם אויסגעקליבן.

אז דו גראבסט א קבר אף דעם בית־עולם, ביזטו זיכער, אז

---

* קברנים.

דו וועסט אים געפינען טרוקן און דער „פיש" וועט שוין דאָרט ליגן.

אין אַנדערע שטעט געפינסטו וואַסער, אָדער די ערד איז ברודיג. דאָ אַזעלכע גרעלע זאַמד, כאָטש נעם און שיט זיי אין טעפּ.

ווען די „אָנדערטייקערס" זיצן ניט אין די שטאָט־ראַטן, וואָלט דער בית־עולם שוין לאַנג קירצער געוואָרן, ווייל אַ ציגל־פאַב־ריקאַנט, אַ שכן פון בית־עולם, שאַרפט זיינע ציינער אַף דער שטיק ערד. ער וואָלט שוין פון „שטאָט" אַרויסגעדרייט די ערד, נאָר די „אָנדערטייקערס" אין די שטאָט־ראַטן האַלטן אויג...

די אָנדערטייקערס ווייסן זייער געשעפט. זיי ווייסן דעם באַדייט פון אַ גרויסן בית־עולם. ווייל עטלאַכע קליינע בית־עולמ'ס אַפילו טרוקענע, זיינען ניט גוט פאַר זייערע „ביזנעס". ווייל אָט־וואָס: דער ענין שטאַרבן ליגט דאָך ניט בא זיי אין די הענט, אַף דעריין זיינען דאָ העכערע... אַזוי אַרום טרעפט, אַז עס גייען אַוועק טעג און גאָרנישט... ניטאָ קיין „געסט"... כאָטש דאָקטוירים גיבן האָפענונג... זיי זיינען פאַרהאַבעוועט. אָבער אין איין טאָג גיבן זיך אַ לאָז פיר און אַמאָל פינף „געסט" אַף איין מאָל... זיינען עס אָרעמע מענטשן, וואָס די קבורה־געלט נעמט דער „אָנדערטייקער" פון די לעבנס־פאַרזי־כערונג קאָמפּאַניעס, גיט מען זיך מיט זיי אַן עצה, אַפּן פּשוט'ן אויסגעטראָטענעם וועג: לויט דער ריי, ווי אין אַ באַרבער־שאַפּ. ווער פריער געשטאָרבן, דער ווערט פריער באַגראָבן. שלעכט איז אָבער, ווען עס גיבן זיך אַ לאָז פיר־פינף „געסט" אין איין טאָג און זיי קומען פון רייכע הייזער. רייכע האָבן ליב פּינקט־לאַכע באַדינונג, האַלטן זיך פאַר שוואַכע מענטשן, וואָס קאָנען ניט אויסהאַלטן, האָבנדיק טויטע אין די הייזער. זיי דאַרפן און מוזן זיך טרייסטן, וואָס גיכער... און די לויה ווילן זיי, זאָל דורכגיין צערעמאָניאַל, צייטונגען זאָלן האָבן וועגן דעם וואָס צו שרייבן. אַליין טרויערן זיי ניט, נאָר ער, דער „אָנדערטייקער", דאַרף שאַפן דעם טרויעריגן איינדרוק...

צוליב דעם דארפן די „אַנדערטייקערס" האַלטן גרייט עטלאַכע אַרויסהעלפער, טאָמער שטאַרבן עטלאַכע רייכע אין איין טאָג און ניט סתם פּשוט'ע באַהעלפערס, נאָר מענטשן מיט מאַנירן, מענטשן מיט אַנדערטייקערישע דערפאַרונג. ניט איין אַנדערטייקער איז שוין געגאַנגען „געבראָכן" בלויז צוליב דעם, ווייל ער האָט גע־האַלטן אַ סך באַהעלפערס און רייכע זיינען געשטאָרבן גראַדע ווייניג און אין דער ריי און ער האָט די באַהעלפערס געהאַלטן אומזיסט. אַנדערש איז אָבער, ווען דער בית־עולם איז אַ גרויסער. דאָ קאָן שוין אַ קלוגער אַנדערטייקער זיך אַליין באַגיין אַפילו מיט צען לויות אין איין טאָג. מ'דאַרף נאָר זיין אַ גוט־ברודער מיט די גלחים, צאָלן מיטגליד־אָפּצאָל אין זייערע קלויסטערס: מען ציט אַרויף אַ פרומע טרויעריגע מינע און מען גייט פון איין הספד צום צווייטן. דער ערשטער „גאַסט" אַ פּראָטעסטאַנער און דער צווייטער אַ קאַטוילישער...

ווי שיין און ציציענדיג דער בית־עולם איז, קאָן דינען אָט דער פאַקט: די אידן, וואָס וואוינען אין שטאָט, זיינען צום אָנהויב געווען איינגע'עקשנ'ט און געהאַלטן שבת פאַר זיך. געהאַט אַן אייגן בית־עולם. דאָך האָבן זיי זיך אונטערגעגעבן, אַרויסגענומען זייערע טויטע פון קליינעם בית־עולם, און עס געבראַכט, ווי אַ קאַץ אין פּיסק די קליינע קעצעלאַך, ווען זי געפינט אַ בעסערן אָרט, — אויף דעם גרויסן בית־עולם.

אין דער שטאָט וואוינט אַ איד, אַ רייכער באַנקיר, אַ קאַרגער, ער הייסט בלומבערג. ער איז קאַרג ניט בלויז פאַר יענעם, נאָר פאַר זיך אַליין. פאַרט אַרום אין אַן אַלטן צעדראַס־קעטן „פאָרדל", וואָס איז שווער צו וויסן זיינע יאָרן. אפילו מ'זאָל קוקן אָפן ציפער, וואָס ער טראָגט אויף זיך, קאָן מען אויך ניט וויסן. די אותיות זיינען שוין צעדריפּעט. איינס איז זיכער, אַז אין זיינע, דעם פאָרד'ס, געבורט יאָרן, האָט מען נאָך ניט געוואוסט פון קונץ צו געבן מיטן פוס אַ קוועטש אַ קנעפּל און די מאַשין זאָל פון דעם אויפשפּרינגען. געקויפט האָט ער אים ניט, וואָרום ווי ווייניג ער קאָסט, וואָלט זיך בלומבערג ניט פאַרגונען

ארייננצופאקן געלט אין אן אויטאמאביל. נאר זיינע א לייהויז האט געליען אן ארעמען מענטשן, וואס האט זיך פארוואלט אויך צו האבן אן אויטאמאביל — עטלאכע דאלאר אף דעם. דער מענטש האט אפילו דעם קליינעם אויטאמאביל ניט געקאנט אויס־האלטן און דערצו מאכן אין דער צייט די צאלונגען אין בלומ־בערג׳ס לייהויז. די שעריפס, וואס לויפן אף יעדן וואונק פון הער בלומבערג׳ן, האבן גלייך צוגענומען דעם אויטאמאביל. אזוי ווי עס האט זיך ניט געפונען קיין בעלן אפצוקויפן דעם אלטן פארד, — האט הער בלומבערג אים צוגענומען פאר זיך.

אזוי קארג איז דער ה׳ בלומבערג, אז קיין זאך אפעלירט ניט צו אים. אמאל איז געקומען אין שטאט א ציוניסטישער משולח, א איד מיט א דאקטאר־טיטול און א „ווייכן" צינגל. אט דער איד, האט זיך תמיד בארימט, אז עס איז נאך ניטא אזא קעשענע, וואס זאל זיך פאר אים ניט עפענען. ער האט אלע מיטלען ווי זיי צו עפענען. פארשטייט זיך, אז קעשענעס דארף מען פאר־שטיין. ער קלייבט זיך טאקע אנצושרייבן א בוך: „די פסיכא־לאגיע פון א קעשענע".

דער דאקטאר האט בא אים אלץ ארויסגעקראגן: קרעכצן, הסכמות, עצות, אז פאר די אייראפייאישע אידן איז בעסער ארץ־ישראל ווי אמעריקע, נאר ניט קיין געלט. דער געניטער דאקטאר קאן שוין אבער אזעלכע מינים אידן, וואס גיבן נאר לשם ביזנעס. האט ער מיט אים גענומען רעדן וועגן ביזנעס, דאס הייסט, ער בעט בא אים קיין געלט ניט, ער האט נאר פאר אים, בלומבערג׳ן, א ריין געשעפטלאכן פארשלאג, פון זיין, בלומבערג׳ס טובה וועגן. אזוי ווי פאלעסטיין (שוין ניט ארץ־ישראל) האלט זיך אין אנטוויקלען און איז אונטער ענגלענדישער רעגירונג וואס אף איר, אף ענגלאנד, קאן מען זיך פארלאזן; אזוי ווי זי, פאלעסטיין, איז א מין נייע אמעריקע, און ס׳איז דארט דא פון כל־טוב, פרוכטן ווי אין קאלי־פארניע און אויל ווי אין די וועסט, לכן גלויבט ער, דער דאקטאר, אז פאר אים, בלומבערג׳ן, וואלט געלוינט ארייננצולייגן אביסל

געלט אין פאַרמס, וואָס וועט מיט דער צייט טראָגן הונדערטער פּראָצענטן, אַף ענגלאַנד קאָן ער זיך פאַרלאָזן...

בלומבערג האָט שמייכלענדיג פאַרצויגן מיט איין אויגל, אָט ווי בעת איינער קומט צו גיין לייען געלט אַף עפּעס אַ געשעפט און וויל אים, בלומבערג׳ן, איינשמועסן, אַז עס שמעקט דאָ נתעשר צו ווערן!

— ביזנעס, מיין ליבער דאָקטאָר! מיין נאָז שמעקט דאָ קיין געלט ניט.

— ווער איז נעקסט!

און אָט פון דעם קאַרגן אידן האָט דער בית־עולם יאָ אַרויסגע־קראָגן געלט. ער האָט זיך דאָרטן אויסגעבויט אַ מויערל מיט צווייַ גרויסע לייבן באַ דער זייט, און מיט עלעקטרישע לאָמפּן. מעכאַניקער האָבן דערויף געאַרבעט אַ קיילאָכדיק יאָר. און ניט בלויז דאָס מויערל, נאָר אַפילו אַ נייעם געמויערטן פאַרקאָן געלאָזט אַף זיין אייגן געלט אויפשטעלן.

קאָן דען עמיצער אַנדערש זאָגן, אַז ניט די שיינקייט פון בית־עולם האָט צוגעצויגן אַפילו דעם קאַרגן אידן.

נו, זיינען די מענטשן, וואָס האָבן די שטאָט געבויט ניט געווען קיין ערלאַכע און קלוגע?

נאָר ווער דערמאָנט זיי?

## 2. דער ערשטער דזשייק

אין דער שטאָט איז דאָ אַ גאַס, וואָס מ׳רופט איר „די גאַס פון די דזשייקס״. די גאַס האָט עפּעס גאָר ניט קיין שייכות מיט דער שטאָט. זי לויפט אַפילו אין דערזעלבער ריכטונג, ווי אַלע גאַסן, אַ לייענג־אויס גאַס, און פאַלט אַריין אין „טייך־גאַס״ אַזוי ווי די הויפּט־גאַס, נאָר דאָך לעבט זי איר לעבן אַנדערש ווי אַלע גאַסן...

זי אַליין, די „גאַס פון די דזשייקס״, איז מיט יאָרן צוריק געווען די הויפּט־גאַס, ביז עס האָט זיך שענער צעבויט די שכנה׳שע

גאַס, וואָס האָט איר אַלטן נאָמען אַרונטערגעוואָרפן און זיך אַ נאָמען געגעבן וואשינגטאָן גאַס. פון וואשינגטאָן גאַס האָט צוגענומען דעם טיטל נאָך אַ שטארק געראנגל די לינקאָלן גאַס, ביז ס'איז געקומען אַ גאַס מיט אַ פשוט'ן נאָמען „ברייטע" גאַס און צוגענומען דעם טיטל פון דער גאַס מיטן יחוס'דיגן נאָמען. באַ איר וועט שוין מסתמא דער טיטל בלייבן, ווייל די שכנה'שע גאַסן, אַפילו די נייע, זיינען אויך שמאָלע און פינצטערע. זיי האָבן אַפילו ניט דעם ווילן צוצונעמען דעם טיטל. גרויסן זיך מיט דעם, וואָס זיי ציען זיך האַרט באַ דער הויפט־גאַס.

אַזוי אַרום האָט זיך די „גאַס פון די דזשייקס" אַלץ ווייטער פאַררוקט פון דער הויפּט־גאַס. אַזוי אַז זי האָט אַפילו פאַרגעסן, אַז זי איז אַמאָל געווען די הויפּט־גאַס. האָט אַפילו ניט קיין פּרעטענזיעס פון אַ יורד. זי האָט אַלץ אָנגעוואוירן, אויס.

עס טרעפט אַזוינס באַ גאַסן, וואָס מיט יאָרן פריער זיינען זיי געווען די „שענסטע" גאַסן אין שטאָט (אַ שיינע גאַס רופט מען וואו עס וואוינען די „פּני" פון שטאָט) און שפּעטער וואוינען דאָרט גאָר לויטער נעגערס. אַזאַ גאַס איז דאָ טאַקע אין דער שטאָט. זי הייסט די ערשטע גאַס, אַמאָל האָבן דאָרט געוואוינט די רייכע, חשוב'ע מענטשן. האָט איינער נאָר געוואָלט מ'זאָל מיינען, אַז ער איז רייך, האָט ער זיך פאַרקליבן אין דער ערשטער גאַס.

— אָ, אין דער ערשטער גאַס וואוינסטו?

האָבן זיך עטלאַכע „אַרויפגעאַרבעטע" גאַליציאַנער אידן אַהין פאַרקליבן. איז עס די רייכע אַמעריקאַנער ניט אָנגעשטאַנען, צום אָנהויב ניט אַזוי די מאַנסבילן ווי די ווייבער.

ביז עס האָט שוין אָנגעהויבן צו אַרן די מענער אויך. זיי האָבן מורא געקראָגן, טאָמער וועט נעמען, צוליבן שלעכטן נאָמען, אַראָפּפאַלן די פרייזן פון די הייזער, — האָבן זיי גענומען אויס־פאַרקויפן די הייזער.

זינט דעמאָלט האַלטן די רייכע אין איין לויפן, פון איין גאַס אין דער צווייטער, ווייל די גאַליציאַנער אידן ווייסן ניט, אַז

צוליב זיי הייגגען דאָס די אַמעריקאַנער ארוים די ווייסע צעטעלאַך מיט די שווארצע אותיות „צום פאַרקויפן״. לויפן זיי, די גאַלי־ציאַנער אידן, נאָך. וואוהין צו לויפן, זאָגן זיי אונטער די „הייזער פאַרקויפער״, וואָס ווייסן דעם גאַנצן אמת, און זיי געפעלט עס, כאָטש זיי זיינען אידן אַליין, נאָר „פּרנסה״. דערווייל מאַכן זיי אַ דאָלאַר.

אין דער אדמה, גוי, איד, אַבי דער דאָלאַר איז דאָ!

אין אָט דער ערשטער גאַס האָבן זיך פאַרקליבן די „הייזלאַך״ פון שטאָט און מ׳רופט עס דער „רויטער לאָמפּ געגנט״. אזא ארונטערפאַל! אַ שיינער באַלעבאָס שעמט זיך דאָרט אפילו צו קומען. פאַרקריכט דאָרט נאָר אין די שטאַרק פינצטערע אָוונטן, — דאָך האָט די גאַס זיך ניט אָפּגעלאָזן, זי איז ריין, זויבער, די אַלייען אין מיטן גאַס האָבן זיך נאָך שענער צעבליט.

און די „גאַס פון די דזשייקס״ האָט זיך בעטלעריש ארונטער־געלאָזן, קיין סימן פון אַמאָליגער גרויסקייט.

ווער איז שולדיג אין דעם? דער אַלטער איד דזשייק. אַ איד אָן עקשן. איז געבליבן אַף דער גאַס, ניט געוואָלט זיין קליינע מעבל־קראָם אריבערקלייבן אַף וואַשינגטאָן גאַס, ווי אַלע:

— פאַר מיר איז די גאַס גוט גענוג. פאַר אייך טויג זי ניט, קלייבט זיך וואו איר ווילט!

דזשייקס גאַנצע משפחה האָט זיך פון גאַס ארויסגעקליבן, אַ זון מיט אַ גרויסן קליידער־געשעפט, שטייט היינט אַ צעפרי־דענער, אַ זאַטער אַף דער ברייטער גאַס מיט אַ סטאָר, וואָס האַלט זיך אין איין גרויסן. און אַ טאָכטער האָט זיך פאַרקליבן אַף דער ערשטער גאַס, אין „רויטן לאָמפּ״ געגנט, די שיינע בעלאַ, וואָס טאַטע שעמט זיך מיט איר און זי שעמט זיך מיטן טאַטן, דעם אַלטוואַרג־הענדלער.

דזשייק, כאָטש אַן עקשן, האָט גלייך געזען, אַז זיין מעבל־קראָם וועט ניט „גיין״, וויבאַלד עס איז אוים הויפּט־גאַס — האָט ער אויספאַרקויפט די מעבל און זיך גענומען אויפצוקלייבן די „פאַר־געסענע רייכקייט״.

ער האָט אַראָפּגעוואָרפן דעם דינעם זיידענעם רעקל, מיטן שניפּס און קראַגן, אָנגעטאָן אַ פּאָר גרינע הויזן, וואָס ער האָט געפונען אין פייער־הויז, וואָס דער פייער־קאָמענדאַנט האָט פאַר־געסן זיך אַרויסקלייבנדיג פון דער גאַס. איז אַריינגעקראָכן אין אַ גראָב רעקל פון אַ שאָפער, און זיך געשטעלט קלייבן די „פאַר־געסענע רייכקייט“...

די „פאַרגעסענע רייכקייט“ איז באַשטאַנען פון אַלטע רעקלאַך, העמדער, שטולן. דזשייק האָט זיי געשלעפּט אין זיין מעבל־קראָם. זיי אַרומגעוואַשן, אויסגעלאַטעט. געפונען אַלטע שילדן, טאַקע פון די רייכע, וואָס זיי האָבן אָנגעהאָנגען אויף זייערע הייזער פאַרן קלייבן זיך:

— „צום פאַרקויף!“

אַלערליי שילדן, רויטע, ווייסע, גרינע, בלאָע, אויסגעהאָנגען ווי שיר־המעלות׳ן באַ אַ קימפּעטאָרן — וואו נאָר געכאַפּט.

נעגערס פון גאַסן אַלערליי, האָבן גענומען לויפן צו דזשייק׳ן נאָך מציאות.

דזשייק שטייט און לויבט די סחורה, ניט אַזוי זייער גוטס, ווי וואו און ווער עס האָט די זאַכן געהאַט אָדער געטראָגן.

נעגערס קוואַפּען זיך און צאָלן...

— אַזוי, מיסטער ברײַדי׳ס אַליין!

* * *

יאָרן זיינען שוין אַוועק זינט די גאַס איז אויס הויפּט־גאַס, און די זאַכן, וואָס ער, דזשייק, האָט פון די גבֿרים אויפגענומען זיינען שוין לאַנג פאַרקויפט געוואָרן — אָבער דזשייק שטייט נאָך אַלץ באַ זיין קליין פינצטער קרעמל און לויבט די אַלטוואַרג, וואָס ער קויפט אויף פון פּעדלערס. ניט זייערע מעלות, נאָר ווער עס האָט זיי געטראָגן. כאָטש ער, דזשייק, ווייסט ניט צו וועמען די אַלטע זאַכן האָבן באַלאַנגט, נאָר ער איז זיכער, אַז דער ברייטער רעקל, וואָס איז געמאַכט פאַר אַ גראָבן בויך, איז דעם באַנקיר

מייערס, און דער לאנגער ראָק פאַר אַ הויכן מענטשן, איז בילי׳ס, דעם אויטאָמאָביל סוחר.

דזשייק פילט זיך שטאָלץ מיט דעם, וואָס ער פאַרקויפט זאַכן, וואָס מענטשן, ניט אַבי ווער, נאָר גבירים, האָבן זיי געטראָגן. אָבער לעצטנס קומט אים אָן שווער... די נעגערס ווערן קליגער, זייערע קעפּ קאָנען ניט באַנעמען, ווי אַזוי נעמט דאָס דזשייק אַלע זאַכן בא די גבירים, ווי האָט ער עס אַ צוטריט צו אַזעלכע הייזער.

דזשייק רעגט זיך אויף, מאַכט מיט די הענט:

— ווי אַזוי איך קום צו זיי? איך געדיינק נאָך מייערס׳ן, ווען ער איז געווען אַזאַ קליינינקער. איך רוף אים ניט מיסטער, אַזאַ שנעק. ניט איך — טשאַרלי רוף איך אים, באַם ערשטן נאָמען...

די נעגערס ווערן מוטיגער...

— אַזוי, אַלטער דזשייק?!

זיי ווערן שוין צוטרויליכער:

— וויפיל?

דזשייק איז צופרידן; אַט אַזוי רעדט, פּרייז איז גאָרנישט, דער עיקר: גלויבט וואָס מען זאָגט אייך.

דזשייק פאַרשטייט די נעגערס: זיי זיינען טאַקע גערעכט. עס גלויבט זיך ניט. אים אַליין דוכט זיך אויף, אַז די אַלטע זאַכן זיינען ניט פון גבירישע הייזער. אָרעמע לאַפּסאַנדראַנצעס, וואַרפן שוין אויך אַוועק גאַנצע זאַכן. נאָר איינס פאַרדריסט אים, פאַר־וואָס פאַרגעסן מענטשן אַזוי גיך? ער האָט דאָך דער ערשטער אַזאַ קרעמל פון אַלטע זאַכן געעפנט. דער ערשטער די בוימער פון גאַס אויסגעהאַקט און אַרויפגעשטעלט אַ שילד:

— „דזשייק׳ס פּלאַץ”.

איצט שטייען שוין קרעמלאַך מיט אַלטע זאַכן איינע נאָכן אַנדערן און אַלע, צום טייוול, מיט שילדן:

— „דזשייק׳ס פּלאַץ”.

וואו האָבן זיך גענומען אַזוי פיל יאַנקלס?

דאָס וואָלט אים שוין ניט געאַרט. אַ מדינה אַזאַ, ווי מען
וויל, גיט מען זיך אַ נאָמען. נאָר פאַרוואָס דערמאָנט קיינער ניט,
אַז ער איז דער ערשטער, אמת'ער דזשייק, ניט קיין געמאַכטער.
און פאַרוואָס רופט מען עס די „גאָס פון די דזשייקס" ?

און דזשייק קוקט מיט זיינע אַלטע, פאַרזשמורעטע אויגעלאַך
אַף דער גאָס וואָס איז שמוציג, ברודיג און פאַרלאָזן . . .

מען האָט פאַרגעסן ניט אים אַליין, נאָר אויך די גאָס, מיט
וועלכער מענטשן האָבן אַמאָל, באַם אָנהויב, מיט איר אַזוי זיך
געגרויסט ! . . .

מענטשן פאַרגעסן !

# אָנקל בילי

מיט יאָרן צוריק איז אין אַ געריכט־הויז געקומען אַ יונג קליין־וואוקסיג מיידל מיט אַ גרויסן רויטן יונג. דער חתונה־באַאַמטער, וועמענס טיש עס איז געשטאַנען גלייך באַם אַריינגאַנג האָט געמיינט, אַז דאָס איז אַ פּאָרל געקומען אַרויסנעמען חתונה־פּאַפּירן. ער האָט זיי פריינטלאַך צוגעשמייכלט און אַרויפגע־צויגן אַפן פּנים אַ פרומע מינע. זיין געניט אויג האָט גלייך דערקאָנט, אַז זיי זיינען „פּאַרמערס", מענטשן ניט איילִיגע און וואָס באַציען זיך צו יעדער זאַך מיט דרך ארץ. און דער עיקר, באַ זיי כאַפּט מען עפּעס פאַר אַן איינשוועריניש, איז ניט קיין פּאַפּיר־געלט, איז כאָטש אַ „קוואָדער". זיי ווילן מען זאָל ריכטיג איינשרייבן, ניט מאַכן קיין טעות. זיי ווייסן צו דערציילן אַ מעשה, אַז ערגעץ וואו האָט געטראָפן, אַז דער חתונה־באַאַמטער האָט איינגעשריבן אין די ביכער, דער מיידל־נאָמען טאַקע ריכטיג, אָבער אָנשטאָט דעם חתנ׳ס נאָמען האָט ער פאַרשריבן גאָר זיין טאַטנ׳ס נאָמען. נאָכדעם, אַז דער בחור האָט פאַרלאָזן דאָס ווייב, האָט מען אים ניט געקאָנט גויטן, צו געבן אַפילו אַ פינפערל פאַר זיינע אָנגעפּלאָדזשעטע חברה.

דאָס מאָל האָט דער געניטער חתונה־באַאַמטער געהאַט אַ טעות. אמת, ניט אין גאַנצן, דער רויטער יונג איז טאַקע גלייך אַרויסגעפּאָרן מיט אַ קוואָדער. ער האָט עס מיט אַ קלונג, ווי אין געלט־שפּיל: „קאָפּ צו אָדלער" — אַרויפגעוואָרפן אַפן טיש. אָבער ניט קיין חתונה איינשוועריניש ווילן זיי, נאָר אָט וואָס:

— פאַרשרייבט איר אַ יאַטל אין די ביכער!

דער חתונה־באַאַמטער פאַרקרימט זיך אַזש:

— דאָס איז ניט מיין אויפגאַבע. איך פאַרנעם זיך ניט מיט אַזעלכע זאַכן. דאָס געהערט אָט צו יענעם פּליכעוואַטן באַאַמטן, וואָס זיצט באַם סאַמע ברעג.

מער האָט ער שוין אַף זיי ניט געקוקט און געטראַכט פון דעם וואָס ער איז טאַקע אַ מענטש מיט קאָפּ. ער אַליין האָט אָבער טאַקע בעסער געוואָלט דעם מעטריקע־טיש, האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז דער אמת׳ער לאָבן ברויט. נו, האָבן די „פּאָליטישנס" אים פאַרדרייט דעם קאָפּ, איינגערעדט, אַז דער חתונה־טיש איז בעסער. אָבער, ווי אַזוי? דער עולם האָט דאָך נאָר חתונה איין מאָל, העכסטנס צוויי מאָל. אָבער קינדלען? — צום שוואַרצן יאָר, גאָר אָן אַ שיעור: פאַר דער חתונה און נאָך דער חתונה. אָט זיין ווייב, אַ קראַנקע, קוים וואָס עס לעבט און יעדן יאָר אַ „קוויטשער".

באַלד האָט אָבער זיין גליק צוריק אויפגעשיינט: מ׳מוז דאָך צו אים אָנקומען. דער פּליכעוואַטער איז צוגעקומען און געזאָגט, אַז ער קאָן דאָס קינד ניט פאַרשרייבן אין די ביכער אָן אים.

— וואָס איז?

— די מיידל האָט געהאַט דאָס קינד אָן אַ מאַן!

— וואָס הייסט, אָן אַ מאַן? — ווערט צעספּוזשעט דער חתונה־באַאַמטער.

— קיינע ניסים זיינען דאָ ניט געשען! — באַרואיגט אים דער קינדער־באַאַמטער — עס איז ניט קיין יעזוס. פּשוט, דאָס קינד איז געבאָרן געוואָרן אָן אַ חתונה. בכן וואָלט ער געמיינט, אַז ער, דער חתונה־באַאַמטער, זאָל זיי פריער חתונה מאַכן און נאָכדעם וועט ער דאָס קינד איינשרייבן אין די ביכער.

דער חתונה־באַאַמטער בייסט פון כעס די פינגער. זיין ווייב איז דאָך טאַקע גערעכט, וואָס האָלט אין איין טענה׳ן, אַז ער היט ניט זיינע „ביזנעס", פראַוועט חתונות נאָר פאַר מיידלשע שמייכלס. זיי ווילן חתונה האָבן, זאָלן זיי באַצאָלן. פאַרוואָס האָט ער זיי גלייך ניט אַ פרעג געטאָן: האָט איר שוין חתונה געהאַט? דאָס איז דאָך זיין געשעפט, ניט וואַרטן ביז דער פּליכע־וואַטער וועט אים צושאַרן און מיט אים גיין „פּופּציג־פּופּציג". וואָלט אַ קרעמער, וואָס פאַרקויפט נאָר הויזן, ניט געפרעגט אַ קונה, וואָס קומט נאָר נאָך אַ רעקל, צי דאַרף ער ניט הויזן?

— וואָס האָסטו זיך פאַרטראַכט? — מונטערט אים דער קינדער־באַאַמטער.

— אודאי חתונה מאַכן מוז מען זיי, און אויב זיי ווילן רעלי־גיאָנס־צערעמאָניע דאַרף מען שיקן נאָכן גלח בייקער, ער גיט פון יעדן צוגעשאַרטן פּאָרל, פופצן פּראָצענט.

דער קינדער־באַאַמטער פירט זיי צום חתונה־באַאַמטן, וועלכער ציט ווידער אַרויף די פרומע מינע. דער קוואָדער ליגט שוין באַ אים אַפן טיש. ער צעשפּרייט פרום און מיט חשיבות זיינע הענט. אַזוי אַרום פאַרשאַרט זיך דער קוואָדער נענטער צו אים. און ער הויבט אָן זיין אייגן־פאַרפאַסטע רעדע, וועגן גליק פון הייראַט. ערשט דער רויטער יונג גיט אַ פּראַל אין טיש:

— וואָס, חתונה מאַכן, ווילט איר מיר? ניין, ניט מיר, איך האָב ווייבער, ווי הינט!

דער געריכטס באַאַמטער פּרובירט אָנשטריינגען זיינע אַלע כחות, שלעפּט גראָבע ביכער פון די פּאָליצעס, פּרובירט אים דער־קלערן מיט גאָט און געזעץ, אַז עס איז בעסער און געזונטער פאַר אים צו חתונה האָבן, וואָרים ער קאָן פאַרשוואַרצט ווערן אין תפיסה, פאַר פאַרפירן אַן אומשולדיג מיידל.

דער רויטער יונג צעלאַכט זיך:

— מיינער גאָר? פונוואַנען ווייסטו עס? ביסט דערביי געשטאַנען? און וואו איז דער לאַנג־פיסיגער איירישמאַן? און דער אַלטער מאַרשל איז אַ הונט?

די מיידל פּרובירט אונטערצוהעלפן דעם חתונה־באַאַמטן:

— אודאי דיינער, ער איז דאָך רויט ווי דו, און די אויגן ווי דיינע.

דער רויטער וואַרפט איר צו אַ בייזן בליק און זי ווערט אַנט־שוויגן. די באַאַמטע בלייבן אין פאַרלעגנהייט. אַ שאָד דער קוואָדער. פינף פעקלאָך טאַבאַק. שאַ, אַן איינפאַל: מ'האָט פאַרשריבן דעם קינד אַף דער מוטערס נאָמען.

בילי באָסטער.

* * *

בילי באַסטער, איבער וועלכן צוויי באַאמטע האָבן זיך געבראָכן די קעפּ, ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן, און אים נאָר פאַרשריבן אין די ביכער, ווייל דער רויטער, וואָס איז געווען זיין פאָטער — און מעגלאָך ניט — איז ארויסגעפאָרן מיט א קוואָדער פאַר וועלכן מען קריגט פינף פעקלאך טאַבאַק (אגב, צוליב דעם צוואַנציג־יאָריגן געשעפט יובילעאום, האָט דער איד מאַזעס דעם טאָג פאַרקויפט זעקס פעקלאך טאַבאַק פאַר א קוואָדער) — איז געבאָרן געוואָרן מסתמא אין אַזאַ שעה, אַז באַאמטע זאָלן זיך ברעכן דעם קאָפּ איבער אים.

אָט דער בילי, אַז ער איז אויסגעוואַקסן איז ער געוואָרן דער באַרימטער פּאָליטישן "אָנקל בילי", צוליב וועלכן ניט איין באַאמטער האָט געבראָכן דעם קאָפּ.

פאַר אים האָט געציטערט ניט נאָר דער מעיאָר, אָדער שטאָט ריכטער, וועלכע ווערן געוויילט יעדע דריי יאָר, און ווערן ניט אויס־געוויילט סיידן „אָנקל בילי” גיט די הסכמה, נאָר אַפילו רעגירונגס ריכטער, די גרויסע קעפּ, האָבן מיט מורא געקוקט, ווי א בייזן הונט, בילי'ן אין די אויגן: וואָס גייט ער טאָן?

ער איז געווען אין נאַטור ניט קיין שלעכטער, דאָס האָט ער גע'ירשנ'ט מסתמא פון רויטן יונג, וועלכער איז גלייך ארויסגעפאָרן מיט א קוואָדער, ער איז אָבער געווען א מענטש מיט משוגענע קאַפּריזן (אפשר איז דער רויטער אויך אַזוי געווען?) און קאַפּריזן זיינען עס געווען אַזעלכע ווילד־משוגענע, אַז קיינער האָט זיי פאַר־אויס ניט געקאָנט פאָראויסזאָגן, אַז אַזוי, אָדער אַנדערש וועט אָנקל בילי'ן געפעלן.

עס איז, למשל, געווען א יונג אין שטאָט. מ'האָט געזאָגט, אַז ער איז אַמאָל געווען א פשוט'ער וועג רויבער. אָט דער יונג איז געווען אָנקל בילי'ס א שונא און געאַרבעט אַלע מאָל געגן בילי'ס קאַנדידאַטן, כאָטש אין זיינע אינטערעסן, אַזוי גוט ווי אין בילי'ס איז געווען דוקא צו שטיצן דעמזעלבן מעיאָר קאַנדידאַט, ווייל ביידע, סיי ער און סיי בילי זיינען געווען אין די זעלבע געשעפטן: ברייננגען גוטן שנאַפּס פון קענעדע און „לבנה־שיין” פון געהיימע

נאָנטע ברייזלאַך, און דערצו האַלטן עטלאַכע „הייזלאַך", טייערע און גאָר ביליגע. דאָך האָט ער, דער יונג, פאַרבויגן זיינע מסחר־פּרינציפּן און געשטיצט דוקא דעם קאַנדידאַט, וועלכן ניט פאַר אים און ניט פאַר בילי'ן האָט געלוינט.

און ניט נאָר אין פּאָליטיק זיינען זיי געגאַנגען איינער געגן צווייטן, נאָר אַפילו אין פּשוט'ן טאָג טעגלאַכן לעבן. דער יונג האָט אָפן פאַר אַלעמען זיך באַרימט, אַז פאַרביידן איז ניטאָ קיין אָרט אַף גאָט'ס וועלט: ער אָדער בילי.

פאַר וואָס זיי זיינען געווען שונאים איז שווער געווען צו וויסן, ווייל ביידע האָבן וועגן דעם געשוויגן. מען האָט דערציילט אַ סך מעשיות. איינער האָט דערציילט, אַז עס איז צווישן זיי דאָ אַלטע חשבונות, אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז די בלאָנדע מיידל, וואָס איז געווען באַ בילי'ן אין רייכן הייזל איז געווען דעם יונג'ס אַ שוועסטער און ער, בילי האָט איר פאַרפירט. אַ סך האָבן אין דעם געגלויבט, ווייל ווי נאָר דער יונג איז געקומען אין שטאָט איז די בלאָנדע מיידל פאַרשוואונדן.

די שטאָט באַאמטע, פון מעיאָר ביז דעם טראַפיק פּאָליסמאַן, האָבן געוואוסט פון דער דאָזיגער שנאה. האָבן זיי געוואָלט טאָן אַ טובה אָנקל בילי'ן, זיינען זיי דערגאַנגען די יאָרן דעם יונג, וואָס מ'האָט גערופן, פּשוט, דזשאַנסאָן.

דער יונג דזשאַנסאָן, איז אָבער געווען אַ יונג מיט ביינער, ניט קיין שרעקנדיגער, אָן אַ רעוואָלווער זיך אין ערגעץ ניט גערירט. די פּאָליציי־לייט האָבן מורא געהאַט איינשטעלן דעם לעבן, כאָטש זיי האָבן אים ניט איינמאָל געקאָנט פּאַקן מיט דאָס, וואָס געזעץ קאָן לערנען „דרך־ארץ". ביז איינמאָל אין אַ קאָמ־פּאַניע זיינען זיי אים פּלוצלונג באַפאַלן. ער האָט עטלאַכע צע'דמ'ט און צע'מזיק'ט און אַ שפּיי געטאָן זיי אין פּנים:

— נעמט מיך, טרומן. אַ קונץ, איר אַלע און איך איינער. אַדרבא, פּרובירט איינער אָדער צוויי אַף מיר „גיין", מיט געווער צי אָן געווער.

זיי האָבן אים ניט געענטפערט, געפרייט זיך, וואָס ער גיט זיך אַליין אונטער.

דער שטאָט־ריכטער, זיך דערוויסנדיג פון געפּאַקטן העכט, האָט פון שמחה אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן. ער האָט געטראַכט, אַריבערצולויפן צו אָנקל ביל׳ן, אים דערציילן פון געווינס, אָבער זיך באַזינט — ער וועט אים בעסער מאָרגן מאַכן אַ סורפּרייז:

— ווילסט עפּעס זען, בילי? — קום אין תפיסה!

און דאָרט וועט ער אים ווייזן געשמידט אין קייטן דעם יונג דזשאַנסאָן. ווידער איז דער ריכטער געווען אַ קליין קראַנק מענטשל, האָט ער ליב געהאַט זיך צו איזדעקעווען איבער אַ שטאַרקן און ווען קאָן ער עס אַזוי גוט באַווייזן, ווי ווען יענער איז געבונדן.

אָבער אַף מאָרגן, ערשט אַ גאַנצער טומל. אָנקל בילי קערט איבער דעם שטאָט־זאַל און איז בייז אַף דעם קליינעם ריכטער מער ווי אַף אַלעמען. וואָס איז? ווידער אַ קאַפּריז:

— מ׳זאָל דזשאַנסאָנ׳ען שוין אַרויסלאָזן. ער, בילי, דאַרף ניט זייער הילף, ער איז ניט קיין טרוס, זיינע חשבונות מיט דזשאַנסאָנען וועט ער אַליין שליסן.

— מער וועט איר שוין קיין ריכטער ניט זיין! — האָט ער געקלאַפּט באַם ריכטער אין טיש.

דער ריכטער איז געווען בלאַס — אַרומגעגאַנגען מיט אַ קאָפּ ווייטאָג, מורא געהאַט עס צו דערציילן דער ווייב. ער האָט איר ירושה שטוב פאַר׳משכנ׳ט אַף ערשטע און צווייטע היפּאָטעק, די געלט אין פּאַרטיי אָוועקגעגעבן, אַבי צו זיין אַ ריכטער. ער האָט דאָס, אמת, אַזוי לייכט באַ איר ניט גע׳פּועל׳ט, ער האָט זיין גאַנצע אַראַטאָרישע קראַפט אָנגעווענדעט, איר צו ווייזן, ווי די איבעריגע, געוועזענע ריכטער, זיינען בלויז נאָך איין טערמין רייך געוואָרן.

זי האָט אַלץ צו אים ניט געהאַט קיין צוטרוי.

— אַלע יאָ, אָבער ניט דו.

איצט וועט זי זיין גערעכט.

און די געוועזענע חברים, די קליינע ווינקל אדוואקאטן, וואס ווען ניט פראהיבישאן שטארבן זיי פון הונגער, ווי די הינט, זיי וועלן ערשט נעמען נקמה. טאקע צופיל זיי אין די ביינער אריין. בא יעדער ווארט זיי אפגעשטעלט:

— איך דיינק ניט אזוי.

און זיי מוזן זיך דערנידעריגן און חנפה'נען:

— יור האנאר.

* * *

ווי אזוי בילי באסטער האט זיך צו אזא הויכער מדרגה ארויפגעארבעט? ווען מען פרעגט עם בילי'ן, וואלט ער געלאכט מיט זיין ברייטן שמייכל.

ניט שווער, מ'דארף נאר די מדינה פארשטיין. אין אונזער לאנד טאר מען זיך ניט קוואפען אף קליינינקייטן. פאר דער חברה, וואס קוואפעט זיך אף קליינינקייטן איז דא א טורמע.

ער איז אמאל אויך אזא נאר געווען, גע'גנב'עט א ברויט מיט א געוויכערטן חזיר בא א פארמער, האט מען אים געכאפט און פאר חדשים אן א צאל געהאלטן פארשפארט הינטער גראטעס און מענטשן האבן געלאכט און ניט נאר זייטיגע, נאר אפילו חברים פון זיין גלייכן האבן אויך געלאכט:

— בילי באסטער איז אף קעסט בא דער רעגירונג.

א צווייטן מאל האט ער שוין גע'גנב'עט א זייגערל אין א גאלדווארג געשעפט און עם פארזעצט בא מר. ברײדי, דעם באלעבאס פון א שיין באפארבטן „הייזל". מען האט אים געכאפט און מענטשן האבן ווידער געלאכט:

— א שלים מזל.

זיין קאפ האט אבער ניט געקאנט באנעמען, פארוואס אים, יא אין טורמע און ברײדי'ן ניט. ער האט דאך פארן זייגערל געקראגן אינגאנצן א מיידל אף מינוטן און נאכדעם האט מען אים ארויסגעווארפן דערפאר, וואס ער זיצט דארט צו לאנג. און ברײדי'ס האב און גוטס איז דאך פון גע'גנב'עטע זייגערלאך: אט די גרויסע

ליכטיגע שטוב מיטן לימאזין. אדרבא זאל ברײדי זאגן — וואו האט ער עס גענומען. אבער קײנער פרעגט עס ברײדי׳ן ניט. ער איז דאך מיסטער ברײדי! דער „טראפיק״ פאליציימאן, אז ער דערזעט אנקומען דעם לימאזין מיטן שווארצן שאופער, מאכט ער גלײך פרײ די וועג.

דעמאלסט איז בילי באסטער געקומען צום באשלוס:

— מער לאכט איר פון מיר ניט. איך וועל לאכן פון אײך. איך ווער א מענטש מיט לײטן גלײך.

ער איז אוועק אין געסל וואו די מײדלאך שטײען אין די פענצטער.

האט א מײדל צו אים געוואונקען, האט ער איר געענטפערט:

— ניט דאס, מײן טײערע, זוך איך.

ער האט זיך געדרײט פון אײן פענצטער צום צווײטן ביז זײן אויג איז געפאלן אף א שײנער צוציענדער מײדל. ער איז צו איר ארײנגעגאנגען און געזאגט:

— ווילסטו חתונה האבן, קריגן א בחור, וואס זאל דיך קאנען באשיצן? זעסט מוסקולן! ניט יעדער שיכור וועט קאנען אוועק־גײן אן באצאלט פון אונזער הויז, וואס מיר וועלן עפענען...

דער מײדל איז עס געפעלן געווארן. צי זײנע אפענע הארציגע ווערטער, צי זײן געזונטער שײנער קערפער און אפשר בײדע זאכן צוזאמען — זי האט מסכים געווען, און זײ האבן א קלײן הײזל געעפנט. מיט דער צײט האבן זיך זײנע הײזלאך צעשפרײט אף אלע גאסן און מ׳האט דעם „אנהויב״ פארגעסן און הײנט איז ער „אנקל בילי״ דער גרויסער פאליטישן, א מענטש פון דער געזעלשאפט, א מענטש מיט מארך, כמעט א „גרויסער״ מענטש.

און ער איז עס טאקע. אט איז געקומען וואל־צײט, צווײ קאנ־דידאטן פאר שטאט מעיאר, אײנער געגן „פראהיבישאן״ און דער צווײטער פאר „פראהיבישאן״ און דערצו נאך א „קלען״־מיטגליד.

די פאליטישנס פון דעם געגן־פראהיבישאן קאנדידאט, זײנע געוועזן זיכער, אז „אנקל״ בילי איז מיט זײ, ווײל ווער נאך, ווי בילי, איז אן אנטי־פראהיבישאניסט? און ווידער איז דאך דער

צווייטער קאַנדידאַט אַ קלעניק און אַנקל בילי איז דאָך אַ קאַטױ־
לישער, דער פּאַטער יאַאַנוס איז דאָך באַ בילי׳ן אַ גאַנצער בן־בית.

און נאַדיר גאָר — באַ די וואַלן איז גאָר בילי מיטן קלעניק.
ער און די גאַנצע חברה „בוטלעגערס“, וואָס ציילן זיך אין אַזוי פיל.

— בהמות! — טענה׳ט ער צו די חברים „בוטלעגערס“ און
הייזלאָך־באַלעבאַטים — פאַר אונז איז נאָר גוט אַזוינער. אַז
פּראָהיבישאָן וועט זיין אויס, וואָס וועלן מיר טאָן? פאַרוואָס
פאַרשטייען עס די קלוגע אַדוואָקאַטן, ווייל זיי זיינען געבילדעט.
הערט ניט דזשאַנסאָנ׳ען! אַי ער געהערט צום קלען? — דאָס איז
דאָך נאָר אַ שפּיל אַזאַ. ער, דער מעיאָר אַליין לאַכט פון דעם. ער
זאָגט: זיינען די רעפּובליקאַנער — רעפּובליקאַנער. מיין זיידע
איז דאָך געווען אַ פּראָטעסטאַנט און איך אודאי, כאַ... כאַ...
זעסט דעם צלמ׳ל...

— חברה! — רייצט זיך אַנקל בילי, — איר ווילט אים זען,
קומט היינט באַנאַכט צו אַ פּאַרטי.

אויף די טישן זיינען געשטאַנען אויסגעשטעלט קענעדער בראַנפן,
ענגלישע „דריי שטערן“ און דייטשע שערעבראַנדע. און צווישן
די געסט — דער מעיאָר־קאַנדידאַט אַליין, מיטן פּראָהיבישאָן־
אַגענט, מיסטער ביילי. חברה טרינקען, טומלען און אַנקל בילי
שווייגט. מיטאַמאָל שטעלט זיך אַנקל בילי אויף, נעמט אַרויס אַ
קלען עמבלעם, טרעט עם מיט ווילדקייט און קוקט, אַז דער מעיאָר
זאָל ניט אָפּשטיין פון קאָמפּאַניע.

* * *

אין דערזעלבער שטאָט, ווי אין אַלע שטעט, איז דאָ אַ קאָמערץ־
קאַמער. האָבן זיך דאָרט אַריינגעכאַפּט, ווי אין אַלע שטעט די
פאַבריקאַנטן און לאָזן ניט אַריין קיין פרעמדע פאַבריקן; האָבן
מורא, אַז אַרבעט־שכירות זאָלן זיך ניט העכערן, איז עס בילי׳ן
ניט געפעלן געוואָרן. אַ פאַרטרעטער פון אַ פרעמדער פאַבריק
האָט אים צוגעזאָגט עטלאַכע טויזנט דאָלאַר און אַ קאָנצעסיע אויף
אַ „הייזל“ לעבן פאַבריק. איז בילי אַריין אין קאַמף מיט די פאַב־

ריקאנטן. דער אָנגעשטעלטער האָט ארייננעשיקט א פּובליסיטי אגענט, א קלוגער פּיפּינער בחור, וועלכער האָט אויסגעארבעט א שרייענדיגע לאָזונג: „אָנקל בילי, דער ארבעטער פריינט, איז פאר מער פאבריקן".

די שטאָט פאבריקאנטן, האָבן דעם קאמף באגעגנט, און עס איז געוואָרן א געראנגל אף לעבן און טויט.

אָנקל בילי וואָלט געווים געוואונען, ווייל עס זיינען צו אים צוגעשטאנען א סך „ארבעטער-פריינט", אזעלכע, ווי די קרעמער, בוטלעגער, הייזלאך-באלעבאטים און עטלאכע פארשטויסענע פּאָלי־טישנס. נאָר איין פרימאָרגן זיינען די צייטונגען ארויסגעגאנגען מיט א גרויסן קאָפּ: „אָנקל בילי'ן" האָט מען געפונען א טויטן. ווער עס האָט אים גע'הרג'עט איז געבליבן א סוד, צי זיין שונא, דער יונג דזשאנסאָן, אָדער די שטאָטיגע פאבריקאנטן האָבן עמיצן אונטערגעשיקט.

עס האָט אויך קיינעם ניט אינטערעסירט צו וויסן. דער פאר־טרעטער פון דער פרעמדער פאבריק מיטן פּובליסיטי אגענט זיינען אוועקגעפאָרן. אָנקל בילי'ס אָרט האָט פארנומען דער יונג דזשאנסאָן, וואָס האָט שוין געהייסן מיסטער דזשאנסאָן... און אָנקל בילי'ס ווייב, די אַמאָליגע שיינע צוציענדיגע מיידל, האָט אריינגענומען אַן אנדער געזונטן יונג. און די הייזלאך האָבן זיך נאָך שטארקער צעבליט. — — —

# אין וואַלד

חדשים שוין, ווי טאָג נאָך טאָג, שנייאיג, צי פּראָסטיג — אפילו אין אַזעלכע טעג, וואָס אַלע מאָל האָלט מען זיי פאַר יום־טובדיגע — פון זון־אויפגאַנג ביז זון־אונטערגאַנג — האַקט מען אויס דעם גרויסן, אַלט צעוואַקסענעם מאַצקונער וואַלד.

וואָס אַ טאָג ווייטער, ווערט די האַקעריי אַלץ שטאַרקער... דערפער־גויים פון ווייט אַרום, וואָס האָבן גערעכנט דעם ווינטער, ווי אַלע ווינטערן, אויסצורוען די ביינער נאָך די שווערע זומער אַרבעט, אַף די וואַרעמע אויוונס, וואָס זיי האָבן אפשר ביז איצט גאָר ניט געהערט פון מאַצקונער וואַלד, וואָס זיי געהערן גאָר צו אַנדערע פּאַראַפיעס, לאָזן זיך אַהער אַרונטער, אָנגעפּאַקטע אין לאַנגע שליטנס, מיט זעק און העק.

ווי נאָר דער רוף־אייזן צעקלינגט זיך, אַזוי גיבן זיך אַלע אַ לאָז אַריין אין וואַלד און קלעפּ געזונטע צעיאָגן זיך איינס נאָך דאָס אַנדערע...

מען האַקט אפילו ניט מיט אַ סדר, נאָר מע לויפט נאָך שלמה׳ן, אַט דעם היימישן וואַלד־סוחר, מיט די צוויי אויסגעפּוצטע פרעמדע סוחרים, וואָס שפּרינגען ווי וועווערקעס איבערן וואַלד מיט פענזעלעך קאַלך און צייכענען די גראָבע צעוואַקסענע ביימער.

— האַקט, מאַנסבילן! מוטיגער! ווערט ניט זיין קאַלט!

די ביימער קרעכצן ווי געשאָכטענע קעלבער, דער וואַלד דערהערט עס, כאַפּט אויף און חזר׳ט עס איבער, כאָטש דער געפאַלענער בוים איז שוין שטיל. ער פּרובירט זיך אָנכאַפּן אָן די זייטיגע ביימער און פאַלט אום, מיטברעכנדיג עטלאָכע צווייגן פון אַ שכן־בוים...

און די זון, וואָס פאַר אַזוי פיל צענדליגער יאָרן, שוין אין צווייטן הונדערטער לאַנג אַריין, האָט זיך אַרומגעדרייט נאָר איבער

די וואלד־שפּיצן און ניט געקאַנט אריינקוקן אין וואלד — איצט, ווי נאָר אַ בוים פאלט אום, צעלייגט זי זיך גלייך ברייטלאך אפן אָפּגעהאַטן וואַרצל און קריכט אוועק אלץ ווייטער, פּייזיש זוכנדיג, אין דער וואלד־טיפקייט.

* * *

מיקאַס דער וואלד־וועכטער, וואוינט אין וואלד־שטיבל און ווייסט ניט, צי איז ער נאָך וועכטער צי ניט. ווייל זינט שלמה האָט אָפּגעקויפט פון פּריץ דעם וואלד, האָט ער אראָפּגעבראכט זיינע „מענטשן" און זיי האָבן זיך, ביי אים, מיקאַסן, גאָר ניט פרעגנדיג, אריינגעקליבן אין דער אַנדער האלבער שטוב.

די שכירות זיינע האָט אים דער פּריץ שוין לאַנג באַצאָלט. ווי אלע יאָר, גלייך מיט אלע פּאַראָבקעס פון הויף: פּופּציג רובל און אַרענדאַריע.

דער פּריץ האָט אים גאָר ניט געזאָגט, אַז דער וואלד איז פאַרקויפט, און אַז שלמה האָט אים גערופן האַקן די בוימער, האָט מיקאַס זיך געקראַצט אין פּאַה, ניט געוואוסט וואָס צו טאָן, גיין צי ניט גיין. ווייל — צו וועמען געהערט ער? צום פּריץ? אָדער צו שלמה'קען?

ער איז געגאַנגען!

האַקט מיקאַס די בוימער און ביי יעדן פאל פון אַ בוים, ווערט מיקאַס בלאַס און שילט דערנאָך זיך אליין:

— צוליב די עטלאַכע גילדן אַ טאָג, האַק איך די בוימער!

ער בויגט זיך אום מיט רחמנות איבערן געפאַלענעם בוים, ציילט זיינע ראַנדן:

— אכציג רעדלאַך! אכציג יאָר, צוויי פּריצים האָט דער בוים שוין איבערגעלעבט נאָר ניט דעם יונגן פאַניטש, דעם שאַרלאַטאַן.

מיקאַס וויל וואַרפן די אַרבעט. אים דוכט זיך, אַז ער האַקט ניט די בוימער, נאָר זיינע פינגער, זיינע, מיקאַסעס פינגער... אַ לעבן אַ גאַנצן געהיט דעם וואלד, בעסער ווי זיין מאַרינקען, זיין איינציגע טאָכטערל, ניט געלאָזט קיין האַק זיך אריינגאַנווענען

אין וואַלד, די אייגענע הרובע געהייצט נאָר מיט טרוקענע צווייגן. געזשאַלעוועט צו טשעפּען די בוימער וואָס האָבן זיך געגרעבט, ווי קעלבער אויף פּעטער פּאַשע. ער האָט גאָר ניט געטראַכט פֿון דעם, אַז דער וואַלד איז ניט זיינער, נאָר דעם פּריץ'ס, און מאַרינקע איז זיינע, מיקאַס'עס. — — — —

מיקאַס האָט געטראַכט גיין צום פּריץ און אים זאָגן:

— גרויסער פּריץ, לאָז ניט האַקן דעם וואַלד. דאַרפסט געלט, אָט האָב איך אַ פלאַש פול געפּאַקט מיט געלט. אָפּגעשפּאָרט פֿון אַלע יאָרן אויף אַ טרונע מיט אויסריכטונג, נאַ, נעם דאָס!

האָט ער אָבער ניט געוואוסט, ווי עס אַראָפּצוקייקלען פֿון צונג, כאָטש אָפּן שפּיץ איז עס געלעגן... ניט ווייל ער האָט זיך געשעמט, צי געזשאַלעוועט דאָס געלט, נאָר פּשוט, מיקאַס קאָן ניט אָפּזאָגן אַזאַ לאַנגע דרשה... עס פֿעלן אים אויס די ווערטער... ער קאָן זיך זיי ניט דערמאָנען... ווייל ווערטער האָט ער זעלטן־ווען גענוצט, אויסער עטלאַכע, צו בוימער... אַ גאַנץ לעבן איז ער שטום אַרומגעגאַנגען טאָג און נאַכט, מיט אָנגעשפּיצטע אויערן און איינגעהאַלטענעם אָטעם: צי איז ניט אַמאָל דאָ אַ האַק צווישן די בוימער?...

און אַז מיקאַס האָט געכאַפּט עמיצן אין וואַלד, האָט ער אויך ניט גערעדט. זיך אין דער שטיל צוגעפּויזעט אויף אַלע פיר און פֿון הינטן, זיך פּלוצלונג אַרויפגעוואָרפן אויפן מענטשן מיט דער האַק... און זיך געקייקלט מיט פאַרביסענע ליפּן, טראַסקענדיק דעם פרעמדן אין די זייטן און אונטערן האַרצן (דאָרט, האָט מיקאַס געהאַלטן, ליגט דעם מענטשנ'ס נשמה) ביז דאָס טרעשטשען פֿון די צווייגן איז פאַרשטומט געוואָרן. דעמאָלט האָט מיקאַס זיך אויפגעהויבן, פאַררויכערט די ליולקע, אַ שפּיי און אַ בריק געטאָן און מיט רואיגקייט אוועק אהיים:

— ער וועט שוין מער ניט האַקן קיין בוימער!

אזוי האָט מיקאַס צע'הרג'עט יאַנעקן, בראַנעקן, מער־קאַניוקן און נאָך. מיקאַס קאָן אַלעמען ניט געדיינקען.

נאר איין אנדריוק האט אים, מיקאסן אליין, שיר ניט אוועק־געלייגט...

נאך א ראנגלעניש מיט אנדריוקן, האט מיקאס זיך פון בעט ניט געקאנט אויפהויבן פאר וואכן לאנג און איז ארוים מיט אן אפגעשלאגענעם לונג, וואס האלט אין איין הוסטן. — — —

זינט יענעם מאל, מוז ער יעדע וואך פארן צו בערעקן, דעם הויף־פארוואלטערס ברודער, יודל דער פעלשער, ער זאל אים שטעלן באנקעס...

מיקאס האט א פלייצע א גרויסע, קאן פארנעמען א פינף און צוואנציג באנקעס, אבער יודל פעלשער ווייסט שוין ווי אויסצור־שטעלן די גאנצע פלייצע נאר מיט צוואנציג:

— נאר פאר דיר מיקאס, ווייל מיין ברודער בערעק איז פאר־וואלטער אין „דיין" הויף... זיינען מיר דאך עפעס ניט קיין פרעמדע... ניט קיין קאפיקע א באנקע וועל איך ביי דיר נעמען, בלויז פופצן קאפיקעס פאר די גאנצע צוואנציג.

— איך מיט בערעקן, ווי צוויי ברידער, א גוטער מענטש, גאר ניט ווי קיין איד...

מיקאס באווייזט נאך ניט צו ענדיגן ריידן ווי יודל פעלשער איז שוין פארטיג מיטן באנקעס שטעלן:

— מיקאס, אט האסטו שוין דיינע צוואנציג באנקעס, אלע געהאקטע.

— יודעלאס, ברודערל, נאך איינע, אט דא אויבן די פלייצע בייסט, איז ניט קיין געהאקטע, כאטש א טרוקענע...

— מיקאס, וועסט דאך קיין זעכצנטע קאפיקע ניט געבן!

— יודעלאס, בערעק דיין ברודער איז מיין פריינט, איך וויל ניט אומזיסט, איך וועל דיר ברענגען א פריש איי...

יודל גיט נאך, שטעלט ארויף נאך א באנקע, אבער מיקאס פילט זיך נאך מער צעררייצט... איז ניט צופרידן. אט ווען ער איז א פריץ, הייסט ער יודעלאסן שטעלן באנקעס, ניט געציילט, וואו נאר ער קאן... אי, כאטש נאך איין באנקע באם פאכווע...
ער וועט יודעלאסן קיין איי ניט ברענגען, א שלעכטער מענטש,

ניט גלייך צו בערעקן. יענער וואלט ניט געזשאלעוועט קיין באנקעס. אט זיצט אויפן באנק ביי יודעלאסן, הארט נעבן אים, א בעטלער. איז זיין פלייצע אנגעשטעלט פול מיט באנקעס. ער האלט אין איין אויסנארן פון יודעלאסן באנקעס:

— א ליגן יודעלאס, עס איז נאך ניטא קיין 13 באנקעס! נעמסט אומזיסטע געלט בא אן ארעמען מענטשן, וועסט זיין אין גהינום!

יודל ווערט בייזאלך, גייט צו אים צו און קלאפט אים די באנקעס:

— אט קלאפ איך זיי אויס, איינס, צוויי, דריי, פיר...

— ביסט א מאשעניק, יודעלאס, די קלאפסט דיזעלבע באנקע צוויי מאל.

יודל רוקט אים מיט כעס אונטער צוויי שפיגלען:

— נא, זעסט די פלייצע, צייל!

— כישוף, יודעלאס, איך זע טאקע מיין פלייצע... אי איך חלש!

יודל שפריצט אים אפ מיט קאלטע וואסער:

— נאדיר שוין נאך א באנקע!

און דער בעטלער עפנט אויף די אויגן ווי א האן באגינען.

מיקאס קאן ניט צוזען די גנבה'שע קונצן פון בעטלער, ער איז אים אבער אויך מקנא, וואס ער קאן אזוי גוט ריידן. ער זוכט שטילערהייט אויף דעם בעטלערס פוס און טרעט אים מיטן גאנצן כח ארויף אזוי, אז דער בעטלער צעקרימט זיך פון ווייטאג...

* * *

אין וואלד ארבעט איצט אויך אנדריוק, זייט ביי זייט מיט אים, מיט מיקאסן, אזוי, אז עס קומט אמאל אויס, אז ער מיט אנדריוקן לאזן ביידע ארונטער דעם זעלבן בוים. מיקאסן דינגען דעמסמאל די הענט ניט און ער צעהוסט זיך נאך שטארקער, כאטש מיקאס וויל די הוסטן פארשטיקן:

— זאל אנדריוק קיין נקמה ניט זען...

און אנדריוק, נאָך יעדן הוסט, פּינטלט ממזר׳יש מיט די אויגן:
— די קאָפּ אַפּן „מאַגילע״!

מיקאַס שטייפט די קולאַקעס, דערמאָנט זיך גיך, אַז ער איז ניט ווי אַמאָל, און לאָזט זיי פאַנאַנדער. ער כאַפּט אָן אַנדריוק׳ס האַנט, קוקט אים אָן מיט וויינענדיגע אויגן:

— אַנדריוק, זיי מיר מוחל, מיין שולד געווען, געשלאָגן ווי אַ הונט צוליבן פּריץ, דעם הולטאַי.

אַנדריוק וויל ניט הערן, רייסט אַרויס די האַנט:
— פאַרשאָלטענער וואָרעם!

מיקאַס לאָזט אים איבער, גייט אַוועק מיטן האַק צו אַן אַנדער פּאַרטיע העקער, גריזשקאַנאָף שרייט נאָך:

— קינדער! האַלט אָפּ, שטילער! האַקט ניט די בוימער, דער געטרייער הונט, מיקאַס גייט!...

און מיקאַס בלייבט שטיין אַליין אַ צעטומלטער און ער צעהוסט זיך נאָך שטאַרקער.

נאָך דער אַרבעט, אין אָוונט. דער גאַנצער הימל איז מיט שטערן באַשאָטן, ווי זיי, די שטערן, וואָלטן אַרויס אָנקוקן וואָס פון גרויסן מאַצקונער איז געוואָרן.

אָט בוימער לאַנגע, גראָבע, ליגן ווי צעשניטענע קאָרן, איינער אין צווייטן איינגעפּלאָנטערט אַרום די ווייס־גאַרביגע שטאַמען וואָס קוקן אויס ווי צערונצלטע שטערנס. און די קליינע, נאָך ניט אויסגעוואַקסענע בוימער, וועלכע האַק האָט ניט געלוינט צו האַקן, איינגעוואַוינט צו זיין איינגעטוליעטע אין וואַלד געדיכט־קייט, קוקן צעשראָקן אויף דער נאַקעטער נאַכט און ציטערן פון קאַלטן ווינט. די העקער מיט די העק אויף די פּלייצעס, וואָס בליצן מיט זייער שאַרפקייט, ווי נאַכט־וועריס, האָבן זיך צעלאָזן אַהיים איבער די פעלדער מיט אַ געזאַנג.

מיקאַס האָט אויך געוואָלט אונטערכאַפּן דאָס געזאַנג, אפשר פאַרזינגען דעם ווייטאָג מיטן הוסט... קאָן ער ניט. אַ לעבן ניט געזונגען, ווייסט גאָר ניט ווי צו עפענען דאָס מויל צום

זינגען. אָבער ניט דאָס. אַנדריוק קוקט אים שפּאָטיש אָן, ער קאָן נאָך אַ זאָג טאָן:

— אוי חברה, וואָס איז די שמחה מיט מיקאָסן ?!

מיקאָס פאַררוקט זיך אין אַ זייט. זעצט זיך צו אויף אַ בוים־שטאָם, פאַררוויכערט די ליולקע און ציט דעם רויך שטאַרק... שטאַרק...

די העקער זייַנען שוין ווייט. דער געזאַנג, קוים וואָס מע הערט. פאַרקייקלט זיך אין די טאָלן. מיקאָס הויבט זיך אויף און שלעפּט זיך מיד אַהיים...

* * *

אין דער היים, אין קליינעם שטיבל באַגעגנט אים די באַלע־באָסטע מיקאָסעכע. זי קוקט אים אָן דורכן רויך וואָס איז פול פון די קינעלאַך... אַפן טיש איז אַלץ געגרייט און אין דער הרובע הייצט זיך. מיקאָס וואַרפט בייזלאַך אַרונטער די היטל, די צוגע־פּראַרענע וואָנצעס „צעגייען" זיך פון וואַרעמקייט. מיקאָס רייבט זיי אויס, זעצט זיך באַם טיש, נעמט דעם גרויסן לאַבן ברויט און שניידט אָן גרויסע דיקע ריפּטלאַך. ער שניידט און שניידט אָן אָפּשטעל; מיקאָסעכע קוקט אים אָן. זי האָט מורא אים אָפּצו־שטעלן. זי זעט ער איז היינט בייז... ער קוקט זיך אום:

— וואו איז מאַרינקע?

ער וואַרט ניט אויף קיין ענטפער. ער זאָגט עס מער צו זיך, ער ווייסט וואו מאַרינקע איז: שלעפּט זיך אַרום מיט די העקער. זיי האָבן אָנגערוויכערטן חזיר מיטגעבראַכט פון ווייטער היים, פוטער געזאַלצענע, נאָר ניט ווייב... איז מאַרינקע דאָ...

אַ שיין, געזונט מיידל. מיקאָס האָט געהאַט אַן אויג אַף אַ יונגן שיינעם, געזונטן שקאָץ, אים אַריינגענעמען אין שטוב פאַר אַן איידעם און אים איבערגעבן דעם ביקס מיטן וואַלד. איין אָוונט קומט מאַרינקע אַ צעווייטאָגטע, וויינענדיג און פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ, ווי דער הונט ווען ער קומט מיט אַן אונטערגעהאַקט פּיסל...

מיקאָס האָט איר שטום אָבער שאַרף אָנגעקוקט:

— ווער? — דונערט מיקאסעס שטים, און די פויסטן שטייפן זיך. (דאָס איז נאָך געווען איידער מיקאסעס לונגען זיינען געווען אָפּגעשלאָגן פון אנדריוק'ן...).

מארינקע קאָן ניט אויסהאַלטן דעם טאַטנס בליקן און זי ווײנט ארויס:

— דער פאַניטש!

— ער, דער הולטיי! זיך ניט געשעמט ניט פאַר גאָט, ניט פאַרן אַלטן וואַלד, ווי אַ הונט מיט אַ צוויג אויף־די שטעכיגע גראָזן.

אויף מאָרגן איז מיקאַס גלייך געגאַנגען אין הויף צום פּריץ. ער איז געווען בייז און געטראַכט עפּעס צו טאָן, אָבער ער האָט ניט געוואוסט וואָס. עס איז נאָך געווען פרי. די פאָרהאַנגען אין פּאָקאָי זיינען געווען אַרונטערגעלאָזן. מיקאַס האָט אַרומגעשפּאַנט אומגעדולדיג אין הויף און געצויגן שטאַרק די ליולקע, אַזוי, אַז פונקען זיינען געפלויגן. דער עקאָנאָם האָט זיך געבייזערט:

— מיקאַס, וועסט דאָך אונטערצינדן דעם הויף!

ווען דער פאַניטש איז אַרויס אויפן הויף, איז שוין די זון געשטאַנען אויפן מיט־הימל. דער פּריץ איז געווען שלעפעריג און אויסגעמאַטערט, מיט אַרומגעבונדענע הענט. ווען ער האָט דערזען מיקאַסן, האָט ער זיך צעשריען, גענומען זידלען אַלץ וואָס לעבט:

— אַ בעסטיע, צעבערענט די גאַנצע הענט אין קראָפּיווע!

מיקאַס, וואָס האָט געהאַט זיך צוגעגרייט מיט אַ גאַנצע טענה און אַזוי פיל כעס, האָט זיך גענומען דוכטן, אַז ניט ער האָט טענות צום פּריץ, נאָר דער פּריץ צו אים... עס האָט מיקאַסן אויסגעזען דיזעלבע זאַך מיט מער ווייטאָג... אָט איז ער דאָ ניט לאַנג געקומען מיט פּרעטענזיעס צו יוזעקן הלמאי יענער האָט צעקלאַפּט זיין, מיקאַסעס, הונט דאָס פּיסל... און יוזעק ווייזט אים הינערשע קעפּלאַך מיט שטיקלאַך פאַרבלוטיגטע העלזלאַך...

מיקאַס איז געקומען אַהיים אַ בייזער, גענומען דעם סענקעוואַטן שטעקן און געשלאָגן מארינקען ביז בלוט:

— אויסגעלאַסענע מויד!

מארינקע האָט געשוויגן, פאַרביסן די ליפּן. איר האָט פאַר־דראָסן פאַרוואָס זי האָט זיך געראַנגלט מיטן פּריץ... צו וואָס? אַז דער טאַטע פאַרשטייט איר ממילא ניט...

פון דעם טאָג אָן איז מאַרינקע געקראָכן אין הויף... ביז דער פּריץ האָט דערזען, אַז זי האָט אַ גרויסן בויך, האָט ער זי אַרויסגעוואָרפן.

מאַרינקע איז ווידער געקומען אַהיים אַ וויינענדיגע. זאָל זיין וואָס עס וועט זיין, זי וועט דעם טאַטן אַלץ דערציילן. זאָל ער שלאָגן, רייסן מיטן שטעקן, אפשר... וועט דאָס וואָס צאַפּלט אונטערן האַרצן, אַרויספאַלן...

מאַרינקע דערציילט האַסטיג און גיך. זי דערציילט עס אים, קוקנדיג אין די אויגן: עס איז ניט איר שולד, ער, איר טאַטע, האָט איר אַליין צו דעם געשטופּט...

אָבער, מאָדנע. מיקאָס איז ניט בייז. ער שמייכלט.

מאַרינקע האָט מורא טאָמער פאַרשטייט ער ניט:

— שוין אין פערטן חודש, טאַטע!

מיקאָס שמייכלט. ער פאַררויכערט צופרידן די ליולקע און גיט אַ קלאַפּ אין טיש:

—באַלעבאָסטע! גיב דער טאָכטער עסן!

ביי מיקאָסן איז אין קאָפּ געוואָרן ליכטיג. ער האָט צוריק די טענות געקראָגן... איז ניט צום פּריץ זיי אַרויסלייגן. ער קאָן קוקן צו מענטשן מיט אָפענע אויגן און אפילו מיט שטאָלץ:

— מיין מאַרינקע האָט אַ קינד פון די בודוועצקים, די גרעסטע פּריצים אין געגנט.

צום פּריץ קאָן ער אויך צוגיין, ווי אַ גלייכער צו אַ גלייכן:

— זיין מאַרינקע האָט פון אים אַ קינד, אויך אַ בודוועצקי...

ביי אים, מיקאָסן, אין שטיבל, שפּאַצירט אַרום אַ קליין פּריצל, וואָס שעמט זיך ניט צו רופן אים, מיקאָסן, טאַטע.

אָבער זי, מאַרינקע, האָט אַליין פון זיינע טענות און גליק צונישט געמאַכט.

זי האָט זיך גענומען אַרומשלעפּן מיט די הויף־פאַראָבקעס, ביז

מיקאס האָט איר עטלאכע מאָל געכאפּט... ער האָט געכאפּט א ווידלע און זיי געיאָגט:

— שטשורעס! איך וועל אייך דערשטעכן!

און די יונגען לאכן, רייצן זיך מיט מיקאסן:

— מיקאס, און אז איך בין ניט קיין פּאניטש, טאָר איך ניט, וואָס? דו האלטסט דיין טאָכטער נאָר פאר פּריצים?...

מיקאסן פלעגט עס ווי טאָן, פּארדריסן אויף דער טאָכטער, וואָס האָט אזא גליק אין האנט, א בודוועצקי אין בויך און פּאר־צערט אים. קיינער וועט ניט גלויבן אז עס איז א בודוועצקי.

— מיט ווייניק יונגען זיך ארומגעשלעפּט? ווער קאָן וויסן וועמעס קינד דאָס איז?

* * *

מיקאס האָט געהאט אין הויף א קאלב אויף פּאשע. אזוי טוען אלע פּאראָבקעס. פּאשען אויס א קאלב ביז זי ווערט גרויס, אויס קאלב — א קו.

איין פרימאָרגן, דער פּאסטוך ברייננגט אים די קאלב. — דער פּריץ קאָן ניט האלטן קיין קעלבער אויף פּאשע פון פרעמדע מענטשן, וואָס געהערן שוין ניט צום הויף.

מיקאס איז דעם טאָג אין וואלד ניט געגאנגען האקן בוימער. דער הוסט האָט צו שטארק געוואָרגן. און יודל פעלשער האָט אים געזאָגט, אז אויב ער וועט האקן בוימער, וועט זיין אומזיסט דאָס באנקעס שטעלן...

מארינקע איז שוין אויך פּאר טעג לאנג אין שטוב ניט געוועזן. זיך צוגעטשעפּעט צו א וואלד־העקער און, ווי מע דערציילט, ליגן זיי ביידע אין שטאָט און שיכורן...

מיקאָס קוקט אויף דער קאלב, וואָס ציטערט פון קעלט... עפנט אויף די טיר פון שטוב און שלעפּט איר אריין.

מיקאָס זעט ניט קיין קאלב, נאָר זיך, זיין מארינקען, אלץ, אלעמען... ער זעט זיין גאנץ לעבן עפּעס קלאָרער ווי פריער. אן אָפּגענאַרט לעבן...

— מיקאָס, ביסט געווען א סאָלדאט! — האָט צו אים גערעדט

דער אַלטער פּריץ, ווען ער, מיקאַס, איז אָנגעקומען פּאַר אַ וועכ־טער אין וואַלד.

— יאָ, פּריץ, אַ יעפּרייטאָר !

— ווי איז, מיקאַס, ווען דו שטייסט אויף וואַך, קאָן דיין ברודער צוגיין נאָענט צו דיר ?

— ניין, פּריץ ! שיסן מוז איך, אויב ער גייט ניט אַוועק !

— אַזוי אויך דאָ, מיקאַס. נאַ דיר אַ ביקס ! און שיס יעדן ווער עס וויל גאַנווענען האָלץ, מעג עס זיין דיין אייגענער טאַטע !

מיקאַס האָט געפאָלגט. געשלאָגן זיך איבערן וואַלד מיט יעדן איינעם, מיט פריינט און קרובים. אָט, קוזמינאַס, איז געווען זיין, מיקאַסעס, בלוט און פלייש, זיין שוועסטערס אַ קינד — געהיט דעם וואַלד און ניט געקאָנט היטן זיין מאַרינקען. — — —

איצט, אוים פריינט. אוים מאַרינקע, נאָר אַ לונג אַ קראַנקען. מיקאַסן שטייפן זיך די קולאַקעס, אָבער ער מוז זיי אָפּלאָזן, ער צעהוסט זיך שטאַרק...

ער כאַפּט זיך אָן באַם האַרצן. די אויגן ווערן אים פול מיט טרערן. דער הוסט שטילט זיך איין. ער ווישט אוים די אויגן און זיין בליק פאַלט אויף דער וואַנט:

עס הייגנט דער ביקס !

מיקאַסן ווערט ליכטיג אין קאָפּ:

— שיסן ! — — —

דאָס קאָן מען מיט קראַנקע לונגען אויך !

* * *

אויך דאָ שטערט אים דער קראַנקער לונג... מיקאַס האָט מורא, ער זאָל זיך ניט צעהוסטן... מע קאָן אים נאָך דערזען מיטן ביקס... ער קאָן ווייט זיך ניט אַוועקרוקן, ער מוז ליגן גלייךביים ברעג, ביי די ראַנדן פון וועג.

דער פּריץ מוז דאָ דורכפאָרן...

מיקאַס איז שוין מיד. די אויגן מאַכן זיך אים צו. די פינגער פרירן. דער ביקס ליגט אַ קאַלטער און דער לונג דריקט, צווינגט צו הוסטן...

נאָר אַט הערט זיך אַ רווישן. מיקאַם לייגט צו דעם אויער צו דער ערד. דער רויש ווערט שטאַרקער. פון באַרג זעען זיך שוין די פערדישע קעפּ. יאָ, דעם פּריצ׳ס פערד. זיי פליען ווי די טייוואָלים. מיקאַם צלמ׳ט זיך איבער, צילט אָן דעם ביקס...

— אין הינטערשטן זיץ !...

דער ביקס האָט געטראָפן... עפּעס אַ מענטש האָט זיך געגעבן אַ קייקל אַרונטער פון בריטשקע... די פערד זיינען אַנטלאָפן אין אַ ווילדן גאַלאָפּ...

מיקאַם גיט אַ שליידער די ביקס, שפּרינגט צו, גיט אַ קער דעם מענטשן אויף דער אַנדער זייט :

— אוי, עס איז גאָר בערעק !...

מיקאַם לייגט זיך אויף דער קני, צלמ׳ט זיך איבער :

— אַ פאַרזינדיגטע נשמה, אַלמאַי געשאָסן ניט ווּעמען מע האָט געדאַרפט ! פאַרגיב מיר, בערעק...

מיקאַם הויבט זיך אויף. ער דערזעט אויף דער ערד צוויי זילבערנע צען קאָפּיקעס, אַרויסגעפאַלענע פון בערעקס קעשענע. מיקאַם הויבט זיי אויף און וואַרפט זיי גיך אַריין אין זיין קעשענע. די לונגען צעשפּילן זיך. ער צעהוסט זיך... ער שפּרייזט אַוועק אין שטעטל, גייט אַריין צו יודל פעלשער :

— יודעלאַם, נאַ, צוואַנציג קאָפּיקעס, שטעל אַ פּלייצע !

יודל שטעלט גיך, גיך, און מיקאַסן דוכט זיך, אַז יודעלאַם האַקט צו שטאַרק מיט דער שנייד־מאַשינקע... אפשר... ווייס יודעלאַם, אַז ער, מיקאַם, האָט געשאָסן זיין ברודער בערעק׳ן מאַכט זיך בכיון ניט וויסנדיג... אָט, אָט, באַלד וועט ער אים געבן אַ — שניט !...

מיקאַם גיט זיך מיט שרעק אַ צאַפּל. יודלס הענט ציטערן אויף, די מאַשינקע שניידט זיך טיף אַריין... און מיקאַם פאַלט אום אַ גע׳חלש׳טער...

# א שטאָט אין דער וועסט

סוף זומער. דער וועטער בייט זיך אַזוי אָפּט: דאָ אַזעלכע הייסע טעג, וואָס נאָר די „וועסט" קאָן עס באַווייזן צו געבן — וואָס מאַטערן אויס דעם אָרעמען מענטשן, מיטן גאַנצן ברען, און אָט קומען טעג בייזע, קאַלטע, אַזש צום שוידערן.

אמת, אויך אין די זומער חדשים קאָן די „וועסט" אָפּטמאָל אַרויסשפּרינגען מיט קאַלטע טעג, דאָך האָט זיך איצט געשפּירט דער האַרבסט מיט זיין גאַנצן אומעט און ס'האָט זיך געפילט דער אָפּשייד פון זומער.

דער גרויס־צעבויטער רעפאָרם־טעמפּל „בני איזראַעל" שטייט צעשפּרייט מיט זיינע רויט־געפּאַרבטע ווענט באַרגיג־אַרויף און ציט זיך צום גאַס מיט זיין לאַנגן, ווייסן, מורמלשטיינערנעם טרעפּ.

די ווײַנטרויב־קוסטעס אַרום טעמפּל געלבן זיך און פון די קאַשטאַן־בוימער פאַלן די קאַשטאַנעס איינער נאָכן אַנדערן מיט א סווישטש. געלע צעטריקנטע בלעטער וואַלגערן זיך אומעטום, „שפּאַצירן" אַרויף אַף די ווייסע טרעפּ, און דורך די אָפענע פענסטער קייקלען זיי זיך שטיל אַריין אין טעמפּל און לייגן זיך אויס אונטער די בענק.

דער דזשעניטאָר, דער נעגער, פּאַרקער, אַ בייזער, מיט אַ גרויסן בעזים אין די הענט, יאָגט זיך נאָך די בלעטער, קערט זיי גיך אויף און שיט זיי אין די בלעכערנע קאַנען. באַלד אָבער קומען אָן אַנדערע, מערער, אין גרעסערע קופּעס. און עס קוקט אויס, ווי זיי פירן אַ געראַנגל מיטן שוואַרצן נעגער.

* * *

דערדאָזיגער טעמפּל „בני איזראַעל" שטייט אָפן בולוואַר, וואו עס וואוינען די רייכסטע מענטשן פון דער שטאָט. אויסער דעם

אידישן טעמפל געפינען זיך אף דעם בולוואר כמעט אלע ניט־אידישע געבעט־הייזער.

זיי אלע, זיינען גרויס און שיין געפוצט ווי דער טעמפל „בני איזראעל”. קוקט עם טאקע אויס, אי, ווי די רייכע וואלטן פאר־כאפט גאט, אי, ווי גאט רוקט זיך אליין צו די רייכע.

אין אנדערע גאסן פון שטאט געפינען זיך אויך געבעט־הייזער. איין גאס האט אפילו אן אלט, האלב־איינגעפאלענע אידישע שול; די אלע זיינען אבער קליינע, פינסטערע, נעבאכדיגע, וואס קוים זיי האלטן זיך... קוקט מען אף די שיין־געפוצטע געבעט־הייזער פון דער בולוואר־גאס, דוכט זיך, אז זיי לאכן:

— אויך מיר טשוירטשעס!

די שטאט אליין איז אן אלטע. אמאל זיינען ארום איר געווען קוילן־גרובן. די שטאט איז געווען בארימט מיט אירע ווייכע קוילן איבערן לאנד. דא האבן די אייזנבאן־געזעלשאפטן אויסגע־בויט באן־וועגן ארום שטאט און זי פארקניפט מיט די גרעסטע שטעט דורך גלייכע דירעקטע וועגן. אין שטאט האט זיך אנגע־קליבן א מאסע נעגערס. די קוילן־מאגנאטן האבן זיי געבראכט און צוגעזאגט צו געבן זיי א היים. די קוילן־גריבער האבן זיך מיט יעדן יאר אלץ מער צעוואקסן און געפלייצט מיט קוילן, אזוי, אז די באנען האבן אפילו אף די אנגעשפונענע וועגן ניט געקאנט באוויזן די קוילן צוצעפירן. מען האט דעריבער געיאגט די באנען, דישנדיגע, ווי פארשוויצטע פערד, טאג און נאכט אן אפהאלט. די קעסלען האבן געזשיפעט און געקרעכצט. די באן־באלעבאטים האבן עס אבער ניט געוואלט הערן, און געוואוסט נאר איין זאך:

„קוילן! — קוילן”!

און מער נאך ווי די קעסלען האבן געקרעכצט די מענטשן. זיי האבן מידע, אן ווילן, געטריבן די באנען און דאס האלץ אונטער די קעסלען גערוקט, און וואסער אין די קעסלדיגע בייכער נעגאסן, זיי זאלן קאכן און לויפן...

אויך זייערע קרעכצן האט קיינער ניט געהערט. די קעסלען האבן זיי פארשריען. און אז אמאל אין דער נאכט־שטילקייט

האָט זיך זייערער אַ קרעכץ צעלאָפּן איבער די שטילע־שלאָפנדיגע פעלדער, האָבן אים די בערג אויפגעכאַפּט און אָפּגעשלאָגן צוריק:

— עס איז נאַכט, לאָזט שלאָפן!

איז דער קרעכץ אין נאַכט־עכאָ צעשאָטן געוואָרן און אויס־געגאַנגען...

דערהערט די קרעכצן האָט איינער, אַ יונגערמאַן, יודזשין, און ער האָט אַ געשריי געטאָן:

— נאַראָנים! קרעכצט אַליין ניט און מאַכט ניט די באַנען קרעכצן! זיי, די פּריצים פון די באַנען, וואָס באָדן זיך אין דער זון פון קאַליפאָרניע, וועלן אייערע קרעכצן ניט דערהערן; זיי וועלן אָבער יאָ דערהערן אייער שטילקייט!

די רייד פון יודזשינען זיינען געווען ווייכע און שטאַרקע, בעטנדיגע און באַפעלנדיגע. ניט קיין פרעמדער איז צו זיי יודזשין, זיי קאָנען אים. אַ שטילער, אַרבעטזאַמער יונגערמאַן, נאָר אַז זיין שטים איז אַזאַ זאַפטיגע און באַפעלנדיגע, דאָס האָבן זיי גאָר ביז איצט ניט געוואוסט!

זיי האָבן געפאָלגט. אָבער ניט געגלויבט. מידע האָבן זיי געוואָרפן די שופלען און די צוואַנגען און זיינען זיך איבער די היימען צעגאַנגען. די באַן־פּריצים זיינען פייל־אויסן־בויגן געקומען צולויפן מיט אַ געבייזער... די מענטשן פון די באַנען זיינען צעשראָקן געוואָרן און גענומען זיך שעמעוודיג קראַצן אונטער די אויערן.

— וואָס האָבן זיי דאָ געטאָן?!

איז אָבער יודזשין געשטאַנען און געמוטיגט די מענטשן פון די באַנען:

— ברידערלאַך, שרעקט זיך ניט! האָט ניט קיין מורא. זיי, די מאַגנאַטן פון די באַנען, דאַרפן מורא האָבן פאַר א י י ך. איר זייט די באַלעבאַטים...

די טעלעפאָן־דראָטן פון גאַנצן לאַנד האָבן ציטעריג גע־סקריפּעט:

— קוילן!

די באַן־מאַגנאַטן האָבן זיך דערשראָקן. אפשר וועט מען אַנדערשוואו צו אַן ענטפער זיך דערקלאַפּן, האָבן זיי זיך אונטער־געגעבן:

מער געלט און מער רו אין די נעכט!

די „מענטשן" פון די באַנען האָבן זיך אַליין ניט געגלויבט. שטאַר געקוקט אין אַלע זייטן:

— איז עס אמת? רו אין דער נאַכט און געלט נאָך מער! איז עס אמת? אָדער נאָר אַ חלום!

און זייער יודזשין איז געשטאַנען אַ שמייכלענדיגער, אַ שיינענ־דיגער:

— יאַ, ברידערלאַך! ס'איז אמת!

* * *

איצט זיינען די קוילן־גריבער שוין אויסגעשעפּט. טליעט זיך וואו ניט וואו אַ קליין קוילן־גרוב. ווייסט מען ניט צי וועט מען דאָ אַרבעטן מאָרגן צי ניט. די באַן־וועגן זיינען שוין מיט מאָך באַוואַקסן. שלייכט זיך אַמאָל דורך אַ פראַכט־צוג מיט קוילן, גייט ער פויל און לאַנגזאַם, מאַנעווורירט פון איין באַן־ליניע אויף דער צווייטער, און עס דוכט זיך, אַז ער איז אַ פאַרבליבענער פון אַמאָל, און בלאָנדזשעט איבער די באַן־וועגן...

יודזשין, שוין אַלט פון קאַמפן אַלערליי, איז נאָך אַלץ אין שטאָט. ער וואוינט אויף דער זעקסטער גאַס. אַלע אין שטאָט קאָנען אים און ווייסן, אַז אין דער שמאָלער שטוב, מיטן אַלט־מאָדישן גאַניק וואוינט יודזשין: אַ „ביג־מען", — אַ גרויסער מענטש — וועלכער האָט אַמאָל אין די יונגע יאָרן באַוויזן גרויסע זאַכן, זיך „געפּאַיט" (געשלאָגן) אַפילו מיט דער 'גאַווערנמענט" (רעגירונג) אין וואַשינגטאָן. מען האָט אים אַפילו אונטער גראַטעם פאַרזעצט און אים דאָך געמוזט אַרויסלאָזן פריי.

זיי, די שטאָט־מענטשן, האָבן אים געשטעלט כמעט אויף דער זעלבער הויך, ווי באָב פישער'ן, דעם „פּרייז־פּאַיטער", אָט דעם ביז ניט־לאַנג אומבאַקאַנטן סאַלון־מענטשן, וואָס די שטאָט־

צייטונגען שרייבן, אַז ער וועט געוויס געווינען דעם טשעמפּיאָן־טיטול פון לייכט־געוויכטיגן „פּרייז־פּאַיטער"...

ביי באַב'ן, וואָס וואוינט טאַקע אַנטקעגן יודזשינען, איז די שטוב יעדן טאָג פול מיט פּרעמדע מענטשן, וועלכע קומען מיט אים „שייקן" הענט; פאָטאָגראַפיסטן מיט זייערע קאַמערעס דרייען זיך אַרום און כאַפּן פּאָזעס, ווי באַב פישער עסט, ווי ער שפּילט זיך מיט זיין הונט, קיילי, אָדער ווי ער „פּאַיט" זיך מיט זיינע „שלעגערס".

יודזשין שטייט אין פענסטער און שמייכלט קריינקלאַך:

— נאַראָנים!

נאָר וואָס גייען זיי אים אָן. ניט זיינע מענטשן!

צו יודזשינען קומען אויך אַמאָל באַזוכער. זיינען עס אָבער ניט די מענטשן פון די באַנען, נאָך וועלכע ער, יודזשין, בייינקט אַזוי שטאַרק, נאָר גלחים, מיט פרומע פּנים'ער, וואָס האָבן געהערט, אַז יודזשין איז פרומער געוואָרן; אָדער זיי ווילן זען אַזאַ איינעם, וואָס גלויבט גאָר אַנדערש... אַמאָל קומען רייכע טוריסטן, וואָס פאָרן דורך די שטאָט און שטעלן זיך אָפּ צובייסן אין גרויסן „לאָנטש־פּלאַץ" פון דעם אַפּטייקער באָוער.

באָוער איז יודזשינ'ס אַ פּלימעניק. ער ברייינגט זיי ווייזן זיין אָנקל, פאַר וועלכן די „גאַווערנמענט" האָט אַמאָל מורא געהאַט...

יודזשינען פאַרדריסט עס, וואָס ער איז געוואָרן ווי אַ „פּיעט־שור" ביי זיין רייכן פּלימעניק אין רעסטאָראַן.

ער וויל שרייען, זיי זידלען, זאָגן, אַז ער איז ניט קיין „ביג־מען", ניט קיין באַב פישער, נאָר אַ פּשוט'ער באַן־מענטש, און בלויז צו זיי, די באַן־מענטשן, געהערט ער.

איז ער שעמעוודיג־ווייך, און די שטוביגע, וואָס היטן נאָך זיין יעדע באַוועגונג, ווי מען היט אַ קליין צעבאַלעוועט קינד, וואָס קאָן אָפּטאָן עפּעס אַ נאַרישקייט — פאַרשפּאָרן מיט זייערע בליקן זיינע רייד...

פילט זיך יודזשין ווי געפאַנגען אין זיין אייגענער היים. ער

רייסט זיך אַמאָל אַרויס און פּרובירט ריידן אין די זאַלן. אפשר וועלן דאָרט קומען יענע מענטשן פון די באַנען. ער וועט זיי זאָגן, אַז ער איז דערזעלבער יודזשין... בלויז זייערער — ווערט דער זאַל גאָר פול מיט די מענטשן, וואָס ער זעט טאָג איין, טאָג אויס ביי באַב פּישער...

— וואו זיינען זיינע מענטשן פון די באַנען? ווי קומט מען צו זיי און זאָגן: ער איז זייערער און וועט בלייבן זייערער!

איז ער געפאַנגען אין זיין אייגענער שטאָט, פון זיינע אייגענע אָרומיגע, אין זיין אייגענער היים!

* * *

די אַרבעטער־מענטשן פון שטאָט זיינען צוליב דער קוילן־אויסטריקעניש פאַראָרימט געוואָרן. קיין סך פאַבריקן זיינען ניטאָ. בלויז אַ פּאָר, וועלכע גיבן ווייניג אַרבעט, און צאָלן נאָך ווייניגער.

צוליב די אָנגעשפּונענע באַן־וועגן האָבן פאַבריקאַנטן פון דער פרעמד געוואָלט דאָ אין שטאָט פאַבריקן עפענען. דערלאָזט עס ניט די קאָמערץ־קאַמער, וואו עס זיצן טאַקע די באַלעבאַטים פון די „יושר" פאַבריקן. זיי האָבן מורא, אַז צוליב די נייע פאַבריקן זאָל אַרבעטס־לוין ניט שטייגן.

די רייכע מענטשן אַפּן בולוואַר זיינען טאַקע אַלע די געוועזענע מאַגנאַטן פון די קוילן־גריבער, אמת, פון די קלענערע. די מאַגנאַטן פון די גרויסע קוילן־גריבער זיינען מיט דער אויס־טריקעניש, לאַכעדיגע, זאַטע אַוועק פון שטאָט און באַפאַלן ערגעץ אַנדערש גלאַטע, שיינע פעלדער, און די גראָב־אייזנס אין זייערע רוקנס איינגעשטאָכן... דאָ זיינען נאָר געבליבן די, וואָס האָבן זיך באַנוגנט דערמיט, וואָס די גוטע קוילן־גריבער האָבן זיי אַמאָל געגעבן. זיינען זיי זיך געזעסן אַף דער בולוואַר־גאַס, ווי הינט אַף פּעטע ביינער און געגריזשעט מיט אַפּעטיט אין רעכענונג פונם אָנגעקליבענעם. יעדן זונטאָג אין די טשווירטשעס געגאַנגען און גאָט געדאַנקט פאַר די גוטע קוילן־גריבער, וואָס ער האָט זיי געגעבן...

* * *

אין דער שטאָט איז דאָ א „רויטער־לאָמפּ" געגנט. ער איז נאָך געבליבן פון אַמאָל, ווען קוילן האָבן זיך געשופלט און שטאָט האָט געהאַט געגנוג געלט.

דער „רויטער־לאָמפּ" געגנט האָט די שטאָט ניט ווייניגער באַרימט געמאַכט ווי אירע ווייכע קוילן. פון שטעט אַרום זיינען געקומען מענטשן אהער א הוליע צו טאָן, ווייל דאָרטן זיינען געווען מיידלאָך אַלערליי, בלאָנדע, שוואַרץ־חנ'עוודיגע, שלאַנקע, דיקע, ווי ווער ס'האָט ליב. און ניט נאָר פאַרב און קערפּער, נאָר בלוט פון ראַסן אַלערליי. ניטאָ קיין פאָלק, וואָס האָט ניט געגעבן אירע א מיידל אין „רויטן־לאָמפּ" געגנט.

די מיידלאָך פון דאָרטן, ווי אַלע מיידלאָך פון דעם מין, האַלטן ניט פון שפּאָרן געלט אין באַנק, כאָטש די שטאָט באַנקירן לייגן זיך אין דער לענג און ברייט צו צוציען די „מיידלאָך" צו די באַנקן. זיי האָבן אַרויסגעלאָזן ספּעציעלע ביכלאָך פאַר זיי, וואו עס האָבן זיך דערציילט מעשיות וועגן „מיידלאָך". ווי איינע א מיידל איז קראַנק געוואָרן, געלעגן לאַנגע חדשים אין שפּיטאָל; פון דער קראַנקהייט איז איר פּנים צעקרימט געוואָרן, אַזוי, אַז קיין „הייזל" האָט איר ניט געוואָלט צונעמען. עס איז געווען זייער שלעכט. זי האָט שוין געטראַכט אפילו פון זעלבסטמאָרד, און זי וואָלט עס באַגאַנגען. צום גליק האָט זי קיין געלט ניט געהאַט צו קויפן אפילו אַזאַ ביליגן סם, ווי יאָד. אַזוי טראַכטנדיג, וואו נעמט מען געלט אַף קויפן סם, דערמאָנט זי זיך, אַז זי האָט געשפּאָרט עפּעס אַמאָל געלט אין א באַנק. זי איז גלייך אַוועק אין באַנק, געבעטן איר געלט. ערשט מ'גיט איר א פּאַק געלט, אין הונדערטער באַנק־נאָטן. זי האָט פון סמ'ען זיך שוין פאַרגעסן. חתונה געהאַט מיט א שיינעם, אַנשטענדיגן מאַן און איז היינט איינע פון די געשעצטסטע דאַמען אין שטאָט.

ס'ווערט אויך דאָרט דערציילט א מעשה מיט א שיין מיידל, וואָס האָט אין „טיפּס" (מתנות) פאַרדינט מער געלט, ווי איר באַלעבאָס. זי איז געווען אַזוי שיין, אַז „הייזלאָך" האָבן זיך איבער איר געשלאָגן. זי האָט די שיינקייט פאַרלאָרן. דעם באַלע־

באם האט מען די הייזל צוגעמאכט.ביידע זיינען געבליבן ווי אפן וואסער. דער באלעבאס האט אבער געהאט אפגעשפארטע געלט. האט ער זיך געקויפט א גרויסע פארם, און זי וואלגערט זיך ערגעץ אין א קעלער־שטוב ביי אן אלטן דזשעניטאר, א שיכור, וואס שלאגט זי מכות רצח.

די מיידלאך האבן געשלונגען די מעשיות און געגעבן אין הארצן גערעכט דעם שרייבער פון די ביכלאך, וואס איז אזא קלוגער מענטש. נאר פאלגן אים האבן זיי עפעס ניט געקאנט. ווי נאר די „זאק" ווערט פול, אזוי לאזן זיי זיך אף „מעין סטריט" און גיבן צו לייזן די קרעמער.

די קרעמער קענען זיי שוין און לאזן זיך גוט און טייער באצאלן, דאנקנדיג דעם ליבן גאט, וואס פארלאזט זיי ניט: האבן זיך די קוילן־גריבער אויסגעטריקנט, שלאגט פון ערגעץ אנדערש די שפע...

* * *

איינמאל האבן די מענטשן פון בולוואר־גאס זיך באדיינקט, אז עס פאסט ניט פאר שטאט צו האבן אזא געגנט. איבערהויפט האט ניט געלאזט צורו דער גלח יאאנוס, דער געלער גלח מיטן יעזוס פנים'ל.

— פארמאכן!

דער מעיאר, א מענטשל פון בולוואר־גאס און א גוטער פריינט פון גלח יאאנוס, האט פאררופן די פאליציי־שעפן, און זיי מיט א פרומע מינע דערקלערט, אז אים טוט עס זייער לייד, ער וואלט עס זיי ניט געטאן, ווען מען דריקט אים ניט: דער „רויטער־לאמפ" געגנט מוז פארשווינדן.

די פאליציי האט זיך צו דעם גענומען פויל. פארמאכט בלויז עטלאכע הייזלאך. ווענענדיג אבער, אז דער מעיאר מיינט דאס מאל מיט אן אמת, נעמט שוין ניט זיין חלק „פראטעקציע" פון די הייזלאך, האבן זיי זיך דערשראקן און „פארמאכט" אלע הייזלאך.

די פאליציי, א פארצארנטע, האט זיך ארויפגעווארפן אף די „טרעפיק"־פארברעכער, אף וועלכע זי האט ביז איצט זיך ניט

אומגעקוקט. זיי גענומען געבן „טיקעטס" פאַר יעדער נאַרישקייט. זיי זיינען אָבער געווען ניט צו שטרייַנג מיט זיי. פאַר בלויז איין דאָלאַר גענומען דעם טיקעט צוריק, ווייל דער שטאָט־ריכטער איז געווען זייער „ווייך" צו די „טרעפיק־פאַרברעכער" — זעלטן ווען האָט ער באַשטראָפט פאַר אַזאַ פאַרברעכן מער ווי מיט אַ פינפערל. און איז געווען נאָך ווייכער ווען מען האָט גענומען אַן אַדוואָקאַט.

ווייל דער ריכטער, אַליין אַ געוועזענער אַדוואָקאַט, האָט נאָר צוליבן ריכטער־שטול זיך געמוזט אָפּזאָגן אַף דערווייל פון זיין פּראָפעסיע. מ'האָט אָבער גערעדט, אַז ער איז נאָך איצט אויך אַ שטיקל שותף צום אַדוואָקאַט האַרטמאַן. ער האָט דערפאַר געוואָלט הויבן זיין פּראָפעסיע, ווייזן אַז אַן אַדוואָקאַט נעמט ניט אומזיסט זיין געלט.

די פּאָליציי האָט געוואוסט, ווער ס'איז שולדיג וואָס מ'האָט פאַרמאַכט די הייזלאַך און זיי מוזן זיך קוואַפּען אַף טראָפיק־פאַרברעכער, אַז שולדיג דעריין זיינען די בולוואַר־מענטשן. זי האָט אָבער איר כעס געמוזט טיף אין זיך פאַרשטיקן, ווייל זיי, די בולוואַר־מענטשן, זיצן אין אַלע שטאָט־ראַטן.

* * *

עס זיינען געווען נאָך „געשעפטן" אין שטאָט, וואָס האָט דער פּאָליציי געדאַרפט אריינטראָגן אַ גוטן איינקונפט. דאָס זיינען די שטילע שיינקלאַך. זיי האָבן אָבער אַלע געהערט צו דזשימי באָט־לער'ס גיינג — אַ חברה געזונטע יונגען. אַ סך פון זיי, געוועזענע פּאָליציאַנטן, געוועזענע קוילן־גרעבער און גרויס־שטאָטישע גיינג־מיטגלידער.

באָטלער, אָדער ווי מ'האָט אים גערופן „אָנקל דזשימי", איז אויך געווען אַמאָל אַ פּאָליציי־קאַפּיטאַן, טאַקע אין דער דאָזיגער שטאָט. די „גיינג" האָבן ניט צוגעלאָזן קיין פרעמדן צו האַלטן אַ שטילן שיינקל, אפילו ווען ער האָט זיך באַזאָרגט מיט פּאָליציי פּראָטעקציע. זיי האָבן אַזאַ „קלוגן" מענטשל געעפנט די קאַנען בראַנפן און באַגאָסן מיט קעראָסין, אָדער, אינגאַנצן צוגענומען, ווי עס וואָלט זייערס געווען.

די שטאט־מענטשן, כאטש זיי האבן זיך געקוואפעט אף אזעלכע געשעפטלאך, זיינען געווען איינגעשראקן און קיינער האט זיך ניט איינגעשטעלט צו עפענען א שיינקל. דער פאליציי וואלט עס ניט נעקימערט. „אנקל דזשימים" חברה איז גרוים גענוג און יעדער פון זיי האט א שיינקל. ווען יעדער שיינקל טראגט אריין אין פאליציי כאטש א העלפט, וואס א שיינקל דארף צאלן דער פאליציי פאר שוץ — וואלט געווען גענוג געלט צוצעטיילן דער פאליציי, נאכן ראנג נאך, מער ווי צוויי מאל שכירות.

זיינען אבער דזשימי'ס גיינג געווען קארג צו דער פאליציי, זיי האבן איר אפילו קיין ניקל ניט געוויזן.

— טרינקען, טרינקט, גרויסע בייכער, נאר געלט א מכה!

אויך טרינקען האבן זיי געגעבן נאר פון דעם פינפטן צוזאמענמיש, קיינמאל ניט פון ערשטן:

— דאס איז ניט פאר אומזיסטע טרינקער!

אנקל דזשימי'ס גיינג האט ניט בלויז קיין מורא פאר דער פאליציי, נאר זי רייצט זיך נאך מיט זיי, ווי מיט צוגעבונדענע הינט. די פאליציי זעט דעריבער אויסצומיידן די גיינג, ווייל אין דער פאליציי זיינען אלע עלטערע מענטשן, איבערגעפרעסענע פון גארניט ארבעטן און פוילע. און אין דזשימי'ס גיינג זיינען אלע געזונטע, ווי בוימער, יונגע, שטארקע און פלינקע.

דזשימי באטלער, דער געוועזענער פאליציי־קאפיטאן, און זיינע חברים, די געוועזענע פאליציאנטן, האבן אפשר טיף אין הארצן געביינקט נאך די פאליציי־מונדירן און האבן דעריבער געפילט קנאה צו דער פאליציי, און אפשר גאר צוליב אלטע חשבונות: ווען די גיינג איז נאך געווען יונג, האט די פאליציי גענומען ביי זיי גאנצע זעכציג פראצענט פאר גנבות און נאכן „פראהיבישאן־געזעץ" אויסער געלט, געהאלטן אין שלוקן די בעסטע קאנאדער שנאפסן. אזוי, צי אנדערש — די גיינג האט געהאלטן אין איין אונטערשטעלן „פיסלאך" דער פאליציי אף יעדן טראט.

ווען ניט דער אלטער כעס, וואלט די גיינג צוגעווארפן דער

פאליציי א ביינדל פון צייט צו צייט, ווייל בכלל זיינען זיי ניט געווען קיין קארגע, פארקערט, זיך געהאלטן פאר „ספארטס", „געשאסן קרעפ" אף הונדערטער און אויסגעהאלטן א כאפטע אלטע שיכורים וואס האבן געוואוינט אין וואסער־שטיבלאך באם ברעג פונם וואבעש טייך.

דערפאר טאקע האט זיך די גיינג ניט געמישט, ווען דער מעיאר מיט די בולוואר־מענטשן האבן צעטריבן דעם „רויטן־לאמפ" געגנט. כאטש יעדער פון דער גיינג האט דארטן געהאט א געליבטע און די „מומעס" מיט די „אנקלס" פון „רויטן־לאמפ" געגנט זיינען געווען משפחה־מענטשן צו די גיינג־יונגען.

כדי דער פאליציי אונטערצושטעלן א פיסל, האט די גיינג געביסן די ליפן און געשוויגן...

* * *

דער פאליציי איז דעריבער בלויז געבליבן צו שפייזן זיך פון „טראפיק־פארברעכער". אין „רויטן־לאנמפ" געגנט האבן זיך באלד פארקליבן נעגערשע „טשוירטשעס" מיט דער סאלוויישאן־ארמי. די עטלאכע הייזלאך, וואס זיינען דארט נאך פארבליבן, האבן געטריבן דאס „געשעפט" אף א קליינעם מאסשטאב, געהאלטן בלויז צו איינציגע מיידלאך.

אמת, אפן גרויסן געפלאסטערטן וועג, אויסערן שטאט, האבן זיך יא געעפנט עטלאכע הייזלאך, אונטער נאמען „קלובן", האט מען דארטן דער פאליציי געהייסן זיין „בלינד", ווייל דאס זיינען געווען הויך־פרייזיגע, נאר פאר די בולוואר־מענטשן. די פאליציי־לייט זיינען אבער ניט פון די, וואס לאזן זיך באנוגענען. זיי געפינען שוין זייערס. האבן זיי זיך גענומען ארויסרוקן אויסערן שטאט. קיין פרעמדע שיינקלאך זיינען ניטא (אלע צו דזשימי'ס גיינג!), דערפאר איז גרינג צו געפינען א פארמערשן ברייזל. דאס איז א קליינער קעסל מיט א קראן, וואס טריפט נאר מיט בראנפן, און פארמער מאכן עם בלויז פאר זייער אייגענעם געברויך.

ביי א פארמער קען מען קיין געלט ניט קריגן. ער איז אן איינגעשראקענע באשעפעניש. מיינט, אז פאליציי אדער, ווי ער

רופט עס, דאָס „געזעץ", איז יעזוס־הייליג און זאָל גאָט באהיטן „דאָס געזעץ" געלט אָנצובאָטן. — — —

העלפט דאָרט די פּאָליציי זיך אַליין. צוזאמען מיטן בראנפן נעמט מען מיט די פּוטער און פעטס און וואָס עס מאַכט זיך נאָר אונטערן האַנט.

מ'קריגט נאָך עטלאַכע דאָלאר פון אדוואָקאַט, וועלכן מען לאָזט דעם ערשטן וויסן, כדי ער זאָל קריגן די „קיים". די ספּירט טרינקט מען אַליין אויס, איבערלאָזנדיג נאָר אביסל „באַווייזן" פארן ריכטער.

איינמאָל נאָך אזא געיעג, זייענדיג שיכור, האָבן די פּאָליציי־לייט גענומען ברומען אַף דזשימי באַטלער מיט זיין גיינג. פויסטן האָבן יזך צוזאַמענגעדריקט:

— נקמה!

נאָר ווי שיכור זיי זיינען געווען, האָבן זיי ניט געקענט פאַר־געסן און זיך איינשמועסן, אַז זיי קענען עפּעס טאָן שלעכטס דזשימי באַטלער מיט זיין גיינג.

פון דזשימי'ן זיינען זיי אַריבער צו די בולוואַר־מענטשן, וועלכע זיינען שולדיג, וואָס מ'האָט פארטריבן דעם „רויטן־לאָמפּ" געגנט. דאָ ווערט דער כעס ברויזנדיגער און שטאַרקער... זיי קאָנען עפּעס איצט גאָרניט פארשטיין, ווי אזוי זיינען זיי געווען אזעלכע נאַראָנים און געפאָלגט דעם מעיאָר, בלויז ווייל אזוי ווילן די בולוואַר־מענטשן.

זיי האָבן איצט, שיכור'ערהייט, גאָר פאַרגעסן, אז די בולוואַר־מענטשן זיצן אין די שטאָט־ראַטן...

די מאַכט פון דזשימי'ס גיינג איז זיי יאָ געשטאַנען פאַר די אויגן, דערפאַר, ווייל זי איז אַ דרויסנדיגע, אַן אמת'דיגע, ניט קיין געקינסטעלטע און אפילו שיכור'ע פּאָליציי־לייט מוזן זי זען. אָבער די מאַכט פון בולוואַר־גאַס איז דאָך נאָך אַלעמען אַליין אַ געשאַ־פענע, אַן איינגערעדטע. ניכטערערהייט האָט די פּאָליציי זי יאָ געזען אין איר גאַנצער גרויס. שיכור'ערהייט האָט זי געזען בלויז

דאָס, וואָס מ׳זעט, ניט וואָס מען דאַרף ערשט דערטראַכטן. פאַר־קערט, זיי האָבן איצט גראָד געזען זיך אַליין ווי מענטשן מיט מונדירן מיט „בלעקדזשעקס״ און רעוואָלווערן. און זיי, די בול־וואַר־מענטשן, האָבן זיי געזען קליינע, גראָבע מענטשעלאַך מיט קורצע פּיסלאַך, וואָס קייקלען זיך, ווי געשטאָפּטע גענז.

פאַר׳שיכור׳ט ברומענדיג, שרייענדיג און קלאַפּנדיג אין די טישן דערמאָנט זיי איינער, אַ מער ניכטערער, אַז אַף דעם גרויסן געפלאַסטערטן וועג, וואָס מ׳רופט „דער מיליאָן־דאָלערדיגער וועג״, שטייען הייזלאַך מיט צימערלאַך אַ סך און שיין־געפּוצטע מיידלאַך דרייען זיך דאָרטן אַרום... די בולוואַר־מענטשן זיינען דאָרטן שטענדיג דאָ... סאָפּען פאַרשוויצטע, און זיי, די געזעץ־היטער הייסט מען זיין „בלינד״. קומט דאָרטן אַמאָל ווער פון זיי, קוקט מען זיך אַפּילו ניט אום אויף אים, אַקוראַט ווי מען זעט אים גאָרניט און די מיידלאַך קוקן אַף אים פון אויבן אַראָפּ.

— ניט פאַר אייך, מיר זיינען נאָר פאַר בולוואַר־מענטשן!

איצט זייענדיג מוטיג אָנגעטרונקען, פריי פון טאָג־טעגלאַכער פּרנסה־זוכעניש, און אויב די מורא פאַרן „דזשאָב״ קלעפּט זיך יאָ צום שיכור׳ן קאָפּ — פאַלט זי באַלד אַרונטער, ווי אַ צעטריקנטע בלאַט:

— מ י ר זיינען דאָס געזעץ!

באַוואָפנט מיט קלאָבס און רעוואָלווערן, לאָזן זיי זיך מיט שיכור׳ן אימפּעט אַוועק אַף דעם מיליאָנען־דאָלערדיגן וועג. זיי באַפאַלן מיט שטורעם די הייזלאַך, שלעפּן די מיידלאַך פון די בעטן:

— אהער! איר אויסגעלאַסענע חצופות. איר האָט שוין גאָר קיין מורא ניט פאַרן „געזעץ״, אין מיטן העלן טאָג!

זיי שטופּן די בולוואַר־מענטשן, פּאַקן זיי אַריין אין גרויסן פּאַטרול־וואָגן:

— איצט וועט איר וויסן, ווער דאָס „געזעץ״ איז!

די עטלאַכע מענטשן פון בולוואַר, וואָס זיינען דאָרטן געווען, שוין עלטערע, פּרובירן ריידן:

— משוגע, צי וואָס? ווייסט איר ווער מיר זיינען?

זיי קריגן נאָר איין ענטפער:

— מיר זיינען דאָס געזעץ!

די מיידלאָך פּרובירן צו זיי שמייכלען, גלעטן איבער די באַקן, ווינקען מיט די אויגן.

דאָס רייצט נאָך מער אויף די שיכור׳ע פּאָליציי־לייט:

— א, איצט זייט איר דאָ, וואו זייט איר פריער געוועזן? געמיינט, אַז דער בולוואַר איז דאָס געזעץ!

די פּאָליציי פילט זיך פון דעם מוטיגער. זעט, אַז זיי האָבן ניט געמאַכט קיין טעות. עס איז טאַקע ריכטיג, זיי זיינען דער „געזעץ״!

* * *

אין שטאָט, אין פּאָליציי־הויז הויבט אָן די גאַנצע זאַך אויס־צוזען אַנדערש, דאָ ווערן די בולוואַר־מענטשן פּרעך, אַפילו דאָס קליין גראָב מענטשל, וואָס האָט אָפּן וועג געכאַפּט קושן די פּאָליציי אין די הענט און שטאָפּן געלט אַ שיכור׳ן פּאָליציאַנט און יענער האָט שמייכלענדיג געצווינגן די באַנקנאָטן און געשאָקלט מיטן קאָפּ אָף יאָ. דאָ האָבן די מיידלאָך גענומען שפּייען דעם „געזעץ״ אין פּנים אריין. דער שעף, אַ בייזער, קלאַפּט מיט די פּיס, און דער שטשופּלער ריכטער טאַנצט אַרום אַ צעשראָקענער, ווי ער אַליין וואָלט שולדיג געווען אין דעם...

די ניכטערערע פּאָליציי־לייט ווערן נאָך ניכטערער און צערוקן זיך, ווער אין די שטאַלן, און ווער — אין „רויטן־לאָמפּ״ געגנט, אין די נעגערשע טשוירטשעס. עס בלייבן נאָר די שטאַרק פאַר־שיכור׳טע. זיי הויבן ניט אָן צו פאַרשטיין, וואָס וויל דאָ דער שעף. זיי קאָנען שווערן, אַז זיי האָבן די הערן געכאַפּט ביי ניט־מאָראַלישעס... קאָנען זיי עס אָבער ניט אַרויסזאָגן, די צונג איז ווי בליי, שלאָפט אין מויל, זוכן זיי מיט די אויגן יענע, זייערע חברים, וואָס זיינען אָפּן מיליאָנען־דאָלערדיגן וועג געווען די גאַנצע רעדנער — זאָלן זיי דערקלערן. זיי כאַפּן זיך, אַז יענע זיינען שוין ניטאָ. ווערט די זאַך באַ זיי אין שיכור׳ן קאָפּ עפּעס ווי אַ רעטעניש, אַ שווערע, ניט צו באַגרייפן. וויגן זיי זיך, שפּייענדיג,

און קוקן מיט אויסגעשטאַרטע אויגן אַפן שעף מיטן מעיאַר, וואָס דרייט זיך דאָ אַרום אַזוי שפּעט אין דער נאַכט, און צעגייען זיך אין שיכור'ן געלעכטער, דערזעענדיג, אַז דער מעיאַר איז גאָר אין איינע פּאַדזשאַמעס.

— איז ער אויך געווען דאָרטן אין די הייזער אַף דעם מיליאָן־דאָלערדיגן וועג? אָדער איז ער איצט געקומען צולויפן?

א רעטעניש!

* * *

די בולוואַר־מענטשן ציטערן איבער זייער גאַס. ביי זיי איז דער בולוואַר היילינגער, ווי אַלע הייליגקייטן. זיי האָבן מורא, עס זאָל ניט ווערן אויס בולוואַר, ניט האָבן דעם סוף פון דער ערשטער גאַס, וואָס איז גאָר אַמאָל געווען די שענסטע גאַס, און היינט — ווער וואוינט דאָרט? דזשימי'ס גיינג! און עס איז טאַקע דאָ וואָס מורא צו האָבן. דער בולוואַר האָט אַ שונא, וואָס לויערט, גרייט צו פאַרצוקן דעם בולוואַר.

דער שונא איז די ריעל־עסטייט פירמע „פּיסט".

אָט די פירמע האָט געקויפט ביים ברעג שטאָט, אַרום באַרגינן פּאַרק, עטלאַכע טויזנט אַקער לאַנד און גענומען „בומען" אַלס אַ נייעם שטאָט־טייל פאַר רייכע מענטשן, וואָס ווילן אַ „שטילע היים". זייער אויסקוק איז טאַקע געווען אַף די איינוואוינער פון בולוואַר. זיינען אָבער די מענטשן פון בולוואַר, ווי אַלע פון דעם מין, וואָס לעבן פון „גרייטן", זיינען קאַרג. פאַר זיי איז דער בולוואַר געווען נאָך שיין גענוג; ווידער האָבן זיי מורא געהאַט פאַר דער פירמע „פּיסט". זיי האָבן געהאַלטן, אַז אונטער דעם שיינעם וואָרט „פּיסט", באַהאַלטן זיך אַ כאַפּטע אידן. קלוגע, דורכגעטריבענע, וואָס ווילן אַריינקריגן דאָס געלט, וואָס די גוטע קוילן־גריבער האָבן זיי, די בולוואַר־מענטשן, איבערגעלאָזן. די מעשה מיט דער „שטילער היים" איז נאָר אַ פאַרשטעלעניש, אַ צוצי, ווי אַ שפּילקעסטל פאַר קינדער. נאָכדעם וועט די פירמע „פּיסט" קויפן ערגעץ אין אַן אַדער ברעג שטאָט אַן אַנדער פּלאַץ און ווידער „בומען". וועט עס ניט הייסן „פּאַרק טייל פון

שטילער היים״, וועט עס זיין די נייע „האָליוואוד״.

די פירמע „פּיסט״ איז ניט פון די, וואָס שרעקט זיך אָפּ. זי איז שוין לאַנג אין די געשעפטן, האָט אָפּטיילונגען אין אַלע גרעסערע און קלענערע שטעט פון לאַנד. זי האָט שוין ניט אין איין שטאָט אַזעלכע „בומס״ געשאַפן, און ניט אין איין שטאָט האָבן די רייכע גאַסן פאַרשטאַנען איר מיין און דאָך האָט זי זיי אין אירע הענט אַריינגעקראָגן און האַלט זיי אין איין פאַרקויפן הייזער און זיי לויפן אַלע מאָל ווי פון אַ שריפה.

זי האָט דעריבער גלייך זיך פאַרלייגט צו ברעכן דעם בולוואַר. מאַכן אים אויס הויפּט גאַס, אַזוי, אַז די איינוואוינער זאָלן אַליין „צעלויפן״...

זי האָט איינגעוואָרפן אַ שיינע נייע הויז אין סאַמע מיטן פון בולוואַר און אויפגעבויט אַ געזאָלין־סטאַנציע. די פירמע „פּיסט״ האָט גוט אויסגערעכנט. ביידע זייטן גאַסן, וואָס לויפן לייזנג אויס דעם בולוואַר, זיינען שלעכט געפלאַסטערט, מ׳האַלט זיי יעדן זומער אין איין פאַרריכטן, פאַרלאַטן, אָבער קיינמאָל גיט מען זיי ניט קיין נייעם פלאַסטער, ווייל דאָס איז מסתמא איינע פון די גאַסן, וואָס אַ קאָנטראַקטאָר אַ פּאָליטישן אַ גרויסער, האַלט עס פאַר זיין „מילך־קיעלע״, שטעלט צו יעדן יאָר גרויסע חשבונות דער „שטאָט״ און קריגט זיין באַלוינונג, מענטשן וואָלטן די גאַסן אויסגעמיטן, נאָר זיי קאָנען עס ניט, צוליב די געזאָלין־סטאַנציעס און גאַראַדזשעס, וואָס זיינען דאָ כמעט אַף יעדן ווינקל אַף די צוויי גאַסן. ווען ניט דאָס וואָלטן זיי געוויס גיכער געטריבן זייערע אויטאָמאָבילן דורך דעם בולוואַר, וואו די פלאַס־טער איז גלאַט, ווי אַ גליטש.

עפּענענדיג אָבער אַ געזאָלין־סטאַנציע אַפן בולוואַר און מיט אַ סענט בילינגער אַף יעדער גאַלאָן, וועט עס ציען אַהער פאָרער. די בולוואַר־איינוואוינער, ניט צוגעוואוינט צום טומל, וועט עס פאַר־רוישן די קעפּ און זיי וועלן אַנטלויפן צו דער געגנט פון „שטילער היים״.

די פירמע „פּיסט״ האָט געוואוסט, אַז מ׳דאַרף האָבן אַ דער־

לויבניש פון „שטאט" צו עפענען א געזאלין־סטאנציע און דער מעיאר איז א בולוואר־מענטש און אין בוי־דעפארטמענט זיצט אויך א מענטש פון בולוואר. זיי וועלן געוויס ניט דערלויבן. די פירמע „פיסט" ווייס אבער, ווי אזוי צו באוועגן אזעלכע מענטשן צו גלויבן, אז ניט בלויז מען מעג דערלויבן, נאר מען דארף עס, עס איז א נויטיגקייט. ווי אזוי? דאס איז ניט קיין נייער וועג, אדער דערפינדונג פון דער פירמע „פיסט", דעם וועג ווייס יעדער קאנטראקטאר, וואס האט צו טאן מיט קהל'שע, אדער שטאט מענטשן. נאר ווי אזוי צו באנוצן דעם מיטל, דאס איז אן אריגינעלער, אליין געשאפענער וועג פון דער פירמע „פיסט" און זי באטראכט אים ווי איינער פון די זאכן, וואס האבן געהאלפן צו איר דערפאלג און ווען עס איז ניט געגן „געשריבענעם" געזעץ, וואלט די פירמע אים פאטענטירט, ווי מען טוט מיט אנדערע דער־פינדונגען, וואס מען פארדינט אפילו מיט דעם וויניגער געלט, ווי די פירמע „פיסט" מיט איר „דערפינדונג".

* * *

דער מעיאר איז געווען באגייסטערט פארן פלאן פון שטעלן א געזאלין־סטאנציע אפן בולוואר, וואס וועט הייסן „בולוואר באדינונג". דער דירעקטאר פון גאסן און הייזער־דעפארטמענט האט זיך בארימט, אז ער האט שוין לאנג געטראכט פון דעם, אז עס וואלט ניט געווען קיין עולה, ווען שטאט אליין שטעלט א געזאלין־סטאנציע אפן בולוואר, ווייל די בולוואר־מענטשן ליידן מער ווי אלע בירגער פון שטאט. נאך אביסל געזאלין מוזן זיי לויפן אף ווייטע גאסן. דער שטאט־ריכטער, א געוועזענער אדוואַ־קאט, פון וועלכן קיינער האט ניט געוואוסט, ביז ער איז ריכטער געווארן, אז עס איז דא אין שטאט אן אדוואקאט מיטן נאמען ביילי, אויסער דעם באלעבאס פון הויז, וואו ער האט געהאט זיין אפיס, ווייל אים, דעם באלעבאס, איז ער שטארק געלעגן אין זינען, געהאט צרות מיטן איינמאנען דאס דירה־געלט.

אט דער ביילי, וואלט קיינמאל קיין ריכטער ניט געווארן, און ער האט פון דעם אליין ניט גע'חלום'ט, און געווארן איז ער נאר

ווייל די גרויסע אדוואקאטן זיינען צווישן זיך ניט דורכגעקומען, יעדער האט געוואלט דעם ריכטער־שטול, זיינען שטאט פּאליטיקער געפאלן אף אן איינפאל צו וויילן אן אומבאקאנטן, איז עס אויסגעפאלן אף ביילין.

אט דעם ריכטער, וואס האט זיך אליין ניט געגלויבט, אז ער איז עס, און זיצנדיג אפן ריכטער־שטול האט ער שטענדיג געהאלטן די אויגן אראפּגעלאזן, ווי א שעמעוודיגע כלה, — אים, אז מ'האט איבערגעגעבן דעם פלאן און ער זאל זאגן, צי עס איז ניט געגן געשריבענעם געזעץ, האט ער געקוקט דעם הייזער־דירעקטאר אין די אויגן, און געשאקלט מיטן קאפּ אף ניין... ס'הייסט — מע מעג!...

דאך איז די געזאלין־סטאנציע קיינמאל ניט געעפנט געווארן. די בולוואר־מענטשן האבן געכאפּט די פארבאהאלטענע כונות פון דער פירמע, און דער מעיאר האט זיך צוריקגעצויגן. די גאנצע שולד האט מען ארויפגעווארפן אפן סעקרעטאר פון הייזער־דעפּארטמענט, וועמען מען האט טאקע אפּגעזאגט פון דער שטעלע.

* * *

דער בולוואר האט פרייער אפּגעאטעמט. נאר די פירמע „פיסט" האט בלויז א שמייכל געטאן. ביי איר איז עס ניט קיין דורכפאל. זי קאן עס בלויז באצייכענען מיט א קליינעם טראט פאראויס. ניט היינט איז מארגן, זי וועט דעם בולוואר צעטרייסלען. דער שטאט טייל פון „שטילער הוים" וועט מוזן האבן דערפאלג.

זי האט ארויסגענומען צוריק די געזאלין־קעסלען, אויסגעגלייכט דעם באדן, און אוועקגעשטעלט א גרויסע הויז מיט א גרויסן גאראדזש. אין דעם הויז האט זי ארייגגעזעצט אן אנדערטייקער פון א פרעמדער שטאט. דאס הויז איז געווען אזוי אויסגעבויט, אז אירע אלע דריי זייטן זאלן זיך פריי ארויסזען. דער אנדערטייקער, א פרעמדער מענטש, איז קיין זאך ניט אויסן געווען, ווי נאר צו מאכן דערפאלג. די פירמע „פיסט" האט אים אויפגעזוכט אין דער גרויסער שטאט, אים דערציילט א מעשה, אז זי

האָט אַ גרויסע אַנדערטייקינג הויז אין אַ שטאָט, וואָס זי וויל פאַרקויפן פאַר ביליג און מיט ווייניג מזומן געלט אַריינצולייגן. דער אַנדערטייקער האָט פאַרשטאַנען, אַז די פירמע איז פאַראינ־טערעסירט אים צו האָבן און זי וויל אים דעריבער געבן אַ „טשאַנס".

כדי צו רעקלאַמירן זיין „געשעפט", וואָס צו אים האָט עס אויסגעקוקט ווי אַלע געשעפטן און אפשר נאָך אַ נויטיגערע אינ־סטיטוציע, ווי אַלע אַנדערע, האָט ער יעדן טאָג געלאָזט אַרויספירן זיינע אַלע טויט־וועגענער אין סאַמע פראָנט, און די שוואַרצע שאַפערן זאָלן שטיין באַ די אויטאָמאָבילן מיטן גאַנצן ערנסט, ווי זיי וואָלטן נאָך אַ טויטן געפאָרן. געהאַט האָט ער אַ „גיכן־הילף" וואָגן, אַ מורא׳דיג גרויסן, מיט אַ גרילצנדיגער טרובע, וואָס איז געווען געמאַכט אינצויאָגן ניינציג מייל אין אַ שעה, און לאָמפּן אַזעלכע, וואָס וואַרפן ליכט אַף גלייכן וועג פאַר אַ מייל.

אַזאַ גוטן וואָגן האָט קיין איין אַנדערטייקער אין שטאָט ניט געהאַט. דער פרעמדער אַנדערטייקער האָט זיך דעריבער געהאַלטן גרויס, און פּלוצים, אין מיטן נאַכט פלעגט ער אים, ווי אַ בילנדיגן הונט, אַרויסלאָזן איבערן בולוואַר. געטאָן האָט ער עס ניט צו רייצן זיך מיט די בולוואַר־מענטשן, נאָר פאַרקערט, זיי צו ווייזן, וואָס פאַר אַ גוטן „גיכע־הילף" וואָגן ער האָט, און ווידער צוליב דעם אַלטן, אַזוי גוט אויסגעפּרובירטן אַמעריקאַנער מיטל, צו ווייזן, אַז ער איז „ביזי" (פאַרנומען). זאָלן מענטשן ווייסן, אַז ער איז דאָ! . . .

די בולוואַר־מענטשן האָט זיין אַמבולאַנס טאַקע אימפּאָנירט און ניט בלויז דער אַמבולאַנס, נאָר אַפילו די לויה־וואָגנס, וואָס אַלע האָבן אויסגעקוקט ווי איינער — אַלע שוואַרצע און פון איין און דערזעלבער גרויס און עלטער, און דער טויטן־וואָגן איז אַ שיין געפּוצטער מיט שיין געשניצטע מלאכים׳לאַך ביי די זייטן. ניט ווי באַ די שטאָטישע אַנדערטייקערס די אויטאָמאָבילן, אַלערליי צעבראָכענע און צעבראָזגעטע.

אויך ער, דער אַנדערטייקער אַליין, וואָס האָט געהייסן מיסטער

סמיד, איז זיי שטאַרק געפעלן. ער שפּאַצירט זיך יעדן טאָג דורך (צוליב רעקלאַמע מסתּם) איבערן בולוואַר, אָנגעשפּאַרט אַף אַ שטעקן מיט אַ זילבערנעם הענטל, וואָס טראָגט אַ גרויסן דאַבלדיגן מאָנאָגראַם. פון שניפּס שיינט אַרויס אַ גרויסע דימאַנט־שפּילקע, באַגריסט יעדן אַף אַן איידעלן און עלעגאַנטן אופן, ווי ער וויל זיי ווייזן, אַז ער ווייס, אַז זיי זיינען ניט אַבי ווער, נאָר בולוואַר־מענטשן. ער זעט מיט יעדן צו פאַרקניפּן אַ שמועס, רימט די שטאָט און איבערהויפּט דעם בולוואַר, וואָס קאָן זיך פאַרגלייכן מיט דער מיליאָנערסקער „עווענױ״ פון דער גרויסער שטאָט, פון וואַנען ער קומט (וואו ער קאָן זיך טאַקע מיט אָט די עווענױ איינוואוינער !).

ער איז אָבער זייער שונא, זיין שכנות שרעקט זיי, דערמאָנט זיי אַלע רגע :

— הוליעט, חברה, איר וועט דאָך קומען צו מיר !

ער „צעברעכט״ דעם בולוואַר, עס איז שוין כמעט אויס בולוואַר. דערפאַר, אַז עס מאַכט זיך אַ טויטער אַפן בולוואַר, לאַדט מען איין איינעם פון די שטאָטיגע אָנדערטייקערס און ניט אים... אויך די מענטשן פון די אַנדערע גאַסן רופן אים ניט ווען ס׳קומט דאָס אומגליק. פאַר זיי איז ער צו־הויך :

— אַ בולוואַר־אָנדערטייקער !

דער אָנדערטייקער האָט דערזען, אַז די פירמע „פּיסט״ האָט אים אַריינגענאַרט, זיך ניט אַרויסצודרייען, ווייל זי האַלט אים געבונדן און זי, די פירמע, מאַכט זיך שוין ניט וויסנדיג. זי קאָן אים שוין גאָרניט. זי ווייס, אַז זי איז דורכגעפאַלן, ער וועט זיך לאַנג ניט קאָנען האַלטן, זי רייצט זיך בלויז דורך אים מיטן בולוואַר...

אין איין טאָג זיינען געקומען די „בעלי־חובות״ (ווייל ער, דער אָנדערטייקער, האָט אויך גענאַרט די פירמע „פּיסט״, געזאָגט, אַז ער איז רייך און אין דער אמת׳ן זיינען די אויטאָמאָבילן מיטן אַמבולאַנס געווען געקויפט אַף וועקסלען), האָבן פאַרזיגלט די אויטאָמאָבילן מיטן אַמבולאַנס.

זיי זיינען אַף די ליציטאַציע אָפּגעקויפט געוואָרן פון די שטאַטישע אַנדערטייקערס. דעם אַמבולאַנס האָט אָפּגעקויפט די אַנדערטייקינג־פירמע „באַנעל", וועלכע האָט אים דערנאָך, מיסטער סמידן אַליין, אָנגעשטעלט בא זיך . . .

זי האָט עס נאָכהער פאַר וואָכן לאַנג רעקלאַמירט אין די צייטונגען:

„דער באַרימטער שיקאַגער אַנדערטייקער, מיסטער סמיד, מיט דעם גרויסן אַמבולאַנס, וואָס מאַכט נײַנציג מייל אַ שעה, אַרבעט איצט פאַר דער פירמע באַנעל".

דער בולוואַר האָט פרייער אָפּגעאָטעמט, אָבער דאָך ניט געפילט זיך זיכער. די פירמע „פיסט", אונטער וועלכער עס באַהאַלטן זיך קלוגע דורכגעטריבענע אידן (אַזוי האָט דער בולוואַר איצט נאָך שטאַרקער געגלויבט) וועט זיך געווים נאָך אַזוי גיך ניט אונטערגעבן.

די פירמע „פיסט" האָט עס אויך געגעבן אָנצוהערן. ווי אַ קאַץ, ווען די מויז אַנטלויפט, שאַרפט זי דעמאָלט די נעגל, ווי געזאָגט: „מוזסט דאָך קומען צו מיר", אַזוי האָט די פירמע „פיסט" געוויזן, אַז זי איז זיכער אין איר זיג — זי האָט צוגעקויפט נאָך אַ טויזנט אַקער לאַנד, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיטן טראַקט „שטילע היים".

* * *

די בולוואַר־מענטשן זיינען דעריבער אַזוי אָנגעשראָקן, אַז ניט בלויז די האַנדלס־הייזער ווילן זיי ניט דערלאָזן אַף זייער גאַס, נאָר אַפילו מיט געבעט־הייזער זיינען זיי פאַרזיכטיג, כאָטש מיט גאָט זיינען זיי גאַנצע מחותנים, און גלויבן, אַז גאָט העלפט זיי אין זייער קאַמף מיט דער פירמע „פיסט".

זיי דערלאָזן ניט קיין טעמפּלען פון אָרעמע געמיינדעס; זיי גלויבן ניט, אַז גאָט נידערט אַראָפּ אין אַ פינסטערן, פאַרשוואַרצטן טעמפּל. ווידער ווילן זיי ניט, אַז עס זאָל אויסזען, אַז אַלע זיינען גלייך.

דערפאַר האָבן זיי אויך ניט געוואָלט אַרויפלאָזן דעם אידישן

רעפאָרם טעמפּל, כאָטש די מיטגלידער פון דער געמיינדע „בני איזראַעל״ זיינען געווען אַלע רייכע — זיי אַלע זיינען געווען די באַלעבאַטים פון „מעין סטריט״, וואָס האָט זיך געצאַצקעט מיט די גרויסע דעפּאַרטמענט־סטאָרס, דער פּוץ פון שטאָט.

אָבער זיי, די בולוואַר־מענטשן, האָבן אין זיי ניט געזען די היינטיגע גבירים מיט די גרויסע רונדע בייכער, וואָס קייטלען זיך מיט גרויסע גאָלדענע קייטן און בלישטשען אָפּ פון די פינגער און די האַלדז־שלייפן מיט דימאַנטן. זיי האָבן אונטער דעם אַלץ געזען בלויז די אַמאָליגע פּעדלער און שמאַטע־קלייבערס, וואָס האָבן געקלאַפּט אין די הינטער־טירן:

— „מעם, האָבן זי אַלטע שמאַטעס צו פאַרקויפן אַן אָרעמען אידן?״

עס וואָלט זיך קיינמאָל ניט איינגעגעבן דער געמיינדע „בני איזראַעל״ זיך אַרויפצורוקן אַפן בולוואַר. כאָטש דאָס האָבן זיי גרייַלאַך געוואָלט, די „בני איזראַעל״ אידן. ניט אַזוי די דייטשישע „יאַהודים״, ווי די ליטווישע מיט די גאַליציאַנער אידן, וואָס זיינען אויך געווען מיטגלידער פון טעמפּל. זיי האָבן מיט גוואַלד געוואָלט אַרויפקריכן אַפן בולוואַר:

— מיר׳ן זיי ווייזן, וואָס אידן קאָנען! מיר זיינען ניט קיין נעגערס!

די דייטשישע אידן מיט קאַלטן געדולד האָבן אָבער ניט דערלאָזט:

— ניט שיין דעם אידישן נאָמען צו ברייגנען אין געריכט!

די פירמע „פּיסט״ (אויך מסתמא צוליב אירע חשבונות מיטן בולוואַר) האָט זיך אָבער אָנגענומען די קריוודע פון דער געמיינדע „בני איזראַעל״ און איר איבערגעגעבן די שליסלען פון דער פּרעס־ביטעריאַנער טשווירטש, וועלכע איז אויפגעגעבן געוואָרן צוליב אַ קריג.

די שטאָט צייטונגען האָבן אַפילו געשריבן, אַז די פירמע „פּיסט״ האָט גענומען שווערע טויזנטער ריוח פון די „בני איז־ראַעל״ און אַז די פירמע „פּיסט״ איז שולדיג אין דער מחלוקת פון

דער קירכע. זי האָט אַריינגעשיקט אירע אַגענטן, זיי זאָלן מיט אַ כיון ווערן מיטגלידער און זיי האָבן דאָס אויפגעהעצט די מחלוקת, כדי די קירך זאָל פאַרקויפט ווערן.

די פירמע „פּיסט" האָט דאָס גלייך אָפּגעלייקנט, דערקלערנדיג, אַז דאָס איז אַ לעכערלאַכער ליגן. זי האָט ניט געוואוסט ביז איצט, אַז עטלאַכע פון אירע אָנגעשטעלטע זיינען געווען פאַרמישט אין דער קריגעריי אין טשוירטש. זי מישט זיך ניט אין די פּריוואַטע געזעלשאַפטלאַכע אינטערעסן פון אירע מיטאַרבעטער, דאָך קאָן זי איצט זיך ניט אָפּהאַלטן פון אויסדריקן איר צופרידנקייט מיט דעם, וואָס זי האָט זיך דערוואוסט, אַז אירע אַגענטן זיינען רעליגיעזע מענטשן און טשוירטש־מיטגלידער...

די צייטונגען האָבן מער וועגן דעם ניט געשריבן, ווייל די „פּיסט האָט צוזאַמען מיט דער דערקלערונג צום „ווערטן פּובליקום" צוגעשיקט אַ רעקלאַמע אַף אַ גאַנצער צייטונגס־זייט, וואָס באַטרעפט אַרום פינף הונדערט דאָלאַר. (די רעקלאַמע איז טאַקע געווען וועגן דעם נייעם שטאָט־טייל „שטילע היים").

ווידער האָבן די שטאָטישע צייטונגען ניט געוואָלט צופיל איינרייסן מיט די אידן, ווייל „מעין סטריט" האָט געליפערט די רעקלאַמעס.

אָט אַזוי איז אַרויף דער אידישער רעפאָרם־טעמפּל „בני איזראַעל" אַפן בולוואַר, און דער אידישער גאָט, וואָס איז ביז איצט געווען פאַרדרוקט אַף אַ זייטיגער גאַס, האָט געקראָגן די מעגלאַכקייט אַרויסצושיינען אַפן בולוואַר, גלייך מיט אַלע איבעריגע געטער. — — —

* * *

שוין פאַרגעסן כמעט, ווי אַזוי די געמיינדע „בני איזראַעל" האָט זיך אַרויפגערוקט אַפן בולוואַר, ניטאָ שוין אַפילו די שעמעוודיגקייט. אָט די שעמעוודיגקייט, וואָס האָט די ערשטע צייט ניט געלאָזט „איינגיין" די אידן דאָס פאַרגעניגן פון בולוואַר.

פריער שטיל, ווי זיי וואָלטן אָפּגעטאָן עפּעס ניט שיינס,

פלעגן זיי זיך בגנבה אריינרוקן אין טעמפל, די קעפ ארונטערגעלאזן, און געשעמט זיך קוקן די שכנים קריסטן אין די אויגן.

שפעטער, שוין ברייטלאך גאוה'דיג, צעשפרייטן זיך די אידן מיט זייערע גרויסע אויטאמאבילן איבער דעם בולוואר געקייטלט מיט די אויטאמאבילן פון די קריסטן, די באזוכער פון די ביידע זייטיגע טשווירטשעס.

לאנגזאם, מיושב'דיג קריכן זיי, די „בני איזראעל", ארויס פון זייערע אויטאמאבילן. שטעלן פארזיכטיג, ציטעריג זייערע טריט איבער די טרעפלאך פון אויטאמאביל, ווי טראגעדיגע ווייבער, בלייבן א ווײַלע שטיין, ציען מידלאך דעם אטעם און שמייכלען צו זיך, ווי געזאגט:

— קוקט מיך אן, דאס בין איך, אט־דער, וואס קאן זיך פארגינען צו קויפן אזא טייערן אויטאמאביל.

זיי זוכן צו באגריסן זיך מיט די קריסטן־שכנים. זיי ווייזן, אז אויך ביי זיי איז היינט זונטאג. זאלן זיי, די קריסטן, איינמאל פאר אלע מאל זיי אויפהערן צוזאמענמישן מיט די אידן פונם שולכל אף דער ערשטער גאס, וואס יום־טוב'ן שבת אנשטאט זונטאג...

ניין! ניט זיי! ביי זיי איז זונטאג אזוי הייליג ווי ביי אלעמען. עס איז גארניט קיין אונטערשייד צווישן זיי, די „בני איזראעל", און די קריסטן. נאר עפעס אין קליינינקייטן, וואס זיי וואלטן זיי זיכער דערקלערט און אפשר באַ א גוטן דורכרייד, וואלט מען געקומען צו אן אויסגלייך... און ווידער וואס איז די נפקה מינה, אלע קאנען דאך אין איין טשווירטש זיך ניט אריינשפארן.

אז זיי באגריסן זיך מיט א שכן־קריסט, איז עס ניט שרייאיג, הויך, ווי אין גאס אדער אין קלוב פון די „עלקס", נאר מיט א צוגעווירצטער ערנסטקייט, מיט קלויסטערדיגן אומעט...

דער ארגל שפילט ציטערדיג, פארטרויערט. עס איז א נייער ארגל. די הערץ־ברידער, די באלעבאטים פון דער גרויסער מוזיק־סטאר, מיטגלידער פון טעמפל־ראט, פארקויפן די ארגלס צו די שטאטישע טשווירטשעס. זיי האבן אויך פארקויפט אין טעמפל א נייעם ארגל — שפילט ער נאך אומעטיגער און וויינענדיגער ווי

אלע אַנדערע אָרגלס. כאַטש די טענער זיינען שטילע, צעקריכן זיי זיך איבער גאַנצן בולוואַר און פאַרוויינען די אַלע אַנדערע...

אַף די מאַרמלשטיינערנע טרעפּ הויבן זיך הויכע מענער, מיט שוואַרצע צילענדער־היט און דאַמען שווערע, סאַפּענדיגע, מיט בליצנדיגע דימאַנטן. די טירן פאַררידלען זיך און אַלע בלייבן שטיל מיט איינגעהאַלטענע אָטעמס...

עס איז טעמפּל...

* * *

דער נעגער, פּאַרקער, וואָס איז דזשעניטאָר אין טעמפּל, האָט א גאַנצן טאָג שווער געאַרבעט, גערייניגט דעם טעמפּל פון שטויב, וואָס האָט זיך איינגעגעסן אין משך פונם גאַנצן זומער. דערצו נאָך האָט ער זיך געדאַרפט יאָגן נאָך די אַראָפּגעפאַלענע בלעטער, וואָס האָבן זיך געשפּאַרט באַם טעמפּל, ווי יונגע ווייסע־חברה׳־ניקעס אַף א חתונה. פּאַרקער איז היינט בייז, אָפּגעוואוינט פון צו אַרבעטן. די זומער־וואַקאַציע האָט אים פויל געמאַכט. און געהאַט פאַרגעסן, אַז ער איז מער אַרבעטער ווי גלח. געדוכט האָט זיך אים שוין, אַז ער איז אזא „פּריטשער“, ווי דער ווייסער אידי־שער רעוורענד, דאָקטאָר גרין, וואָס קהל האַלט אים אויס. א גאַנץ זומער איז פּאַרקער זיך געזעסן באַ זיך אַפן גאַניק און געלאָקט צו זיך די קינדער פון גאַס מיט שטיקלאַך „גאַם“, ווי עס לאָקט א געגזן־הענדלער זיינע גענז מיט קערנער... יעדעס קינד אַרויפ־געזעצט באַ זיך אַף די פעטע קני און געקוקט אין די פּנים׳לאַך מיטן צוגאַנג פון א מבין:

— זיינען זיי ריינע שוואַרצע, אָדער געמישט שוין מיט ווייס בלוט?

ביי יעדן קינד, וואָס האָט גלח פּאַרקער׳ן אויסגעקוקט צו האָבן אין זיך ווייס בלוט, האָט ער טרויעריג געשאָקלט מיטן קאָפּ און דאָס קינד איינגעקניפּט מיט כעס אין זיינע ווייכע טיילן. דאָס קינד צעכליפּעט זיך און פּריטשער פּאַרקער טראַפּעטשעט פריידיג מיטן פּוס:

— שווייג, דו ווייסער ממזר׳ל!

פריטשער פּארקער, און אַזוי אויך זיין חבר בייטמאַן, גלויבן, אַז דאָס שוואַרצע פאָלק גייט אונטער און גיבן אים נאָר צו לעבן געציילטע יאָרן :

— ווי לאַנג קאָן זיך האַלטן אַ פאָלק, וואָס לעבצט און פאַר־קויפט זיך פאַר אַ ביסל וויים בלוט ? — טענה'ט בייטמאַן.

— אַ גליק וואָס זיי האָבן אונז פיינט, די ווייסע ! — טרייסט פּארקער.

— און זיי, די ווייסע, האַלטן אין איין שרייען, אַז מיר, דאָס שוואַרצע פאָלק, פאַרפּלייצן די שטאָט, רוקן זיך שוין אַזש צום בולוואַר ! — לאַכט גיפטיג בייטמאַן.

— די ווייסע גנבים שרייען, מאַכן אַ טומל, מיר זאָלן ניט באַמערקן ווי מיר גייען אונטער, — דריקט מיט דער פויסט בייטמאַן.

פון די געשפּרעכן מיט זיין חבר בייטמאַן און פון זיין שפּיל מיט די קינדער פראַלט זיך גלח פּארקער :

— אָט דאָס איז אַ לעבן !

שבת קריכט גלח פּארקער פּאַמעלאַך אַוועק אין דער ערשטער גאַס, וואו עס שטייט די אַלטע אידישע שולכל, דאָרטן אויבן, איבער דער שול, אין אַ קליין צימערל, וואוינט זיין פריינט, דער ראַבאַי פרידמאַן, מיט דער לאַנגער צעפּאַטלטער גרויער באָרד. גלח פּארקער קלעטערט שטיל אַרויף דורך די הינטערשטע טרעפּ. ראַבאַי פרידמאַן איז נאָך אונטן אין שול. פּארקער לייגט צו דאָס אויער צום טיר, וואָס פירט אַראָפּ אין שול. ראַבאַי פרידמאַנ'ס שטים רייסט זיך אַזוי וויינענדיג, קלאַנגדיג... פּארקער'ן כאַפּט אַזש אָן אַן אומעט. ער גייט צו צום גרויסן ספרים־שראַנק. ער נעמט אַרויס אַ גרויסן לאַנגן בוך ; די בלעטער זיינען אַזעלכע פאַר־געלטע און די אותיות אַזעלכע קליינע, שפּרינגענדיגע... פּארקער זשמורעט מיט די אויגן און איז ביי זיך ניט זיכער, צי ער האַלט ניט דאָס בוך אַמאָל מיטן קאָפּ אַראָפּ. ער שמייכלט און לייגט אים פאַרזיכטיג אַוועק. ער פאַרשטייט ניט ראַבאַי פרידמאַנ'ס באַיבל, ווי ער, ראַבאַי פרידמאַן, פאַרשטייט ניט זיין באַיבל.

דאָך האָלט ער פון ראַבאַי פרידמאַן. ער איז אים נאָנטער ווי אַלע אַנדערע גייסטלאַכע. ראַבאַי פרידמאַן רופט אים ניט מיט קיין אַנדערן נאָמען ווי גלח פּאַרקער. און אַז ער, פּאַרקער, ווייזט אים די באַיבל און פאַרטייטשט אים דאָרט אַ פּסוק, קוועלט ראַבאַי פרידמאַן:

— גוט, גלח פּאַרקער, גוט געכאַפּט!

דערהערנדיג ראַבאַי פרידמאַנ׳ס טריט אַף די טרעפּ, צינדט פּאַרקער גיך אונטער דעם גאַז־אויוון. דער ראַבאַי, וואָס האָט אַ ווייב ערגעץ אין פּאַלעסטינע, קעסטעט זיך דאָ אָפּן אויבער־שטיבל פאַר זיך און האָט אין גאַז־אויוון פאַררוקט אַ אידישן עסן נאָך פרייטאָג.

פּאַרקער איילט זיך מיטן אָנצינדן דעם אויוון. ער וויל ווייזן ראַבאַי פרידמאַן, אַז ער האָט ניט קיין טעות אין אים, אין פּאַר־קערן. ער האָט טאַקע אַ שאַרפן קאָפּ מיט אַ שטאַרקן זכרון, גע־דענקט וואָס מען זאָגט אים:

„דער אידישער געזעץ פאַרבאָט שבת אָנצוצינדן פייער און פאַרבאָט אפילו דעם אידן צו באַפעלן אָדער צו בעטן אַן אַנדערן אָנצוצינדן״.

זאָל ראַבאַי פרידמאַן זען, אַז ער געדענקט עס און פאַרשטייט עס און צינדט אָן דאָס פייער אַליין, פרייוויליג, עס זאָל אויסקוקן, אַז ער טוט עס פאַר זיך אַליין און ניט פאַר ראַבאַי פרידמאַן.

ראַבאַי פרידמאַן קלעטערט שווערלאָך אַף די טרעפּ, ווי ער וואָלט עפּעס אַ משא מיט זיך געשלעפּט. און גלח פּאַרקער וואונדערט זיך, קאָן ניט פאַרשטיין און וויל טרעפן וואָס אַזוינס שלעפּט דאָ דער ראַבאַי פרידמאַן.

ראַבאַי פרידמאַן קומט אַריין, האַלטנדיג די הענט אַרום גרויסן בויך, וואָס הענגט אַראָפּ, און ווען ער איז שוין אויבן אַף דער זייט טיר, לאָזט ער אָפּ די הענט מיט אַ מידן קרעכץ. פּאַרקער׳ן פאַר־כאַפּט דעם אָטעם, אים דוכט זיך, אַז אָט־אָט פאַלט אַראָפּ דער בויך און צעגיסט זיך אָפּן דיל.

ווי אַ קינד פון נעגערשן פאָלק, גרינג אַף לאַכן, וויל ער זיך

צעלאכן. דערמאָנט ער זיך, אַז עס איז ניט קיין „סאַלון“, און ראַבאַי פרידמאַן איז ניט פון די לאַכערס. ער האָט נאָך אים קיינמאָל לאַכן ניט געזען, אפילו ווען זיי קיבעצן ביידע איבער דעם רעפאָרם־ראַבאַי, דאָקטאָר גרין, און ער, גלח פּארקער, קייכט פון געלעכטער, טרייסלט זיך נאָר בא ראַבאַי פרידמאַן די באָרד אונטער, כאָטש ראַבאַי פרידמאַן האַלט זיך אין איין בעטן ביי אים, פּאַרקערן:

— הערט אויף, גלח פּאַרקער, דער בויך טוט מיר וויי פון לאַכן!

דער ראַבאַי פרידמאַן כאַפּט גיך אַ קוק אַף דעם געז־אויוועלע, וואָס ברענט שוין, גיט שטום אַ שמייכל צו פּאַרקער׳ן, גייט־צו צום קאָמאָד, נעמט ארויס אַ קליין פלעשל כרמל־וויין, גיסט אָן אַ גלעזל פול, מאַכט אַ ברכה, פאַרגלאָצט די אויגן. פּאַרקער וואַרפט דעמאָלט ארויס זיינע גרויסע ווייסל־אויגן, האַלט איין דעם אָטעם. ראַבאַי פרידמאַן גיסט אָן נאָך אַ גלעזל וויין, רוקט עס צו — צו פּאַרקערן, און ער, פּאַרקער, טרינקט עס פּאַמעלאַך, צוקלאַפּנדיג מיט די גראָבע ליפּן. ראַבאַי פרידמאַן ווייזט אים דאָס פלעשל, פּאַרקער וויל עס באַטראַכטן נאָנטער, ער ווייסט, אַז ס׳איז פון פּאַלעסטינע, פון וואַנען ראַבאַי פרידמאַן קומט. ראַבאַי פרידמאַן ציט דאָס פלאַש צוריק, פאַרדעקט עס שנעל מיט זיינע הענט. פּאַרקער פאַרשטייט, אַז ער טאָר עס ניט אָנרירן. ער וואָלט זיך געפונען באַליידיגט, נאָר ניט פון ראַבאַי פרידמאַן, ווייל ער פאַר־שטייט, אַז ער, פּאַרקער, טאָר זיך ניט אָנרירן, ניט ווייל ער איז אַ נעגער, נאָר אפילו דער ראַבאַי דאָקטאָר גרין טאָר זיך אויך ניט אָנרירן אָן דעם. עס איז אַ רעליגיעזער געזעץ, און דאָקטאָר גרין איז נאָר אַ קאָמעדיאַנט.

ראַבאַי פרידמאַן — עסט מיט אַפּעטיט און פּאַסמאַקעוועט זיך, און ער, פּאַרקער, שטייט די גאַנצע צייט אין אַ ווינקל, שטיל, ציט אין זיך דעם אָטעם. ער וואַרימט אָן די טיי און טרינקט אַליין די ערשטע גלאָז, כאָטש ער האָט ניט ליב קיין טיי און האָט אַ גאַנצן טאָג צוליב דעם אַ בויך־ווייטאָג. ער טוט עס, ווייל אַנדערש

וועט ראבאי פרידמאַן דעם טיי ניט טרינקען. עס איז געגן דער אידישער רעליגיע. ער, פּאַרקער, פאַרשטייט עס אפילו ניט, נאָר ער פרעגט ניט קיין קשיות; וויבאַלד עס איז אַ רעליגיעזער געזעץ, דאַרף מען בלינד פאָלגן — קיין שכל אין דעם דאַרף מען ניט זוכן . . .

ערשט נאָכן עסן פילט גלח פּאַרקער, אַז די מחיצה צווישן אים און ראבאי פרידמאַן איז שוין אויס. איצט זיינען זיי ביידע צוויי גייסטליכע, ער אַ קריסטלאַכער און ראַבאַי פרידמאַן אַ אידישער.

זיי אַמפּערן זיך ניט וועגן רעליגיע. סיי ער און סיי פרידמאַן האַלטן, אַז ביידע זיינען גערעכט: וואָס מ'איז געבוירן געוואָרן, דאָס דאַרף מען זיין. עס איז דאָ וויכטיגערס, וועגן וואָס צו ריידן. ראַבאַי פרידמאַן וויל זיך דאָס האַרץ אויסריידן, וועגן דעם ראַבאַי גרין, וואָס איז ניט מער, ווי אַ קאָמעדיאַנט, און אַז עס איז שלעכט מיטן אידישן פאָלק.

גלח פּאַרקער לאָזט אָבער ניט ראַבאַי פרידמאַנען צופיל ריידן וועגן דאָקטאָר גרין. וואָס איז דאָ צו מאַכן אַ וועזן? ראַבאַי פרידמאַן איז טאַקע גערעכט, גרין איז נאָר אַ „דזשאָוקער" — נאָר וואָס קאָן עס שאַדן אַזאַ קליינינגקייט אַזאַ שטאַרק פאָלק, ווי דאָס אידישע? עס איז צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט און גלאַנצט מיט זיין רייכקייט, וואו ער איז נאָר דאָ. דעם גאַנצן „מעין סטריט" האָט עס פאַרנומען... ער האָט יאָ צו באַקלאָגן זיך פאַר אים וועגן זיין נעגערשן פאָלק, וואָס ציט צו וויסע בלוט, פאַרלאָזט די שיינע געקרויזלטע האָר אין לאַנגע „שטרוי". ווי לאַנג, — זאָל ער, דער ראַבאַי פרידמאַן זאָגן, — קאָן אַזאַ פאָלק לעבן?

ראַבאַי פרידמאַן קרעכצט.

געוויס שלעכט. נאָר מיטן אידישן פאָלק שטייט עס ערגער: עס מישט זיך מיט קריסטן. ניט נאָר וואולפ'ס טאָכטער זינגט אין מעטאָדיסטישן טשוירטש, נאָר אַפילו די טעכטער פון בראַון און בערגער, זיינע אייגענע שול־אידן.

פּאַרקער מאַכט עס אַרונטער מיט דער האַנט:

— עס איז דאָך נאָר צום ציילן.

ראַבאַי פרידמאַן ווערט בייז:

וואָס קלאָגט ער, דער נעגער — זיי פאַרפּלייצן דאָך די גאַסן, דערגרייכן שוין דעם בולוואַר.

— וויפיל קינדערלאָך האָט איר, גלח פּאַרקער?

פּאַרקער האָט קיינמאָל וועגן דעם ניט געטראַכט און ווערט צעטומלט:

— וואַרט אַ ווײַלע, ראַבאַי פרידמאַן, כ׳וועל זיך דערמאָנען. אַ, יאָ, עלף.

ראַבאַי פרידמאַן שמייכלט:

— זאָרגט ניט, פּאַרקער, גאָט וועט העלפן. ער קוקט זיך מער אום אויף קליינע פעלקער, ווי אויף גרויסע.

פּאַרקער ווערט מוטיגער און זידלט זיך אַליין, וואָס ער איז אַ קלאָג־מענטש:

— אַ פאַרשאָלטענער קלאָג־נעגער!

ער איז אַזאַ מין מענטש, וואָס קוקט אַף אַלץ מיט יאוש... און ער פּרוּווט זיך מוטיגן...

זיין מוטיגקייט האַלט אָבער נאָר אָן, ביז ער קומט אין דער נעגערשער גאַס. דאָרטן זעט ער זיך אַרום, אַז ער איז דאָך גערעכט, ניטאָ די אַמאָליגע שיינע שוואַרצע פּנים׳ער. דער ראַבאַי פרידמאַן איז אַ גוטער, טרייסט ער. אָדער אפשר איז גערעכט זיין חבר, דער גלח בייטמאַן, וואָס זאָגט שטענדיק:

— טרוי ניט קיין ווייסן, מעג ער זיין אפילו ראַבאַי פרידמאַן, וואָס מאַכט זיך צו דיר גוט־ברודער!

* * *

פּאַרקער איז היינט בייז, ניט בלויז דערפאַר, ווייל היינט איז דער ערשטער טאָג נאָך דער דריי־חדשים׳דיגער וואַקאַציע — אָפּגעוואוינט פון אַרבעטן און בענקט נאָך דער נעגערשער גאַס. אים גייט היינט ניט אין אַלגעמיין. זיין ווייב האָט אים אָנגעגרייט אַ גוטן צובייס, מיטצוגעמען אַף דער אַרבעט, האָט ער עס פאַרגעסן. און ווייל ער האָט עס פאַרגעסן, הונגערט אים נאָך שטאַרקער. עס

איז אַפילו ניט ווייט צו אַ רעסטאָראַן, שטייט אָבער דאָרט אַ שילד: „בלויז פאַר ווייסע מענטשן".

גייענדיק צו דער אַרבעט, איז אים איינגעפאַלן אַ שטאַרקע טעמע פאַר אַ דרשה: טאַקע וועגן דעם, ווי טרויעריק עס איז דער צושטאַנד פון דער נעגערישער ראַסע, וואָס זייערע גלחים מוזן זיין דזשעניטאָרס אין פרעמדע געבעט־הייזער, און נעמען פאַר אַ ביישפיל זיך אַליין און אויך בייטמאַנען און נאָך און נאָך... און ווייזן, אַז שולדיק אין דעם זיינען די נעגערס מער נאָך ווי די ווייסע, ווייל זיי פאַרקויפן זיך פאַר אַביסל ווייס בלוט...

די טעמע איז אים געבליבן אין קאָפּ, נאָר אַרבעטנדיק, האָט זי זיך אויסגעוועפּט, און ער האָט פאַרלאָרן די באַגייסטערונג, אַזוי אַז ער קאָן איצט אַפילו ניט צוזאַמענבינדן די ווערטער. זיי זעען ביי אים אויס לעכערלאַך. פאַרקער בייסט זיך די פינגער פון כעס און זידלט זיך אַליין:

— פאַרשאָלטענער נעגער!

* * *

באַ די „בני איזראַעל" איז היינט אַ גרויסער יום־טוב: עס איז ניט בלויז די ערשטע יאָרלאַכע דערעפענונג פונם טעמפּל, נאָר אויך אַ נייער ראַבאַי איז אָנגעקומען. יענער, דאָקטאָר גרין מיטן יעזוס־פּנים'ל, וואָס האָט אויסגעקוקט ווי אַ ברודער צום רעוורענד יאָאַנוס, האָט פאַרלאָזן דעם טעמפּל און ער איז אָנגעקומען אַלס אַ ראַבאַי אין אַ גרויסער שול אין אַ גרויסער שטאָט.

ער איז אַוועק פון טעמפּל און איבערגעלאָזן נאָך זיך פאַר די טעמפּל־אידן אַן איידעלן טאַדלען מיט אַ חוזק'דיגן געלעכטערל.

ראַבאַי גרין איז געווען דער ערשטער ראַבאַי אין בולוואַר־טעמפּל און ער איז געווען דער, וואָס האָט זיך פאַרברידערט מיט די קריסטלאַכע גלחים, איינגעלאַדן אין טעמפּל חברים גלחים צו דרשה'נען און אַליין אויך געגאַנגען אין די קריסטלאַכע טשוירטשעס און זיי דאָרטן אויפגעוויזן, אַז „דזשודאַאיזם" איז באַלד אַזוי גייסטרייך ווי קריסטנטום.

דער פרעזידענט פון טעמפל, מר. וואולף, האט אים, דר. גרינען, ניט ליב געהאט, ווייל אים האט זיך געדוכט, אז דער כיטרער דאקטאר גרין לאכט פון אים אפ. מיט א כיון נוצט ער שווערע ענגלישע ווערטער אין זיינע „דרשות", ווייל ער ווייסט, אז ער, מר. וואולף, פארשטייט ניט אזעלכע הארבע ווערטער, און דר. גרין, מיט א כיון, פרעגט אים נאך דער דרשה:

— הער פרעזידענט, ווי איז אייך געפעלן מיין „סערמאן"?

אט אזוי האט ער אים איינמאל א פרעג געטאן, ווען ער האט גערעדט געגן מואווים און געגן א וואדעוויל־בילד, „דער פרעמדער", וואו אידן זיינען דארט געווען פארגעשטעלט אין אביסל א נאריש־לאכן אופן...

וואולף האט די „סערמאן" ניט געהערט, איז געווען פארנומען מיטן טראכטן, דעמאלט טאקע, וועגן „דעם פרעמדן", וואס „גייט" איצט אין זיין גרויסער מואווי־הויז „אמעריקע". דער מענעדזשער זיינער קוועלט און זאגט, עס „רייסט" אן. ער האט עפעס געהערט, ווי דער ראבאי האט דערמאנט דאס ווארט „דער פרעמדער", האט זיך אים אויסגעדאכט, אז עס איז א טעות.

נאכן „סערמאן" פרעגט אים, ווי תמיד, ראבאי גרין:

— מיסטער פרעזידענט, ווי געפעלט אייך מיין „סערמאן"?

— זייער גוט, — זאגט א ליגן מיסטער וואולף.

— איר האט מסתמא ניט גוט געהערט, מיסטער פרעזידענט.

— וואס הייסט, ניט גוט געהערט?

— געהערט? און גוט?

— געוויס, דאקטאר!

אף מארגן דערוויסט זיך וואולף, אז דער ראבאי האט אפגע־לאכט פון דער גוטער מואווי־בילד, און אז ער איז געקומען מיט פרעטענזיעס צו דאקטאר גרין: סטייטש, געגן מיין בעסטער מואווי?! איז ער, דאקטאר גרין, געשטאנען און געלאכט:

— איר האט חרטה, מיסטער פרעזידענט? איר האט דאך נעכטן געזאגט, אז ס'געפעלט אייך.

אזוי האט אויך איינמאל פאסירט מיטן ציוניזם. ער, מיסטער

וואולף, ניט קיין אַמעריקאַנער געבוירענער, געקומען ערגעץ פון דער ליטע, נאָר אַלע מיינען, אַז ער איז אַ דייטשישער, ווייל אַזוי שטייט געשריבן אין דעם לעקסיקאָן, וואָס די אָוונט־צייטונג האָט ארויסגעלאָזן: „מיסטער וואולף, דער אייגנטימער פון די דריי גרויסע מואווי־הייזער און פון אַ דעפּאַרטמענט־סטאָר, איז געבוירן געוואָרן אין יאָרן 1890 אין בערלין. זיין פאָטער איז געווען אַ באַרימטער דאָקטאָר, געשטאָרבן פּלוצים. איבערגעלאָזן די פאַמיליע אָן מיטלען צום לעבן. מיסטער וואולף איז געקומען אין אונזער לאַנד אָרים, נאָר אַדאַנק זיינע פייאיגקייטן האָט ער דורכגעבראָכן זיין וועג און היינט איז ער איינער פון די גרעסטע פינאַנסירן אין שטאָט".

מיסטער וואולף האָט ליב צו לייענען זיין אייגענע ביאָגראַפיע. ער לייענט און לאַכט... צופרידן וואָס ער איז אַ מענטש מיט קאָפּ, קאָן אָפּנאַרן די וועלט. זיין טאַטע משה — אַ דאָקטאָר... מאָזעס...

וואולף האָט קיינמאָל ניט געהאַלטן פון ציוניזם, ווייל ער האָט מיט זיין גוט אויג געכאַפּט, אַז דאָס איז ניט אַמעריקאַניש, אויס־געטראַכט פון עפּעס אַ „יוראָפּשן" אידן מיט אַ לאַנגער באָרד. ראַבאַי גרין האָט אויך גערעדט עטלאַכע מאָל וועגן „זייאָניזם". ער, וואולף, האָט עס ניט פאַרשטאַנען, ווי ער פאַרשטייט ניט אַלע זיינע רעדעס. ער האָט אַזוי פיל געכאַפּט, אַז דאָקטאָר גרין לאַכט אויך אָפּ פון „זייאָניזם".

וואולף איז אָבער ניט פון די עקשנים. ער בייט זיין מיינונג, ווען ער זעט איין, אַז ער איז אומגערעכט. אַזוי איז אויך געווען מיט „זייאָניזם". וואולף האָט איינגעזען, אַז ער איז ניט גערעכט. „זייאָניזם" איז ניט געגן אַמעריקע. דערגאַנגען איז ער עס ניט דורך ביכער און אויך ניט דורך דרשות. פון די ביידע זאַכן האָט ער ניט געהאַלטן. דאָס איז אַ זאַך נאָר פאַר לײדיקגייער! כאָטש אַמאָל פלעגט ער אַ טראַכט טאָן:

— אַ, ווען איך האָב בילדונג, קער איך איבער די וועלט.

דאָס איז אָבער מער ניט געווען ווי א צייט־שטימונג. באַ־שטימט האָט ער געטראַכט און אויך געזאָגט:

— בילדונג איז מער ניט ווערט, ווי פערציג דאָלאר א וואָך, און דאָס קריגט מיין בוכהאַלטער.

זיין טעות אין זייאָניזם האָט ער געכאַפּט מיט זיין קלוגן קאָפּ, ווי עס וועט זיך ווייטער דערציילן:

* * *

אין שטאָט איז געווען א פאַבריק, וואָס האָט אויסגעאַרבעט כעמישע שטאָפן. געשטאַנען איז די פאַבריק הינטערן שטאָט, דאָס הייסט, אַף יענער זייט שטאָט־גרענעץ אַזוי, אַז די פאַבריק האָט ניט געדאַרפט צאָלן קיין שטאָט־ אָפּצאָל. די כעמישע שטאָפן, וואָס די פאַבריק האָט אויסגעאַרבעט זיינען געווען שאַרפע און מיט א שטאַרקן גערוך... געיאָגט א מיאוסן ריח יעדן פאַרנאַכט אַף שטאָט און אפילו אַפן בולוואַר.

די מענטשן פון בולוואַר האָבן עטלאַכע מאָל געפּרובירט פאַר־באָטן די פאַבריק, געשטעלט אין געריכט דאָקטוירים, וועלכע האָבן דערקלערט, אַז דער כעמישער גערוך איז שעדלאַך פאַרן געזונט, האָבן אפילו באַוויזן מיט ציפערן, אַז די שטערבלאַכקייט אין שטאָט האָט זיך פאַרגרעסערט זינט די פאַבריק האָט זיך געעפנט. זיי זיינען אָבער געבליבן מיט א נאָז. דער אַדוואָקאַט פון פאַבריק פלעגט אָוועקשלעפּן דעם פּראָצעס ביז וואַשינגטאָן און דאָרט איז עס איינגעשלאָפן צווישן די ביכער.

ווער עס איז דער באַלעבאָס פון פאַבריק, האָט קיינער ניט געוואוסט. מ׳האָט נאָר גערעדט, אַז דאָס געהערט צו אַן ענגלישער פירמע, וועלכע איז פאַרבונדן מיט א גרויסער אַמעריקאַנער גומי־פאַבריק. מ׳האָט אויך געוואוסט אין שטאָט, אַז דער פּרעזידענט פון דער ענגלישער פירמע קומט יעדן יאָר צופאָרן אין שטאָט, באַקוקט די פאַבריק און פאָרט צוריק אַוועק מיט א ליבן, צופרי־דענעם שמייכל...

א פּיפּיגער רעפּאָרטער פון דער שטאָטישער רעפּובליקאַנער צייטונג, וואָס איז געווען קלעניש אין האַרצן און האָט נאָר מורא

געהאַט עס אַרויסצואווייזן צוליב די רעקלאַמעס פון אידישן „מעין סטריט" האָט אַנטדעקט, אַז דער פּרעזידענט פון פאַבריק איז אַ רוסישער איד, אַ גרויסער כעמיקער, וואָס האָט אין מלחמה־צייט פאַרקויפט דער ענגלישער רעגירונג כעמישע באָמבעס, און דערפאַר האָט די ענגלישע רעגירונג די אידן אַוועקגעגעבן פּאַלעסטאַין און דער איד איז איצט „דער קעניג" פון די אידן.

וואולף האָט יענעם טאָג געקויפט אַן עקסטראַ צייטונג. ער האָט אַן ענגלישע צייטונג ווי־עס־איז געקאָנט דורכקריכן און ניט בלויז די נייס, נאָר אַפילו דעם ראָמאַן, האָט ער געלעזן און פאַרשטאַנען — און אַפילו די ווערטער, וואָס זיינען אים געווען שווער און אומפאַרשטענדלאַך — האָט ער ווי עס איז דעם זין אַרויסגעקראָגן. געקוואָלן וואָס ער האָט אַף זיך אַ קלוגן קאָפּ, כאָטש ניט־געלערנט — און ווייסט. נאָר דאָס שטיקל נייס וועגן דעם רוסישן אידן, וואָס איז אַזאַ מאַכער ביי דער ענגלישער „גאָווערנמענט", און לאַכט פון בולוואַר, וואָס מוז שמעקן און שווייגן, האָט ער זיך שוין אַליין ניט געטרויט צו לייענען און עס געגעבן פאַר אים איבערצולייענען דעם „בילדונג", וואָס קריגט פערציג דאָלאַר אַ וואָך — זיין בוכהאַלטער, מיסטער ראַסקין.

זינט דעמאָלסט האָט מיסטער וואולף שוין אַנדערש גענומען קוקן אַף „זייאָניזם". וויבאַלד, אַז דער, וואָס דרייט זיך אַרום מיט אַזעלכע זאַכן, איז ניט אַבי־ווער — איז עס מסתמא ניט אַ זאַך פאַר ליידיקגייער און רוסישע אידן.

ער האָט בלויז ניט געקאָנט פאַרשטיין, ווי קומט מים טייטעל, דעם פעדלער'ס טאָכטער, און דער שניידער סניטקין צום „זייאָניזם". זיי גייען ביידע מיט בלימעלאַך און פּושקעס איבער די הייזער.

וועגן דעם טאַקע האָט ער גערעדט מיטן ראַבאַי־דאָקטאָר גרין און אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז עס וואָלט געווען גאַנץ גלייך, ווען דער טעמפּל נעמט איבער דעם „זייאָניזם". ער האָט געוואָלט ווייזן זיין מחותן, דעם אַמעריקאַנעם דענוויק, אַז ער, וואולף, מיט

ווען דער אַלטער שעמט זיך און מיידט אויס, איז ניט אַבי־וועמען, ער איז נאָך העכער פון אַ בולוואַר־מענטש. ער האָט צו טאָן מיטן פּרעזידענט פון דער כעמישער פאַבריק, וועמען דער גאַנצער בולוואַר קאָן גאָרניט טאָן. נאָך יעדן משפּט אין געריכט, לאָזט די פאַבריק אַרויס נאָך שטאַרקערע און מיאוסערע ריחות.

דאָקטאָר גרין האָט אים אויסגעהערט און געשאָקלט אַף אַלץ מיטן קאָפּ אַזוי, אַז וואולף האָט ניט געקאָנט וויסן געווים וואָס ער מיינט: צי גיט ער אים גערעכט, אָדער ער לאַכט פון אים...

דאָס מאָל האָט אים מיסטער וואולף שוין ניט אָפּגעלאָזט. ער מוז וויסן, וואָס דאָקטאָר גרין טראַכט. ער האָט אים געגעבן איידל צו פאַרשטיין, אַז דאָקטאָר גרין קריגט שכירות און ניט וואולף. דעריבער דאַרף גרין וויסן און זאָגן: „איז זייאָניזם גוט, אָדער ניט?"

דאָקטאָר גרין האָט אַ קלוגינקן שמייכל געטאָן, אַרויפגעלייגט די האַנט מיסטער וואולפ'ן אַפן אַקסל און אַ זאָג געטאָן:

— זייאָניזם איז ניט פאַר אונז, אַמעריקאַנער. עס איז אַ געשעפט פאַר רבי פרידמאַן, וואָס זיצט אין שול אַפן אויבער־שטיבל און רוקט טשאָלנטלאָך.

מיסטער וואולפ'ן האָט זיך געדוכט, אַז דאָקטאָר גרין באַטאָנט צופיל דעם וואָרט „אונז אַמעריקאַנער" און גיט אים אָנצוהערן, אַז ער זאָל וויסן, אַז אַלעמען קאָן ער אָפּנאַרן, אַז ער איז אַ דייטשישער יאַהודי, נאָר ניט אים, דאָקטאָר גרינען: ער ווייסט, אַז וואולף איז ניט מער ווי אַ רוסישער יודע, און ווער נאָך האָט אַזוי פיינט די רוסישע יודן, ווי דאָקטאָר גרין...

וואולף האָט צוליב די אַלע זאַכן פיינט געהאַט דעם דאָקטאָר גרינען. וואולף האָט געקוקט אַפן טעמפּל, ווי אַף זיין דעפּאַרט־מענט־סטאָר, און דאָקטאָר גרין איז ניט מער ווי „בילדונג", זיין בוכהאַלטער.

וואולף האָט אַ סך מאָל געטראַכט, אַז דאָקטאָר גרין איז אַ „קריינק", וואָס מען דאַרף פון אים פּטור ווערן, שיקן צו אַלדי

טייוואַלים. פאַרן געלט, וואָס מען צאָלט אים, וועט מען קריגן אַן אַנדערן.

וואָלפ'ס טאָכטער, די שיינע בת־יחידה, האָט חתונה געהאַט פאַר דעם אַלטן באַנקיר דענוויק'ס זון. איר שווער איז פּרעזידענט אין דער מעטאָדיסטישער טשוירטש, און זי זינגט דאָרט אין כאָר. זי גייט קיינמאָל ניט אין טעמפּל, שעמט זיך וואָס אַזוינע זיינען דאָ אַף דער גאַס, ווייל דאָס דערמאָנט איר צופיל פונוואַנען זי קומט. זי האָט אָבער געהערט דאָקטאָר גרינען ריידן ביי זיי אין טשוירטש.

זי האָלט וואָלפ'ן אין איין שרעקן, אַז אַזאַ ראַבאַי וועלן זיי ניט קריגן, ווייל ביי אידן, גלויבט זי ניט, איז דאָ אַזאַ גוטער רעדנער. איר שווער, מיסטער דענוויק, זאָגט, אַז דאָס איז דער שענסטער איד, וואָס ער האָט ווען געזען.

וואָלף האָט שוין דעמאָלט אַלץ מוחל געווען דאָקטאָר גרינען. דערפילט, אַז ער, דאָקטאָר גרין, איז העכער, איז מער ווי „ביל־דונג“. און ניט בלויז ער אַליין איז הויך, נאָר ער האָט אים, וואָלפ'ן אויך אויפגעהויבן. ער, וואָלף, איז שוין כמעט אַזוי הויך, ווי דער מחותן זיינער, דענוויק, דער נאַרישער בעל־גאוה, וואָס טוט זיך אָן יעדן זונטאָג נאָכמיטאָג זיינע גאָלף־הויזן און קלאַפּט די רעשלאַך.

* * *

איצט נעמט ראַבאַי גרין און לאָזט איבער אים, וואָלפ'ן, מיט אַלע טעמפּל־אידן אַזוי, ניט געזאָגט אפילו קיין „גוטן־טאָג“, ווי צום טייוול געשיקט... און זיי מוזן שווייגן. ציייטונגס־רעפּאָר־טערס זאָלן עס ניט דערטאַפּן, און דער בולוואַר מיטן אַלטן דענוויק זאָלן האָבן וואָס צו לאַכן:

— געווען בא אידן אַ גוטער רעדנער, איז ער אויך אַוועק.

אַוועק איז דער דאָקטאָר גרין צוליב אַ נאַרישקייט:

דאָקטאָר גרין האָט געהאַט אַ ווייב, אַ טאָכטער פון אַ היימישן קצב, וואָס האָט אין נייעם לאַנד זיך אַרויפגעאַרבעט.

אין האַרצן אַ פרומער, כאָטש מענטשן האָבן געמיינט, אַז ער

איז עס ניט, ווייל דער אלטער קצב האט די פרומקייט באהאלטן: מורא געהאט טאמער איז עס ניט גוט פאר געשעפט... זיין טאכ־טער, וואס האט אין דער היים גע׳חלומ׳ט פון א ישובה־בחור, האט צוליב וואוילטאג די ישיבה־בחור־פאנטאזיע פארלארן און זיך אנגעכאפט אן א דאקטאר־אילוזיע...

דער טאטע, דער היימישער קצב, האט אויך געגלוסט צו האבן א דאקטאר אן איידעם, נאר ער האט מורא געהאט פאר גאט:

— אזוי אים אפטאן... גאט האט מיך רייך געמאכט, היינט גיי, נעם נאר א דאקטאר (א שונא פון גאט!).

א קלוגער שדכן האט אים דא ארויסגעהאלפן. געגעבן א חתן, וואס איז אי א רב, אי א דאקטאר.

דעם געוועזענעם קצב׳ס טאכטער און איצטיגע דאקטארשע, ניט קיין איבעריג קלוגע, האט אבער גוט געוואוסט, אז איר טאטן האט געגוג געלט געקאסט דער דאקטאר טיטול, וואס איר מאן דארף זיך מיט איר טיילן און זי האט איר חלק געפאדערט.

די דאמען פון טעמפל האבן זיך געטיילט אין צוויי קלאסן: דייטשישע און ווייבער פון ליטווישע און גאליציאנער אידן, וועלכע האבן געגלויבט אין ראבאי פרידמאן, נאר געמיינט, אז רעפארם פאסט שענער צו רייכקייט און עס וועט פארדעקן די אמאליגע ארימקייט, וואס וויל זיך ניט לאזן פארגעסן און שפרינגט ארויס אלע מאל, דוקא דארטן, וואו מ׳וויל ניט.

די אלע ווייבער האבן זי ניט געוואלט רופן דאקטארשע און גערופן פשוט מיסעס גרין. די „דייטשישע״ — ווייל זיי איז ניט אנגעשטאנען אפצוגעבן כבוד א „יוראפּשער״, און די ליטווישע מיט די גאליציאנער, וועלכע האבן געוואוסט דער דאקטארשע גרינ׳ס יחוס נאך מיט מער איינצלהייטן — האבן איר גלאט ניט פארגונען:

— פארוואס קומט עס איר?

דער דאקטארשע גרין האט ער פארדראסן. זי האט די ערשטע צייט געביסן מיט די ליפן און געשוויגן. אז דער כעס איז שוין געווען צופיל און גענומען אויפברויזן — האט די דאקטארשע גרין

געגומען די ווייבער פאר זייער באהאלטענעם געלעכטער — אפּצאָלן מיט אָפענעם אויסלאַכן . . .

דאָקטאָר גרין האָט געוואוסט און פארשוויגן, אָבער געוואָרן אין זיינע „סעמאָנס" שארפער און בייסיגער. די פרויען פון טעמפּל האָבן זיך געפילט באַליידיגט און אויפגעהערט צו באזוכן דעם טעמפּל.

דאָקטאָר גרין האָט די טעמפּל־לייט דעריבער געוויזן, אז ער איז דאָקטאָר גרין, א מענטש, וואָס קאָן קריגן א גרעסערע שול און זיי זיינען נאָר — אויפגעאַרבעטע אידן, אפילו ניט קיין אמת־דייטשישע, און וואָס ער, דאָקטאָר גרין האָט זיי אזוי אויפגעהויבן.

* * *

מיסטער וואולף האָט אויסער די דריי גרויסע מואווי־הייזער אויך א גרויסע דעפּאַרטמענט־סטאָר. די גרויסע שטאָט, וואָס גיט אַרויס ראַבאַים, האָט אויך גרויסע מענער־קליידער פאַבריקן. מיסטער וואולף פאָרט אהין יעדע עטלאכע חדשים איינצוקויפן מענער־קליידער פאר זיין דעפּאַרטמענט־סטאָר.

צוליב זיין באַקאַנטשאַפט מיט דער שטאָט און אויך ווייל ער איז פּרעזידענט, ווערט מיסטער וואולף געבעטן פון טעמפּל־ראַט צו ברענגען א ראַבאַי.

אפן דריטן טאָג האָט שוין מיסטער וואולף ניט בלויז א ראַבאַי, נאָר אויך א פאַרטיגן באַריכט אָפּצוגעבן דעם טעמפּל־ראַט. אין באַריכט האָט ער געוואָלט אויפווייזן, ווי אזוי ער האָט דעם ראַבאַי אויסגעקליבן, מיט וואָס פאַרא קאָפּ־דריידלאַך ער איז אומגעגאַנגען, און באַווייזן מיט ציפערן וויפיל געלט ער האָט איינגעשפּאָרט דעם טעמפּל, ביים קריגן א ראַבאַי מיט פופציג דאָלאַר אפן חודש ביליגער.

דער באַריכט האָט זיך אים ניט איינגעגעבן. דער טעמפּל־ראַט האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין באַגייסטערונג. פאַרקערט, עטלאכע האָבן ביטול'דיג געשמייכלט און זיך גע'סוד'עט אָפּלאַכעריש. שולדיג איז געווען אין דעם ניט דער בוכהאַלטער, אף וועלכן ער האָט אף מאָרגן א גאַנצן טאָג געברוגזט, ווייל ער האָט ניט גוט

צוזאמענגעשטעלט די רעדע: ארייננגעוואָרפן אַ צו שווערן ענגליש, אַזוי, אַז עטלאַכע ווערטער האָט וואולף אַליין ניט געקאַנט אויס־ריידן און זיך פאַרהיקעט. נאָר שולדיג איז געווען ער, וואולף אַליין, ווייל זיין קאָפּ איז דעם לעצטן טאָג ניט געווען דערביי. אים איז געלעגן אין זינען גאָר די גרויסע פּאַרטיע אנצוגן, פאַר וועלכע ער האָט אַזוי טייער באַצאָלט, און צום סוף זיינען דאָ אין שטאָט ניטאָ קיין בעלנים.

ער האָט טאַקע געוואָלט אריבערגיין אַף דעם ענין. זיי דער־ציילן, ווי שלעכט די צייט איז אין שטאָט, און טאַקע נעמען פאַר אַ משל זיינע גוטע אנצוגן, וואָס האָבן ניט קיין קונים, כאָטש ער האָט די אַנצוגן אַזוי גוט רעקלאַמירט.

זיצן אָבער אין טעמפּל־ראַט עטלאַכע מענטשן, וואָס זיינען זיינע קאָנקורענטן, און זיי דאַרפן ניט וויסן זיינע געשעפטן. ווידער זיינען דאָרטן געווען עטלאַכע, וואָס וואָלטן געלאַכט פון אַזאַ פילאָזאָפיע...

* * *

מיסטער וואולף קומט תמיד אין טעמפּל צום שפּעטסטן, ער וויל אַז אַלע זאָלן זען, ווי דער פּרעזידענט קומט־אָן... אים וואָלט זיך גרייליך געוואָלט איינפירן, אַז ווען ער קומט־אָן, זאָל מען געבן אַ פּאַטש אין בעלעמער, ווי ער געדיינקט עס פון דער אַלטער היים, ווען דער גביר פלעגט קומען שפּעט. פאַרשטאַנען האָט ער אָבער, אַז אַזוינס קאָן ניט געמאָלט זיין, ווייל דאָ איז אַמעריקע, ניט „יוראָפּ". ער האָט אָבער יאָ פאַרגעשלאָגן דאָקטאָר גרינען, אַז ווען ער קומט אָן, זאָל זיך דער „אָרגל" צעשפּילן. דער ממזר־קלוגער דאָקטאָר האָט עס קיינמאָל ניט געטאָן. וואולף פלעגט דערפאַר, אַף צו־להכעיס דאָקטאָר גרינען, קומען דער לעצטער און האַלטן דאָקטאָר גרינען מיט דער הילף פון טעלעפאָן געבונדן, ווי אַ הונט אַף אַ קייט:

— פּליעז, ראַבאַי, וואַרט מיט אייער „סערמאָן" ביז איך וועל קומען!

היינט איז ער געקומען דער ערשטער, נאָך איידער די זון

האָט זיך געזעצט. די טירן פון טעמפּל זיינען נאָך געווען צוגע־מאַכט, און וואולף, פאַר אַזוי פיל יאָרן אַ פאַרהאַרטעוועטער, האָט אַ פרייע שעה, וואָס ער האָט ניט געוואוסט מיט איר וואָס צו טאָן, און דאָס ערשטע מאָל דערזען ווי די זון פאַרגייט פון מידקייט אַ רויט־צעפלאַמטע...

דעם אָוונט איז דער ערשטער אַרויסטריט פון נייעם ראַבאַי, אַ יונג בחור׳ל, מיט ענגלישע גאוה׳דיגע וואָנסעלאַך, וועמען ער, וואולף, האָט געבראַכט פון דער גרויסער שטאָט פאַר פופציג דאָלאַר אַ חודש ביליגער, ווי דאָקטאָר גרין.

וואולף איז געווען אַ גאַנצן טאָג אַנגעצויגן און אומרואיג, האָט ניט געקאָנט איינזיצן אויף איין אָרט. געהאַלטן אין איין אַרומלויפן און קוקן אויפן זייגער, פונקט ווי אין די טעג, ווען אין זיין גרויסער מואווי־הויז „אמעריקע" האָט אָנגעהויבן צו גיין דאָס בילד „דער גנב פון באַגדאַד", פאַר וועלכע ער האָט געצאָלט אַזאַ גרויסע סומע געלט, און ער האָט ניט געזען פאַרוואָס, כאָטש זיין בוכהאַלטער מיט זיין פאַרוואַלטער זיינען אַרומגעלאָפן איבער די מואווי־הויז און געשריען:

— דער טעאַטער וועט זיין צו קליין.

דאָ וואָלט אים ניט געאַרט אַפילו, ווען דער ראַבאַי „פאַלט" דורך. עס איז דאָך ניט קיין מואווי־בילד און נאָך אַלעמען קאָן דאָך דער נייער ניט זיין אַזוי „גוט", ווי דאָקטאָר גרין. ער איז דאָך ביליגער מיט אַזוי פיל געלט. וואולף צילט דאָ אָבער עפּעס: ער וויל ווייזן זיי, די טעמפּל־אידן, אַז ער, וואולף, כאָטש ער איז ניט אַזוי געבילדעט, נאָר ער פאַרשטייט, וואָס בילדונג איז. און ניט אַזוי ווייזן זיי, די טעמפּל־אידן, וואָס ער האָט מיט זיי קנאַפּע עסקים, נאָר דעם אַלטן הערצ׳ן, אָט דעם, יחסנ׳דיגן עובר־בטל, וואָס רעדט אַזוי שטיל, מיט געציילטע ווערטער, ווי זיין, וואולפ׳ס, גוי׳עשער מחותן, דענוויק, מיט וועמען ער, הערץ, חבר׳ט זיך אַזוי און וועגן וואָס נאָר ער רעדט, זאָגט ער אַלץ: „איך און דער באַנקיר דענוויק". הערץ טוט זיך אַן יעדן זונטאָג נאָכמיטאָג אין די גאָלף־הויזן און פאָרט מיט דענוויקן שפּילן גאָלף.

וואולף ווייס, אַז ווען נאָר ער, הערץ, קומט זיך צוזאַמען מיט

דענוויקן, לאכן זיי אָפּ פון אים. דער אַלטער הערץ איז שוין דער דריטער דור אין לאַנד; זיין טאַטע האָט אים איבערגעלאָזן אַ גרויסן דעפּאַרטמענט־סטאָר, וועלכן ער האָט פאַרפּאַטערט אין פּאָוקער שפּילן, און איצט לעבט ער נאָר פון אַ גרויס הויז, וואָס ער האָט ניט געקאָנט פאַרשפּילן, ווייל עס איז פאַרשריבן אַף דער ווייב׳ס נאָמען.

הערץ האָט ליב פּאַרצושטעלן פאַר דענוויקן, ווי וואולף האָט געטריבן אַמאָל אַ פערדל מיט שמאַטעס, און געקלאַפּט אין די טירן מיט אַ געזאַנג:

— רעגס! רעגס!

אָדער ער שטעלט פאָר ווי וואולף עסט און רוקט דאָס מעסער אין מויל.

דענוויק, וואָס איז אַף אים, וואולפ׳ן, אין כעס, ווייל ער גלויבט, אַז וואולף האָט מיט אַ כיון פאַרנאַרט זיין זון, כדי ער, דענוויק, זאָל ווערן זיין, וואולפ׳ס מחותן, קייכט פון געלעכטער און נעמט נקמה כאָטש אין הערצן פון וואולפ׳ן...

וואולף מאַכט זיך ניט ווייסנדיג. און אַז ער טרעפט אָן דענ־וויק׳ן — און זייער אָפט, ווייל ער האַלט זיין געלט ביי דענוויק׳ן אין באַנק — גיט ער אים שטענדיג אַ זאָג:

— העלאָ, פּאַ! וואָס מאַכן אונזערע קינדער?!

איצט, אַז דער ראַבאַי וועט דורכפאַלן, וועט עס ווידער זיין אַ נייע טעמע פאַרן אַלטן הערצ׳ן.

שפּאַצירט ער, וואולף, אַרום טעמפּל אָנגעשפּאַרט אַף זיין צעפּאַלדעטן שירם. אים פאַרדריסט שוין די גאַנצע געשיכטע; צו וואָס איז ער געפאָרן נאָך אַ ראַבאַי, ווידער האָט ער נאָך דאָרט, אין שטאָט, געדאַרפט זאָגן צו דעם בחור׳ל, וואָס רופט זיך דאָקטאָר:

— דאָקטאָר העקער, קומט אַרויף צו מיר אין האָטעל, שטעלט זיך אַף אַ ביינקל און האַלט אַ „סערמאָן”. דעמאָלט וואָלט ער געוואוסט ציי ער קאָן. קיין בילדונג האָט ער טאַקע ניט, נאָר אַ מבין אַף בילדונג איז ער דאָך יאָ, און ניט גלויבן דעם אַלטן עובר־

בטל׳דיגן דאָקטאָר פּעם, וואָס האָט רעקאָמענדירט אָט דעם יונגן בחור׳ל, דאָקטאָר העקער...

* * *

די זון איז שוין פאַרגאַנגען. אַפן הימל הויבט אָן זיך אויסצו־שניידן אַ לבנה. דער טעמפּל האָט זיך העל באַלויכטן. דער בולוואַר ווערט פול מיט אויטאָמאָבילן, וואָס צעשטעלן זיך נעבן טעמפּל. דער דזשעניטאָר פאַרקער עפנט די אויטאָמאָביל טירן, נויגט זיך קנעכטיש־ליב און נעגערש־פאַרביסן און ווירדיג גלח׳דיג צו די נעגערשע שאָופערן.

מיסטער וואולף באַגריסט זיך מיט יעדן, נאָר ניט שטאָלץ, ווי שטענדיג, בלויז מיט אַ קליינעם, שוואַכן קאָפּ־נויג, נאָר ווייך־ליבלאַך...

נעבן טעמפּל שטעלט זיך אָפּ אַ גרויסער, נייער אויטאָמאָביל. עס קריכט אַרויס הער און מאַדאַם בען שענפּיל. דער אויטאָ־מאָביל טראָגט אַפן צודעק פון הינטערשטן ראָד אַ גרויסן ספּעציעל געמאַכטן מאָנאָגראַם „ב. ש.״

בען שענפּיל — איז אויך, ווי וואולף, אַליין אַן אַרויפגעאַר־בעטער, נאָר ער איז ניט, ווי וואולף, שוין אַן אַלט־פּאַרצייטיגער, נאָר ערשט גאָר ניט לאַנג נאָך געוועזן אַן אָרעמער איד פון דער ערשטער גאַס, נאָר צוליב דער גזירה אַף שטאַרקע געטראַנקען האָט ער דורך זיין באַקאַנטשאַפט מיט „אַנקל״ דזשימי זיך „אַרויפ־געהויבן״. שענפּיל איז ניט קיין דורך און דורך טעמפּל־איד, ווייל ער איז ניט זיכער צי איז טעמפּל גוט גענוג פאַר גאָט און צי גאָט קומט בכלל וואו מען רעדט און מ׳דאַוונט אַף ענגליש.

צו זיין געזיכערט, איז ער אויך אַ מיטגליד אין דער שול אַף דער ערשטער גאַס, וואו ראַבאַי פרידמאַן דאַוונט פאַרן עמוד. ראש־השנה האַלט שענפּיל צוגעמאַכט זיין קאָנטאָר ביידע טעג, און נאָך דעם ערשטן טאָג קומט ער אין טעמפּל, וואו ער זיצט אַ שווייגנדיגער און הערט זיך צו מיט מורא און ניט זיכערקייט צום וויינענדיגן אָרגל. אַפן צווייטן טאָג זיצט ער שוין אין שול

אף דער ערשטער גאס און קלאפט זיך אין הארצן שרייענדיג מיט אלעמען צוגלייך:

— חטאתי!...

מיסטער וואולף האט פיינט שענפיל'ן, ווייל ער, שענפיל, מאכט נאך אים, וואולפ'ן — ער וויל ווערן א צווייטער וואולף און טוט עם מיט דערפאלג... שענפיל האט אויך פיינט וואולפ'ן, ווייל ער וויים, אז וואולף איז שולדיג אין דעם, וואס ער, שענפיל, פאלט שטענדיג דורך, ווען ער שטעלט ארוים זיין קאנדידאטור פאר א מיטגליד אין טעמפל־ראט.

ער וויים אויך, אז וואולף גרויסט זיך אנטקעגן אים, האט פארקויפט זיין פיערם־עראו לימאזין נאר דערפאר, ווייל שענפיל האט אויך אזא איינעם מיטן זעלבן קאליר געקויפט.

אן אויסנאם איז אין ניי־יאר־נאכט. דער טעמפל־קלוב ארדנט דעמאלסט איין א טאנץ, און זי, מאדאם שענפיל, טוט אן א שטארק דעקאלטירטע קלייד, דעמאלסט טאנצט מיט איר מיסטער וואולף, און טאנצנדיג האט ער ליב זי צו קנייפן אין די ווייכע, נאקעטע הענט... אזוי שטארק, אז פאר וואכן־לאנג האט מאדאם שענפיל רויטע, צעקניפטע הענט און זי מוז שוין דעריבער טראגן א קלייד מיט לאנגע ארבל, וואס זי האט עס פיינט, ווייל איר דורכט זיך, אז אירע אזוי צו־לאנגע הענט ווערן נאך לענגער...

* * *

איצט האט זיך הער וואולף, ווי פארגעסן אן אלץ, ווער ער איז און האט זיך ליבלאך באגריסט מיט די שענפיל'ס. ברייטלאך, ווי גוטע באקאנטע, זיך געדריקט די הענט. שענפיל האט זיך געאיילט אין טעמפל און וואולף האט אים אפגעהאלטן.

— איילט זיך ניט, הער שענפיל, דער ראבאי, גלויב איך, איז דער בעסטער, וואס מיר האבן ווען געהאט. ער איז ניט ווי דאקטאר גרין, וואס שטעלט זיך „ריידן", ניט ווארטנדיג אפן פובליקום.

וואולף האט ארויסגעלייגט גוט־ברודעריש זיין האנט אף

שענפּיל׳ס אַקסל און אים גענומען אַרומפּירן איבערן ווייסן גע־פלאַסטערטן טראָטואַר.

— איר זעט, הער שענפּיל, אונזער טעמפּל (דאָס וואָרט „אונזער״ שטאַרק באַטאָנענדיג, וועלנדיג מיט דעם ווייזן שענפּיל׳ן, אַז ער האַלט אים פאַר אַזאַ מיטגליד ווי אַלעמען) — אונזער טעמפּל האָט דעם מיאוסטן דאַך.

מיסטער שענפּיל קוקט אַפן דאַך און כאָטש ער קאָן ניט זען פאַרוואָס — אויב אַ דאַך, דאַרף עס האָבן זיין שול אַף דער ערשטער גאַס — דאַך שאָקלט ער מיטן קאָפּ:

— גערעכט, מיסטער וואולף! אַ חרפּה פאַר די אַמעריקאַנער!

— די פינאַנסן פון טעמפּל דערלויבן אָבער ניט צו דעקן איצט אַ נייעם דאַך.

שענפּיל כאַפּט גלייך, וואָס מיסטער וואולף מיינט, און זעט, אַז ער וועט זיך דאָ שוין ניט אַרויסדרייען:

— איך גיב אַ הונדערטער.

וואולף דריקט אים באַגייסטערט די האַנט:

— איך דאַנק אייך, מיסטער שענפּיל!

שענפּיל׳ן פאַרדריסט גלייך, וואָס ער האָט זיך געלאָזט אַריינ־נאַרן פון כיטרען וואולף. ער וועט אַליין נאָכדעם אָפּלאַכן און זיך באַרימען, ווי ער האָט אַרויסגעקראַגן פון שענפּיל׳ן אַ הונדערטער... ער וויל עפּעס וואָס אַריינזאָגן וואולפ׳ן, אים ווייזן, אַז ביי אים איז אַ הונדערטער גאָרניט און ער האָט עס אים געגעבן, נאָר ווייל ער האָט אים געוואָלט דערין איבערצייגן... נאָר די ווערטער קריכן ניט פון האַלז, שטיקן זיך. רייסט ער זיך אַרויס און לאָזט וואולפ׳ן שטיין אַזוי מיט אַ האַלב אָפענע מויל. ערשט אַף די טרעפּ שפּייט ער אויס און ברומט כעס׳דיג:

— וואולף, חזיר, כבוד נעמט ער פאַר זיך און געלט ביי מיר!

דער אָרגל האָט אָנגעהויבן צו שפּילן. מיסטער וואולף האָט זיך געלאָזט אין געאיילט לויפן אַף די טרעפּ און איז געבליבן שטיין. אַ געדאַנק איז אים דורכגעלאָפן אין מח:

— וואולף, גיי אַהיים. זעסט ניט, אַז דאָס יונג מענטשעלע,

וואס שטייט אפן בעלעמער מיט די אראפגעלאזטע אויגן, איז א דורכפאל. וואס דארפסטו זיין די כפרה־הינדל? דאס איז דאך ניט דיין מואווי־הויז „אמעריקע״. זע נאר ווי דו ווערסט דער־נידעריגט. דארפסט אפילו ווערן גוט־ברודער מיט אזוינעם ווי שענפיל. קוק, וואולף, זע נאר צו וואס דארפסטו דעם טעמפל אינגאנצן, וויניג געבעט־הייזער, הויב אויף דיינע אויגן און זע... נאר, דו איינער, גיי אהין אין יענעם טשווירטש, דארט איז דיין בת־יחידה. זי זינגט איצט אין קלויסטער.

דער ארגל ווערט שטארקער און אומעטיגער. וואולף גיט אן עפן האסטיג די טיר, ווי עמיץ וואלט אים געיאגט און וויל אים פארצוימען דעם וועג אין טעמפל.

עס איז מיין טעמפל, איך בין וואולף און טו וואס איך וויל, א גוטער, א שלעכטער ראבאי, מיר געפעלט ער — ארעמעלייט, פופציג דאלאר איז א סך געלט...

נענער פארקער דרייט אן דעם גרויסן לאמפ ביים אלטאר, גיט נאכאמאל א קוק אפן יונגן בחור׳ל, וואס זשמורקעט מיט די אויגע־לאך און לויפט ארויס פון טעמפל...

זעענדיג דעם יונגן בחור׳ל, וואס איז שוין א ראבאי אין אזא גרויסן טעמפל, האט עס פארקער׳ן אויסגעקוקט, ווי א שטיפער א אינגל, וואס האט זיך אנגעטאן אין טאטעשים זאכן און גייט דא מאכן קונצן...

א גאנצן אוונט האט זיך פון אים געריסן, ביז צום דערשטיקן, פרייער נענערשער קלינגענדיגער געלעכטער. ער האט עס מיט זיין־קריצעניש געמוזט פארלייגן.

איצט אליין, פריי, הינטערן טעמפל אפן גראז, האט זיך דאס געלעכטער שטראמיג, ווי טויזנטער טייכן, צעעפנט. לאכט ער און לאכט...

אז ער בלייבט שטיל, ווי דאס גאנצע געלעכטער שוין אויס־געגאסן, גיט ער א קוק אף דער לבנה און עס דוכט זיך אים, אז דארט אויבן אין דער לבנה, זעט ער נאך א ברודער נענער; אויך א לאכנדיגען.. לאכט ער און לאכט...